מ. י. לערמאַנטאָוו.

# דער העלד פון אונזער צייט.

יודיש: ד. קאַסעל.




פערלאַג „א. ניטליך".

וואַרשוי

# פָאררואָרט.

(1839—1840)

אין יעֶדען בוך איז דאָס פאָררואָרט די ערשטע און צו-
זאַמען דערמיט אויך די לעצטע זאַך; אָדער דאָס דיענט פאַר אַ
קאָמענטאַריע צו דעם צוועק פונ׳ם ווערק, אָדער דאָס איז אַ
פערענטפערונג און אַ תשובה אויף דער קריטיק. אָבער סיי דער
מאָראַלישער צוועק און סיי די אָנפאַלען פון זשורנאַלען געהען
געוועהנליך נישט אָן די לייענער און דעריבער לייענען זיי
גאָרנישט דאָס פאָררואָרט. אַ שאָד, וואָס דאָס איז אַזוי, בעזונ-
דערס ביי אונז. אונזער פובליקום איז נאָך אַזוי יונג און נאַ-
איוו, אַז עס פערשטעהט נישט קיין פאַבעל, אויב עס פעהלט
צום סוף אַ מוסר-השכל. עס פערשטעהט נישט קיין וויץ, פיהלט
נישט קיין שפאַס. דאָס פובליקום איז פשוט שלעכט דערצויגען.
עס ווייס נאָך נישט, אַז אין אַנ׳אָנשטענדיגער געזעלשאַפט און
אין אַנ׳אָנשטענדיגען בוך קאָן נישט דערלאָזט ווערען קיין זיד-
לעריי, אַז די מאָדערנע בילדונג האָט ערפונדען אַ מעהר-שאַרפע-
רעס געוועהר, וואָס לאָזט זיך כמעט נישט מערקען און איז דאָך אַ
טויט-געוועהר, וואָס גיט אַ מעכטיגען און אַ זיכערן קלאַפּ אונ-

טער׳ן מאַנטעל פון חניפה, אונזער פובליקום איז ענליך צו אַ פראָווינצער, וואָס האָט אונטערגעהערט אַ שמועס פון צוויי דיפּלאָמאַטען, וועלכע געהערן צו פיינדליכע הויפען און איז געבליבען ביי דער דעה, אַז יעדער פון זיי נאַרט-אָפּ זיין רעגירונג לטובת דער געגענזייטיגער צערטליכסטער ליעבע.

דאָסדאָזיגע בוך האָט נאָך גאָר נישט לאַנג געשפּירט אויף זיך דעם אונגליקליכען צוטרוי פון מאַנכע לייענער און זשורנאַלען אין דער בוכשטעבליכער בעדייטונג פון וואָרט. אַנדערע האָבען זיך שטאַרק בעליידיגט, און נישט אויף געלעכטער, דערפאַר, וואָס זיי ווערט געשטעלט אַלס מוסטער אַזאַ אונמאָראַלישער מאַן, ווי דער העלד פון אונזער צייט; מאַנכע, ווידער, האָבען זעהר קלוג בעמערקט, אַז דער מחבר האָט אָנגעצייכענט דעם פּאָרטרעט און פּאָרטרעטען פון זיינע בעקאַנטע... אַן׳אַלטער און אַ צרה׳דיגער וויץ. נאָר רוסלאַנד איז שוין, אפנים, אַזוי בעשאַפען, אַז אַלץ ווערט אין איהם בענייט, אויסער דידאָזיגע נאַרישקייטען. די סאַמע כשוף׳דיגסטע פון כשוף׳דיגע מעשה׳לעך וועט ביי אונז קוים אויסמיידען דעם פּאָרוואורף אין פּערזאָן-בעליידיגונג*).

דער העלד פון אונזער צייט, מיינע גנעדיגע הערן, איז באמת אַ פּאָרטרעט, אָבער נישט פון איין מענשען: דאָס איז אַ פּאָרטרעט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון אַלע פעלערן פון אונזער דור, אין זייער גאַנצער גרויס. איהר וועט

*) מיר קלאָגען זיך אויף דאָס מיספערשטענדניש פון פובליקום, נישט אויף די זשורנאַלען: זיי אַלע זענען כמעט געווען מעהר ווי גוט געניגט צו אונזער בוך, אַלע, אויסער איינעם, וואָס האָט אַזוי ווי אומישנע צוזאַמענגעמישט אין זיין קריטיק דעם נאָמען פון מחבר מיט דעם העלד פון זיין דערצעהלונג, האָפענדיג, אפנים, אַז קיינער וועט איהם נישט לייענען. הגם די פיזיאָנאָמיע פון דעמדאָזיגען זשורנאַל דיענט איהם גאַר אַ גענײגליכער שוץ, דאָך אַז מען לייענט-דורך די גראָבע און נישט-אָנשטענדיגע זידלערײ, בלייבט-איבער אַן׳אונאָנגענעהם געפיהל, ווי נאָך אַ בעגעגעניש מיט אַ שכּור אויף דער גאַס.

מיר ווידער זאָגען, אַז אַ מענש קאָן נישט זיין אַזוי שלעכט; און איך וועל אייך זאָגען, אַז אויב איהר האָט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פון אַלע טראַגישע און ראָמאַנטישע גזלנים, טאָ פאַרוואָס גלויבט איהר נישט אין דער ווירקליכקייט פון אַ פּע-טשאָרינ׳ען? אויב איהר האָט זיך געקוויקט מיט שרעקליכערע און ווילדערע בבא-מעשיות, טאָ פאַרוואָס זאָל דערדאָזיגער כאַראַקטער, אפילו אַנ׳אויסגעטראַכטער, נישט נושא-חן-זיין ביי אייך? נישט דערפאַר אפשר, וואָס אין איהם איז פאַרהאַן מעהר אמת, ווי איהר וואָלט עס געוואָלט?..

איהר וועט זאָגען, אַז די מאָראַל וועט דערפון ווייניג אויס-שפּיעלען... ענטשולדיגט. גענוג צו שפּייזען מענשען מיט זיסע זאַכען; דערפון וועט זיי קאַליע ווערען דער מאָגען; מען בע-דאַרף האָבען ביטערע רפואות, בייסענדיגע אמת׳ן. אָבער מיינט נישט פונדעסטוועגען, אַז דער אויטאָר פון דעמדאָזיגען בוך האָט ווען-עס-איז געהאַט דעם שטאָלצען טרוים צו ווערען דער אויס-בעסערער פון מענשליכע פעלערן. גאָט זאָל איהם אויסהיטען פון אַזאַ מין עם-הארצות! איהם איז פשוט פרעהליך געווען צו מאָ-לען אַ מאָדערנעם מענשען, אַזוי ווי ער פערשטעהט איהם, און ער האָט איהם, צו זיין און אייער אומגליק, צו-עפטער בעגעגענט. עס וועט זיין גענוג, די קראַנקהייט זאָל אָנגעוויזען ווערען, אָבער ווי אַזוי זי צו היילען—דאָס ווייס שוין גאָט! (1841)

# I.

## ב ע ל אַ.

**איך בין** געפאָהרען מיט פּאָסטפערד **פון** טיפליס. דער גאַנ-
**צער געפּעק** פון מיין וועגעל איז בעשטאַנען פון אַ קליינעם
טשעמאָדאַן, ביז אַ העלפט אָנגעפּילט מיט רייזע-נאָטיצען איבער
גרוזיען. אַ גרויסער טייל פון זיי איז, צו אייער גליק, פערלאָ-
רען געגאַנגען, אָבער דער טשעמאָדאַן מיט די איבעריגע מכשירים
איז, צו מיין גליק, געבליבען גאַנץ.

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבען **בעהאַלטען הינטער** דעם
שנייאיגען באַרגרוקען, ווען איך בין אַריינגעפאָהרען אין דעם
קאָישאַאורער טהאָל. דער פוהרמאַן—אַנ׳אָסעטינער האָט כסדר גע-
טריבען די פערד, כדי אַרויפצוקריגען זיך ביז נאַכט אויפ׳ן קאָי-
שאַאורער באַרג, און האָט דעם האַלז געריסען זינגענדיג. אַ וואויל
אָרט דערדאָזיגער טהאָל! פון אַלע זייטען באַרג—רויטליכע פעל-
זען, נישט דורכצוגעהן, בעהאַנגען מיט גרינעם פלושטש און קו-
פּעס פּלאַטאַנעס, געלע צואַקערטע גריבער, און דאָרטען הויך-
הויך—אַ גאָלדענער פרוכת פון שנייען; אונטען האַלזט זיך די
אַ ר אַ ג וו ע מיט אַ צווייטען טייכעל אָהן אַ נאָמען, וואָס רייסט

זיך רוישיג אַרויס פון אַ שוואַרצען פינסטערן באַרגהייל; ווייטער ציהט זיך די אַראַגווע, ווי אַ זילבערנער פאָדעם, און שימערט, ווי אַ שלאַנג מיט איהרע שופּען.

צוגעפאָהרען צום פוס פון קאָישאַאורער באַרג, האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ ישוב. אַ פּאָר צעהנדליג גרוזינער און בערגלייט האָבען זיך דאָ געדרענגט מיט געפילדער: דערביי האָט זיך אָבגעשטעלט אַ קאַראַוואַן קעמלען אויף נאַכטלאַגער. איך האָב בעדאַרפט דינגען אָקסען אַרויפצושלעפּען מיין וועגעל אויף דעם פערשאָלטענעם באַרג, ווייל עס איז שוין געווען הערבסט און גלאַטער אייז — און דערדאָזיגער באַרג האַלט ביי אַ צוויי וויאָרסט די לענג.

קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען, און איך האָב אָנגעדונגען זעקס אָקסען און עטליכע אָסעטינער. איינער פון זיי האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויפ'ן רוקען מיין טשעמאָדאַן, די איבעריגע האָבען גענומען העלפען די אָקסען כמעט מיט בלויזע געשרייען.

הינטער מיין וועגעל האָבען פיער אָקסען געשלעפּט אַ צווייטען וואָגען, און כאָטש ער איז געווען פערלעגט ביז אַרויף, זענען זיי זיך געגאַנגען, נישט ווי זיי מיינט מען. דערדאָזיגער אומשטאַנד האָט מיך געוואונדערט. הינטער'ן וואָגען איז געגאַנגען דער בעל-הבית און גערויכערט אַ קליין קאַבאַרדינער ליולקעלע, בעפּוצט מיט זילבער. ער האָט געטראָגען אַן אָפיציערישען מונדיר אָהן עפּאָלעטען און אַ האָריגע טשערקעסען-קוטשמע. אויסגעזעהן האָט ער פון אַ יאָהר פופציג. דער טונקעלער פאַרב פון געזיכט האָט בעוויזען, אַז איהם איז שוין לאַנג בעקאַנט די הינטערקאַווקאַזער זון, אָבער די וואָנסען, וואָס זענען צופריה גרוי געוואָרען, האָבען נישט האַרמאָנירט מיט זיין פעסטען גאַנג און מונטערן אויסזעהן. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם און זיך אַ נויג געטהאָן. ער האָט שווייגענדיג געענטפערט אויף מיין בעגריסונג און אַרויסגעלאָזט אַ גרויסען קנויל רויך.

— דאַכט זיך, מיר זענען מיט אייך וועג-חברים.

ער האָט ווידעראַמאָל זיך פערנויגט שווייגענדיג.

—איהר פאָהרט, מסתמא, קיין סטאַווראָפּאָל?

„טאַק-ס טאָטשנאָ... מיט קאַזיאָנע זאַכען.“

—זאָגט, איך בעט אייך, פאַרוואָס שלעפּען פיער אָקסען אייער שווערען וואָגען שפּיעלענדיג און מיין לעדיגען וואָגען שלעפּען קוים זעקס אָקסען מיט דער הילף פון אָסעטינער?

ער האָט שעלמיש אַ שמייכעל געטהאָן און מיך שאַרף אָנגעקוקט.

„איהר זענט, מסתמא, נישט לאַנג אין קאַווקאַז?“

—אַ יאָהר,—האָב איך געענטפערט.

ער האָט ווידער אַ שמייכעל געטהאָן

—וואָס איז?

„אַזוי. דידאָזיגע אַזיאַטען זענען שרעקליכע בעסטיעס! איהר מיינט, אַז דאָס, וואָס זיי שרייען, העלפען זיי? דער שוואַציאָהר וויס זיי, וואָס זיי שרייען. אָבער די אָקסען פערשטעהען זיי. שפּאַנט-איין כאָטש צוואַנציג, און אויב זיי וועלען שרייען אויף זייער שטייגער, וועלען זיך די אָקסען פון אָרט נישט ריהרען... שרעקליכע רמאים! וואָס וועסטו מאַכען מיט זיי?.. האָבען ליעב צו רייסען געלד פון די דורכפאָהרענדיגע... האָט מען זיי צופּיעסטעט, די גנבים. איהר וועט זעהן, זיי וועלען נאָך פון אייך נעהמען אויף בראָנפען. איך קאָן זיי שוין. מיר וועלען זיי דעם קאָפּ נישט פערדרעהען!“

—און איהר דיענט שוין לאַנג?

„איך האָב שוין דאָ געדיענט פאַר אַלעקסיי פּעטראָוויטש'ן*)—האָט ער געענטפערט אַ שטראַהלענדיגער—„אַז ער איז געקומען אויף דער ליניע, בין איך געוועזן אַ פּאָדפּאָרוטשיק“—האָט ער צוגעגעבען—„און פאַר איהם האָב איך בעקומען צוויי טשינען פאַר'ן קאַמף געגען די בערגלייט.“

—און איצט, וואָס זענט איהר?..

„איצט ווער איך צוגערעכענט צו דעם דריי-ליניענדיגען

---

*) פאַר יערמאָלאָוו'ן (בעמערקונג פון לערמאָנטאָוו.)

באַטאַליאָן. און איהר, דערוועג איך מיך צו פרעגען?..

איך האָב איהם געזאָגט.

דער שמועס האָט זיך געענדיגט און מיר זענען שווייגענדיג ווייטער געגאַנגען איינער נעבען צווייטען. אויפ׳ן שפּיץ באַרג האָבען מיר געפונען שניי. די זון איז פערגאַנגען, און די נאַכט איז געקומען נאָכ׳ן טאָג אָהן אַ צווישענצייט, ווי דאָס געשיהט געוועהנליך אין דרום. אַ דאַנק דעם שיין פון שניי, האָבען מיר לייכט געקאָנט זעהן דעם וועג, וואָס איז נאָך אַלץ געגאַנגען באַרג-אַרויף, הגם שוין נישט אַזוי משופּע׳דיג. איך האָב געהייסען אַריינלעגען מיין טשעמאָדאַן אין וואָגען אַריין, אומטוישען די אָקסען אויף פערד און דאָס לעצטע מאָל אַ קוק געטהאָן אונטען, אין טהאָל אַריין. אָבער דער געדיכטער נעבעל, וואָס איז קווילענווייז אָנגעשוואומען פון די באַרגהיילען, האָט איהם אינגאַנצען צוגעדעקט, און צו אונזער אויער איז קיין שום קלאַנג נישט דערלאָפען פון דאָרטען. די אָסעטינער האָבען מיך אַרומגערינגעלט מיט געפילדער און געפאָדערט אויף בראָנפען. אָבער דער שטאַבס-קאַפּיטאַן האָט זיך אַזוי שטאַרק אָנגעבייזערט אויף זיי, אַז זיי זענען אויגענבליקליך צולאָפען געוואָרען.

„אָט אַ פאָלק אויף דער וועלט!“—האָט ער געזאָגט—„ווייס נישט, ווי זאָגט מען ברויט אויף רוסיש און דאָך האָט עס זיך אויסגעלערנט: אָפיציר, גיב אויף בראָנפען! טאָטערן זענען שוין, לויט מיין מיינונג, לייטישער: די טרינקען כאָטש נישט...“

ביז דער סטאַנציע איז פערבליבען נאָך איין וויאָרסט. אַרום איז געווען שטיל, אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט לויט׳ן זשומען פון קאָמאַר נאָכקוקען נאָך זיין פליהען. לינקס האָט שוואַרץ נעקוקט אַ טיעפע באַרגהייל. הינטער איהר און פאָראויס האָבען זיך געצייכענט אויפ׳ן בלאַסען האָריזאָנט, וואו עס האָבען זיך נאָך אָנגעשפּיגעלט די לעצטע פאַרבען פון זונאונטערגאַנג, טונקעלבלויע בערג, צוזאַקערט אין קנייטשען און בעדעקט מיט פאַבען שניי. אויפ׳ן טונקעלען הימעל האָבען זיך אָנגעהויבען ווייזען שטערען, און אַ מאָדנע זאַך, מיר האָט אויסגעוויזען, אַז זיי זענען סך העכער, ווי ביי אונז, אין צפון. בייביידע זייטען וועג:

האָבען געשטעקט נאַקעטע שוואַרצע שטיינער; וואו-נישט-וואו האָט אַרויסגעקוקט פון אונטער'ן שניי אַ קוסט, אָבער קיין איין טרוקענער צווייג האָט זיך נישט בעוועגט, און פרעהליך איז געווען צו הערען אין דעמדאָזיגען טויטען שלאָף פון דער נאַטור דאָס לייכטע כראָפּען פון די דריי מיעדע פּאָסטפערד און דאָס נישט-מעסיגע קלינגען פונ'ם רוסישען גלעקעל.

—מאָרגען וועט זיין אַ שען וועטער!—האָב איך געזאָגט.

דער שטאַבס-קאַפּיטאַן האָט דערויף קיין וואָרט נישט געענטפערט און מיט'ן פינגער אָנגעוויזען אויף אַ הויכען באַרג, וואָס האָט זיך געהויבען גלייך קעגען אונז.

—וואָס איז עס?—האָב איך געפרעגט.

„דער גוט-באַרג".

—נו, איז וואָס?

„זעהט, ווי ער רויכערט זיך".

דער גוט-באַרג האָט זיך באמת געריכערט. ביי זיינע זייטען זענען אַרומגעקראָכען לייכטע רויכעלעך וואָלקען און אויפ'ן שפּיץ איז געלעגען אַ שוואַרצע כמאַרע, אָבער אַזוי שוואַרץ, אַז אויפ'ן טונקעלען הימעל האָט זי אויסגעוויזען, ווי אַ פלעק.

מיר האָבען שוין געקאָנט זעהן די פּאָסטסטאַנציע, די דעכער פון די הייזלעך, וואָס רינגלען זי אַרום; פון ווייטען האָבען פייערלעך פריינדליך געפינקעלט; אַ רויהער קאַלטער ווינד האָט אַ בלאָז געטהאָן, די באַרגהייל האָט אָנגעהויבען הודזיען און אַ קליינער רעגען איז אַוועק. איך האָב קוים בעוויזען אָנצוטהאָן די בורקע, ווי עס האָט אָנגעהויבען שיטען אַ שניי. איך האָב אַ קוק געטהאָן מיט יראה אויפ'ן שטאַבס-קאַפּיטאַן...

„מיר וועלען דאָ בעדאַרפען איבערנעכטיגען"—האָט ער געזאָגט מיט פערדרוס.—„אין אַזאַ זאַווערוכע וועסטו קיין בערג נישט אַריבערפאָהרען. וואָס? איז אייגעפאַלען די ערד אויפ'ן קרייצבאַרג?"—האָט ער געפרעגט דעם פוהרמאַן.

—נישט אייגעפאַלען, מיין הער,—האָט געענטפערט דער פוהרמאַן-אָסעטינער—אָבער עס הענגט אַ סך, אַ סך,

ווייל אויף דער סטאַנציע איז נישט געווען קיין צימער

פּאָר וועג-מענשען, האָט מען אונז געגעבען אַ געלעגער אין אַנ׳-
אָנגערויכערטער סאַקלע*). איך האָב איינגעלאַדען מיין וועג-וויי-
זער, ער זאָל טרינקען מיט מיר טיי: איך האָב געהאַט מיט זיך
אַ טשוהונענעם טשייניק—די איינציגע טרייסט אין אַ נסיעה איבער
קאַווקאַז.

מיט אַ זייט איז די סאַקלע צוגעשמידט געווען צו אַ שטיין;
דריי גליטשיגע נאַסע טרעפּלעך האָבען געפיהרט צו איהר טהיר.
טאַפּענדיג, בין איך אַריין און זיך אָנגעשטויסען אויף אַ בהמה
(ביי דידאָזיגע לייט איז דער שטאַהל—דאָס לאַקיי-צימער). איך
האָב נישט געוואוסט, וואו מען טהוט זיך אַהין: דאָ מעקען שעפּ-
סען, דאָרט וואָרטשעט אַ הונד. צום גליק, האָט ערגיץ אין דער
זייט געשיינט אַ שוואַך פּייערל און געהאָלפען מיר אויסגעפינען
אַנ׳אַנדער לאָך, עהנליך צו אַ טהיר. דאָ האָב איך דערזעהן אַ
גאַנץ אינטערעסאַנט בילד: די גרויסע סאַקלע, וואָס דער דאַך
איז אונטערגעהאַלטען געוואָרען פון צוויי פעררויכערטע סלופּעס,
איז געווען געפּאַקט מיט מענשען. אין מיטען, פונאַנדערגעלעגט
אויף דער ערד, האָט געקנאַקט אַ פייערל, און דער רויך, וואָס
איז אַריינגעשטויסען געוואָרען צוריק דורך דעם דאַך-לאָך, האָט
זיך אַזוי געדיכט געשפּרייט איבער דער סאַקלע, אַז איך האָב
מיך לאַנג נישט געקאָנט אַרומקוקען: ביים פייער זענען געזעסען
צוויי זקנות, אַ סך קינדער און אַ מאָגערער גרוזין—אַלע אין
שמאַטעס. מילא, פעררפאַלען! האָבען מיר זיך געזעצט ביים פייער,
פעררויכערט די לולקע און באַלד האָט געגומען פריינדליך אויפ-
קאָכען אונזער טשייניק.

—עלענדע מענשען!—האָב איך געזאָגט צום שטאַבס-קאַפּי-
טאַן און אָנגעוויזען אויף אונזערע שמוציגע בעלי-הבתים, וואָס
זענען שווייגענדיג געזעסען און געקוקט אויף אונז, ווי פער-
גליווערטע.

„אַ פאָלק פון שוטים!“—האָט ער געענטפערט.—„וועט איהר

---

*)סאַקלע—הייזעל ביי די איינוואוינער אין קאַווקאַז.

גלויבען? קאָנען גאָרנישט, זענען נישט פעהיג צו קיין שום בילדונג! אונזערע קאַבאַרדינצעס אָדער טשעטשענצעס זענען אפילו גזלנים, לאָבוזעס, אָבער זיי האָבען, לכל-הפחות, טייערע קעפּ אויף זיך. דידאָזיגע האָבען אפילו קיין חשק נישט צו קיין ביקס. אַ רעכט שווערדעל וועסטו אויף קיין איינעם נישט זעהן. טאַקי באמת אָסעטינער!"

—און איהר האָט לאַנג פערבראַכט אין טשעטשנע?

"יאָ, אַ יאָהר צעהן געשטאַנען דאָרט אין פעסטונג מיט אַ ראָטע ביים שטיינערנעם בראָד—דאָס איז אייך בעקאַנט?"

—געהערט.

"אָט, פּאָטערל, זענען אונז דערעסען געוואָרען דידאָזיגע קעפּ-שניידער! היינט איז, גאָט צו דאַנקען, רוהיגער. און אַמאָל, אַז דו פלעגסט אָבגעהן אויף אַ הונדערט טריט פון וואַל, פלעגט שוין זיצען אַ קודלאַטער שד און היטען: פלעגסטו זיך נאָר פערגעניצען אויף אַ רגע, האָסטו דיר שוין—אָדער אַ פּאַנג-שטריק אויפ'ן האַלז, אָדער אַ קויל אין פּאַטילניצע. אָ, כוואַטעס יונגען!.."

—זענען מיט אייך פערלאָפען אַ סך פּאַסירונגען?—האָב איך געפרעגט אַ נייגיריגער.

"פּאַרוואָס נישט פערלאָפען! געווען...

דאָ האָט ער אָנגעהויבען ציהען די לינקע וואָנס, פערבויגען דעם קאָפּ אויף אַ זייט און זיך פערטראַכט. מיר האָט זיך שרעקליך געוואָלט אַרויסציהען פון איהם עפּיס אַ געשיכטעלע—אַ פערלאַנג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע מענשען, וואָס רייזען און פערשרייבען. דערווייל האָט אויפגעקאָכט דער טיי. איך האָב אַרויסגעשלעפּט פון טשעמאָדאַן צוויי קאַלטע גלעזער, אָנגעגאָסען און אַוועקגעשטעלט איינס פאַר איהם. ער האָט אַ זופּ געטהאָן און אַזוי ווי פאַר זיך אַרויסגעזאָגט: "יאָ, געשעהן!" דאָס האָט מיר געגעבען גרויסע האָפנונגען. איך ווייס, די אַלטע קאַווקאַזער האָבען ליעב צו ריידען און דערצעהלען. און זיי געלינגט עס אַזוי זעלטען; אַנ'אַנדערער שטעהט מיט אַ ראָטע אַ יאָהר פינף ערגיץ אין אַ העק, און גאַנצע פינף יאָהר זאָגט איהם קיינער נישט קיין גוט-מאָרגען (דער פעלדפעבעל זאָגט: געַ-

זונד ווינשען מיר). און ריידען איז נישטאָ פון וואָס: דער עולם אַרום איז אַ ווילדער און אַ נייגיריגער; יעדען טאָג — אַ סכנה; צופאַלען געשעהען וואונדערליכע, און נישט-ווילענדיג בעדויערסטו, וואָס ביי אונז פערנאָטירט מען אַזוי ווייניג.

— ווילט איהר נישט צוגעבען קיין ראָם? — האָב איך געזאָגט מיין מיט-שמועסער. — איך האָב ווייסען פון טיפליס: איצט איז קאַלט.

„ניין, איך דאַנק, איך טרינק נישט."

— פאַרוואָס אַזוי?

„דערפאַר. איך האָב זיך געגעבען אַ שבועה. בשעת איך בין נאָך געווען אַ פּאָדפּאָרוטשיק, האָבען מיר איינמאָל, ווייסט איהר, אַ הוליע געטהאָן און ביינאַכט איז געוואָרען אַ ליאַרם. זענען מיר אַרויס פאַר'ן פראָנט בגילופנ'דיג. נו, האָבען מיר שוין געהאַט, אַז אַלעקסיי פּעטראָוויטש האָט זיך דערוואוסט: גאָט זאָל אויסהיטען, ווי ער האָט זיך צוקאָכט! געוואָלט פאַד סוד אָבגעבען. און די זאַך איז אַזוי: אַנ'אַנדערש מאָל לויפט-דורך אַ קיילעכיג יאָהר און דו זעהסט קיינעם נישט און דאָ האָט זיך אַקוראַט אונטערגערוקט אַ שנעפּסעל — אַ פערפאַלענער מענש!

דערהערענדיג עס, האָב איך כמעט פערלאָרען די האָפנונג.

„אָדער נעהמט כאָטש די טשערקעסען, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — טרינקען זיי זיך אָן מיט בוזי אויף אַ חתונה אָדער אויף אַ לויה, געהט שוין אַוועק אַ שחיטה. איינמאָל האָב איך קוים דערשלעפּט די פיס און ביי אַ פירשט אין געסט נאָך געווען.

— ווי אַזוי איז עס געשעהן?

„אָט (ער האָט אָנגעשטאָפּט די לולקע, זיך פערצויגען און גענומען דערצעהלען), אָט וועט איהר זעהן. איך בין דעמאָלט געשטאַנען מיט אַ ראָטע הינטער'ן טערעק — שוין באַלד זיין אַ יאָהר פינף. איז איינמאָל, הערבסט-צייט, געקומען אַ טראַנספּאָרט מיט פּראָוויאַנט. אין טראַנספּאָרט האָט זיך געפונען אַנ'אָפיציר, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר פינפאונצוואַנציג. געקומען איז ער אין דער פולער פאָרם און געמאָלדען, אַז ער דאַרף פערבלייבען ביי מיר אין פעסטונג. געווען איז ער אַזאַ דינעטשקער, אַ ווייסער.

געטראָגען האָט ער אַזאַ נייעם מונדיר, אַז איך האָב מיך באַלד געכאַפּט—ביי אונז אויף קאַווקאַז איז ער נישט לאַנג. „איהר זענט, מסתמא״,—האָב איך איהם געפרעגט—איבערגעפיהרט געוואָרען אַהער פון רוסלאַנד?״—ריכטיג, העד שטאַבס-קאַפּיטאַן—האָט ער געענטפערט. האָב איך איהם גענומען פאַר׳ן האַנד און געזאָגט: „זעהר צופרידען, זעהר צופרידען. אייך וועט זיין עטוואָס לאַנגוויילינ... נו, יאָ, מיר וועלען זיין מיט אייך חברים. יאָ, איך בעט אייך, רופט מיך מאַקסים מאַקסימיטש און, איך בעט אייך, צו וואָס די פולע פאָרם? קומט צו מיר שטענדיג אין היטעל״. מען האָט איהם געגעבען אַ קוואַרטיר און ער האָט זיך בעזעצט אין פעסטונג״.

—און ווי האָט ער געהייסען?—האָב איך געפרעגט מאַקסים מאַקסימיטש׳ן.

„ער האָט געהייסען... גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש פּעטשאָרין. אַ בראַוועד יונג געווען, דערוועג איך מיך אייך צו זאָגען, נאָר עטוואָס אַ מאָדנער. למשל, אין רעגען, אין קעלט—דעם גאַנצען טאָג אויף יאַגד; אַלע ווערען דערפראָרען, איינגעמאַטערט—און ער גאָרנישט. אַנ׳אַנדערש מאָל, ווידער, זיצט ער ביי זיך אין צימער, גיט אַ בלאָז אַ ווינדטעל, זאָגט ער, ער האָט זיך צוגעקיהלט; אַ קלאַפּ מיט׳ן לאָדען—און ער ציטערט-אויף, ווערט בלאַס—און אויף מיינע אייגענע אויגען געגאַנגען אויף אַ ווילדען חזיר אייגער אויף איינעם; אַמאָל וועסטו ביי איהם שעה׳ענווייז קיין וואָרט נישט אַרויסקריגען, און טיילמאָל הויבט ער אָן שיטען מיט דער צונג, וועט דיר דאָס בויך פּלאַצען פון געלעכטער... יאָ, זעהר אַ מאָדנער מענש און, אפנים, אַ רייכער מענש: וויפיעל טייערע זאַכען האָט ער געהאַט ביי זיך!..״

—האָט ער לאַנג מיט אייך געוואוינט?—האָב איך נאָכאַמאָל געפרעגט.

„ביי אַ יאָהר. אָבער דערפאַר געדענקט זיך מיר זעהר גוט דאָס יאָהר. אַ סך קאָפּדרעהעניש מיר פערשאַפט, זאָל דאָס נישט אויסגערעדט זיין!.. פאַרהאַן דאָך, כלעבען, אַזוינע מענשען, וואָס ביי איז שוין מן השמים אָנגעשריבען געוואָרען, אַז מיט זיי זאָ-

לען געשעהן פערשיעדענע אונגעוועהנליכע זאכען!

—אונגעוועהנליכע?—האב איך אויסגעשריען מיט א מינע פון נייגיריגקייט און דערגאסען איהם טיי.

„אט וועל איך אייך דערצעהלען. א זעקס וויארסט פון דער פעסטונג האט געוואוינט א רוהיגער פירשט. זיין זוהן, א יונגעל פון א יאהר פופצעהן, איז געפעלען געווארען פאהרען צו אונז: יעדען טאג פלעגט ער קומען דא נאך דאס, דא נאך יענץ. און מיר מיט גריגארי אלעקסאנדראוויטש'ן האבען איהם טאקי צו-פיעסטעט. און געווען איז דאס אזא הינטישער בּיין, ממש פעהיג צו וואס דו ווילסט: געקאנט אויפהויבען דאס היטעל אין מיטען גע-לויף אויפ'ן פערד, אדער שיסען פון ביקס. איין מאוס'ע טבע האט ער נאר געהאט: שרעקליך ליעב געהאט געלד. איינמאל, אין שפאס, האט איהם גריגארי אלעקסאנדראוויטש צוגעזאגט א דוקאט, אויב ער וועט צו'גנב'ענען דעם בעסטען באק אין דעם טאטענס טשערעדע. און וואס מיינט איהר? אויף מארגען ביינאכט האט ער איהם געבראכט צו שלעפען פאר די הערנער. און אט פאלט אונז אמאל איין צו רייצען איהם, פערלויפען איהם די אויגען מיט בלוט און באלד—פאר'ן שווערד. „עי, אזאמאט, וועסט דיי-נע יאהרען נישט אויסלעבען"—פלעג איך איהם זאגען—„אין קבר וועסטו געהן מיט דיין קאפ.

„קומט איינמאל דער אלטער פירשט אליין און רופט אונז אויף א חתונה: די עלטסטע טאכטער גיט ער אויס און מיר זע-נען זיינע פריינד. קאן מען דאך נישט, פערשטעהט איהר, זיך אבזאגען, כאטש ער איז א טאטער. זענען מיר אוועק. אין אאול*) בעגעגענען אונז א סך הינט מיט א שרעקליכער בילעריי. דער-זעהען אונז די פרויען און בעהאלטען זיך. די, וואס מיר האָ-בען געקאנט זעהן אין געזיכט, זענען ווייט נישט געווען קיין שענהייטען. „איך האב געהאט א סך א העכערע מיינונג איבער טשערקעסינס"—זאגט מיר גריגארי אלעקסאנדראוויטש.—ווארט-נאך

---

*) אאול—דארף, ישוב אין קאווקאז.

צו?—ענטפער איך, שמייכלענדיג. איך האָב מיר געהאַט עפּיס אין זינען.

„ביים פירשט אין סאַקלע האָט זיך שוין צונויפגעקליבען אַ גרויסער עולם. ביי די אַזיאַטען, ווי איהר ווייסט, איז אַ מנהג צו פערבעטען אויף אַ חתונה אַלעמען, ווער עס קומט נאָר אונטער דער האַנד. מען האָט אונז אויפגענומען מיט'ן גאַנצען כבוד און אַוועקגעפיהרט אין אויפנאַהמצימער. איך האָב אָבער נישט פערגעסען אַ קוק צו טהאָן, וואו מען האָט אַוועקגעשטעלט אונזערע פערד—מאַלע, וואָס עס מאַכט זיך.

—נו, ווי געהט-צו ביי זיי אַ חתונה?—האָב איך געפרעגט דעם שטאַבס-קאַפּיטאַן.

„נו, געוועהנליך. פון אָנהויב לייענט זיי עפּיס דער מולע פון קאָראַן. דערנאָך שענקט מען מתנות די יונגע און די קרובים. מען עסט, מען טרינקט בוזי. דערנאָך הויבט מען אָן דזשיגיטירען, און שטענדיג הויבט זיך אָן ברעכען, מאַכען קונצען, פרעהליך מאַכען די בכבוד'ע קאָמפּאַניע עפּיס אַנ'אַרומגעריסענער פערשמירטער יונג אויף אַנ'אָרימער הינקענדיגער שקאַפּע. דערנאָך, אַז עס ווערט טונקעלער, הויבט זיך אָן דער באַל אויף אונזער לשון... אַנ'אָרימער זקן גרימפּעלט אויף אַ דריי-סטרונעדיגער... פערגעסען, ווי עס הייסט ביי זיי... נו, אַ מין באַלאַלייקע. מיידלעך און יונגע בחורים שטעלען זיך אין צוויי שורות, געגען איינאַנדער, קלאַפּען אין לאַדאָן און זינגען. אָט געהט אַרויס אַ מיידעל און אַ יונג אין דער-מיט, הויבען-אָן ריידען צווישען זיך מיט גראַמען וואָס עס מאַכט זיך און די איבעריגע כאַפּען-אונטער אין אַ כאָר. מיר מיט פּעטשאָרינ'ען זענען געזעסען אויף אַ בכוד'ען אָרט, און אָט איז צו איהם צוגעגאַנגען דעם בעל-הבית יונגסטע טאָכטער, אַ מיידעל פון אַ יאָהר זעכצעהן, און אויסגעזונגען איהם... ווי זאָל איך אייך זאָגען?.. אַ מין קאָמפּלימענט...

—וואָס האָט זי איהם אויסגעזונגען? איהר געדענקט נישט?

„יאָ, דאַכט זיך, אַזוי: שלאַנק, צומאָל, זענען אונזערע יונ-

גע דזשיגיטען*) און די קאַפּטאַנען אויף זיי זענען מיט זילבער בעלעגט. אָבער דער יונגער רוסישער אָפיציר איז שלאַנקער פאַר זיי און די גאַלונען אויף איהם זענען גאָלדענע. ער איז ווי אַ טאָפּאָל צווישען זיי. אָבער ער וועט נישט וואַקסען, נישט בליהען אין אונזער גאָרטען. פּעטשאָרין האָט זיך אויפגעהויבען, זיך אַ נויג געטהאָן איהר, צוגעלעגט די האַנד צום שטערען און צום האַרצען און מיך געבעטען, איך זאָל איהר ענטפערן. איך קאָן גוט זייער לשון און איהר איבערגעזעצט זיין ענטפער.

„אַז זי איז אַוועק פון אונז, האָב איך גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש'ן אַ שעפּטשע געטהאָן: נו, וואָס?—אַ גאָלד!—האָט ער געענטפערט,—ווי רופט מען זי?—זי הייסט בעלאַ—האָב איך געזאָגט.

„און זי איז באמת שען געוועזן: הויך, דין, אויגען שוואַרצע, ווי ביי אַ באַרג-גאַזעל און זיי האָבען אייך אַזוי ווי אַריינגעקוקט אין דער נשמה אַריין. פּעטשאָרין האָט, אַ פּערטראַכטער, נישט אַראָבגענומען די אויגען פון איהר און אָפט האָט זי אויך געקוקט אויף איהם פון אונטער'ן שטערען אַרויס. אָבער נישט פּעטשאָרין אַליין האָט זיך געקוויקט מיט דער שענער פירשטין: פון ווינקעל צימער האָבען אויף איהר געקוקט אַנדערע צוויי אויגען, אונבעוועגליכע, פייערדיגע. איך האָב מיך גענומען אַרומקוקען און דערקאָנט מייך אַלטען בעקאַנטען קאַזביטש'ן. ער איז, ווייסט איהר, געוועזן נישט דאָס, וואָס אַ רוהיגער, נישט דאָס, וואָס אַ נישט-רוהיגער. פערדאַכטען זענען אויף איהם געוועזן אַ סך, אָבער ער איז אין קיין זאַך נישט געוועזן פערמישט. אַמאָל פלעגט ער צו אונז אין פעסטונג ברענגען באַראַנעס און פערקויפען ביליג, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געדונגען: וואָס געבעטען, דאָס גיב, כאָטש קיילע איהם אַוועק, וועט ער נישט אַראָבלאָזען. מען האָט געשמועסט, אַז ער האָט ליעב צו בלאָנקען מיט אַברעקען הינטער קובאַן אוז, דעם אמת געזאָגט, האָט ער געהאַט אַ

*) דזשיגיט—כוואַט, יונג מיט ביינער, דרייסטער געשיקטער מענש.

פּרצוף פון אַ גזלן: אַ קליינישקער, אַ טרוקענער, אַ ברייטפּלייצי-גער... אָבער געשיקט איז ער געווען, ממש געשיקט, ווי אַ טייוועל! דער בעשמעט*) איז שטענדיג צוריסען, אין לאַטעס, און דאָס געווער איז אין זילבער. און זיין פערד האָט גע׳שמ׳ט אין גאַנץ קאַבאַרד—און באמת, עפּיס בעסערס פון אָט דעם פערד האָט מען שוין גאָרנישט געקאָנט אויסטראַכטען. נישט אומזיסט האָבען איהם אַלע רייטער מקנא-געווען און נישט איין מאָל זיך געפּרובט אַוועק׳גנב׳ענען איהם דאָס פערד, אָבער דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבען. ווי איצט זעה איך דאָס פערד: שוואַרץ, ווי סמאָלע, פיס—סטרונעס און אויגען נישט ערגער, ווי ביי בעלאַ׳ן. און וואָס פאַר אַ כח! לויף כאָטש אַ פופציג וויאָרסט; און דרע-סירט—לויפט נאָך ווי אַ הונד נאָכ׳ן בעל-הבית; זיין קול אפילו געקאָנט! ער פלעגט עס אפילו קיינמאָל נישט צובינדען. אַזאַ גזלנ׳יש פערד געווען!..

„אין דעמדאָזיגען אָוועגד איז קאַזביטש געווען מרה-שחורה׳-דיגער, איידער אַנ׳אַנדערש מאָל, און איך האָב בעמערקט, אַז ער טראָגט אונטער׳ן בעשמעט אַ פּאַנצער-העמד. ער האָט שוין מסתמא עפּיס פערטראַכט.

„דושנע געוואָרען אין סאַקלע, בין איך אַרויס אין דרויסען זיך אָפּפרישען. די נאַכט האָט זיך שוין געלעגט אויף די בערג און דער נעבעל איז געשוואומען איבער די באַרגהייסען.

„מיר איז איינגעפאַלען אַ קוק צו טהאָן אונטער׳ן דאַך, וואו עס שטעהען אונזערע פערד, זעהן, צי זיי האָבען וואָס צו עסען, און פאָרזיכטיגקייט שאַדט, אגב, קיינמאָל נישט. איך האָב אויך געהאַט אַ וואויל פערד און שוין נישט איין קאַבאַרדינער האָט געקוקט אויף איהם מיט שטראַהלענדיגע אויגען, זאָגענדיג: אַ גוט, גאָר אַ גוט פערדעל!"

„געה איך מיר אזוי פאַרביי פאַרקאַן און דערהער פלוצ-

*)ב ע ש מ ע ט—מין קורטקע, וואָס ווערט אָנגעטהאָן אונטער׳ן פעלץ אָדער קאַפטאַן.

לונג ווי מען רעדט; איין קול האָב איך באַלד דערקאָנט: דאָס איז געווען דער הינטישער ביין אַזאַמאַט, אונזער בעל-הבית זוהן. דער צווייטער האָט גערעדט זעלטענער און שטילער. וועגען וואָס שמועסען זיי?—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן? איז דאָס נישט אַמאָל וועגען מיין פערדעלע? האָב איך מיך צוגעזעצט ביים פּאַרקאַן און זיך גענומען צוהערען, סטאַרענדיג זיך נישט אַדורכ־צולאָזען קיין איין וואָרט. טיילמאָל האָט דער גערויש פון די ליעדער און די קולות פון עולם אין דער סאַקלע פערטומעלט דעם טשיקאַווען געשפּרעך פאַר מיר.

„—האָסט אַ וואויל פערד!—האָט אַזאַמאַט געזאָגט—ווען איך וואָלט געווען דער בעל-הבית פון שטוב און וואָלט געהאַט אַ טאַבון פון דרייהונדערט קליאַטשעס, וואָלט איך אַ העלפט אָבגע־געבען פאַר דיין לויפער, קאַזביטש!

„אַ! קאַזביטש!”—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן און זיך דער־מאָנט אָן זיין פאַנצערהעמד.

„—יאָ,—האָט געענטפערט קאַזביטש נאָך אַ ביסעל צייט שווייגען—אין גאַנץ קאַבאַרדע וועסטו אַזוינס נישט געפינען. איינ־מאָל—דאָס איז געווען הינטער'ן טערעק—בין איך מיט אַברעקען גע־פאָהרען אָבשלאָגען רוסישע טאַבונעס. אונז האָט נישט געלונגען, און מיר האָבען זיך צושאָטען, ווער וואו עס מאַכט זיך. מיך האָבען נאָכ־געיאָגט פיער קאָזאַקען, הינטער מיר האָב איך שוין געהערט די שטימען פון די גיאַאורען*) און פאַר מיר שטעהט אַ געדיכטער וואַלד. האָב איך מיך צוגעלעגט אויפ'ן זאָטעל, זיך אָבגעגעבען אַלאַ אין די הענד אַריין און דאָס ערשטע מאָל אין לעבען בע־ליידיגט דאָס פערד מיט אַ שמיץ. ווי אַ פויגעל האָט עס זיך אונ־טערגעטונקען אונטער די צווייגען. די שאַרפע נאָדלען האָבען געריסען מיינע קליידער, טרוקענע צווייגען האָבען מיר געשלאָ־גען איבער'ן פנים; מיין פערד איז געשפּרונגען איבער אָבגע־

---

*) גיאַאורען—פערראַכטונגס-נאָמען, מיט וועלכען די מאַהמעדאַנער רופען די־אַלע נישט-מאַהמעדאַנער.

האַקטע קלעצער, קוסטעס פונאַנדערגעריסען מיט דער ברוסט. עס וואָלט שוין גלייכער געווען איבערצולאָזען דאָס פערד ביי די ערשטע וואַלד-בוימער און אַליין זיך פער׳גנב׳ענען אין וואַלד צופוס, אָבער דאָס האַרץ האָט נישט דערלאָזט צו שיידען זיך מיט איהם —און דער נביא האָט מיר מהנה-געווען. עטליכע קוילען האָבען שוין פאַרבייגעזשומעט פאַרביי מיין קאָפּ: איך האָב שוין געהערט, ווי די צונויפגעלאָפענע קאָזאַקען האָבען זיך געלאָזט נאָך מיינע שפּורען... פּלוצלונג האָט זיך בעוויזען פאַר מיר אַ טיעפער גרוב; מיין לויפער האָט זיך פערטראַכט—און אַ שפּרונג געטהאָן. זיינע הינטערשטע קאָפּיטעס האָבען זיך אָבגעריסען פון דעם הינטער-שטען ברעג און ער איז געבליבען הענגען אויף די פאָדערשטע פיס—האָב איך אַוועקגעוואָרפען די לייצעס און אַראָבגעפלויגען אין טהאָ, אַריין. דאָס האָט געראַטעוועט מיין פערד: עס איז אַרויסגעשפּרונגען. די קאָזאַקען האָבען דאָס אַלץ געזעהן, אָבער קיין איינער האָט זיך נישט געלאָזט מיך זוכען: זיי האָבען מסתממא געמיינט, אַז איך בין דער׳הרג׳עט געוואָרען און איך האָב געהערט, ווי זיי האָבען זיך געלאָזט כאַפּען מיין פערד. דאָס האַרץ איז מיר פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט. האָב איך גענומען קריכען איבער׳ן געדיכטען גראָז—זעה איך: דער וואַלד האָט זיך געענדיגט, עטליכע קאָזאַקען פאָהרען-אַרויס פון איהם אויפ׳ן פרייען פלאַץ און אָט שפּרינגט גלייך צו זיי אַרויס מיין קאַראַגיאָז. האָבען זיך אַלע אַוועקגעלאָזט נאָך איהם מיט קולות און געשרייען. לאַנג-לאַנג האָבען זיי זיך געיאָגט נאָך איהם, איי-נער האָט אַ מאָל צוויי שיער-שיער נישט פערוואָרפען איהם דעם פאַנג-שטריק אויפ׳ן האַלז. איך האָב אַ ציטער געטהאָן, אַראָבגע-לאָזט די אויגען און גענומען בעטען צו גאָט. אין עטליכע מי-נוט אַרום הויב איך אויף די אויגען, זעה איך—מיין קאַראַגיאָז פליהט, פריי ווי אַ ווינד, דער עק אין לופטען צושפּרייט, און די גיאַאורען, ווייט איינער פון צווייטען, ציהען זיך איבער דער סטעפּ אויף אויסגעמוטשעטע פערד. אַלאַ! דאָס איז אמת, איי-גאַנצען אמת! ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך געווען אין טהאָל. פּלוצלונג, וואָס מיינסטו, אַזאַמאַט? אין דערפינסטער הער

איך, ווי דאָס פערד לויפט איבער'ן ברעג פון טהאָל, בלאָזט מיט די נאָזלעכער, הירזשעט און קלאַפּט מיט די קאָפּיטעס אָן דער ערד. איך האָב דערקאָנט מיין קאַראַגיאָז'ס קול, דאָס איז ער, מיין חבר!.. פון יענער צייט אָן האָבען מיר זיך שוין נישט צושיידט.

„און עס האָט זיך געהערט, ווי ער האָט געקלאַפּט מיט דער האַנד איבער דעם גלאַטען האַלז פון זיין לויפער און דער-ביי איהם גערופען מיט פערשידענע צאַרטע נעמען.

„—ווען איך וואָלט געהאַט אַ טאַבון פון טויזענד קליאַ-טשעס—האָט אַזאַמאַט געזאָגט—וואָלט איך דיר איהם אָבגעגעבען אינגאַנצען פאַר דיין קאַראַגיאָז!

„—יאָק, איך וויל נישט—האָט קאַזביטש גלייכגילטיג גע-ענטפערט.

„—הער-נאָר, קאַזביטש—האָט זיך אַזאַמאַט אָנגערופען, טו-ליענדיג זיך צו איהם—דו ביזט אַ גוטער מענש, דו ביזט אַ דרייס-טער דזשיגיט, אָבער מיין פאָטער שרעקט זיך פאַר די רוסען און לאָזט מיך נישט אין די בערג. גיב מיר אָב דיין פערד, און איך וועל טהאָן אַלץ, וואָס דו פערלאַנגסט. איך וועל ביים טאַ-טען גנב'ענען פאַר דיר דעם בעסטען ביקס אָדער שווערד—וואָס דו פערלאַנגסט נאָר אַליין. זיין שווערד איז אַן'אמת'ע גורדע*): לעגסט איהם צו צו דער האַנד, שניידט ער זיך אַליין אריין אין לייב, און אַזאַ פאַנצערהעמד, ווי דיינס, האָט ביי איהם קיין שום בעטרעף נישט.

„קאַזביטש האָט געשוויגען.

„—דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָב דערזעהן דיין פערד—האָט אַזאַמאַט ווייטער געזאָגט—ווי אַזוי עס האָט זיך אונטער דיר געדרעהט און געשפּרונגען מיט צובלאָזענע נאָזלעכער און שטיי-נער זענען ווי טראָפּענס וואַסער געשפּרונגען אונטער זיינע קאָ-פּיטעס, איז עפּיס אויסטערלישעס געשעהן אין מייז נשמה, און

---

*) גורדע—אַ מין פאַרצייטיגער שווערד, וואָס ווערט זעהר הויך געשאַצט.

פון יענער צייט אָן איז מיר אַלץ דערווידער געוואָרען. אויף מיין טאַטענס בעסטע רענפערד קוק איך מיט פעראַכטונג, מיר איז זיך מאוס צו ווייזען מיט זיי, און אַ בענקשאַפט איז מיך בעפאַלען. און, אַ בענקענדיגער, פלעג איך זיצען גאַנצע טעג אויפ׳ן שטיין און כסדר געזעהן אין געדאַנק דיין שוואַרצען לויפער מיט זיין שלאַנקען טריט, און מיט זיין גלאַטען גלייכען רוקען, ווי אַ פייל. מיט זיינע בעוועגליכע אויגען האָט עס מיר געקוקט גלייך אין די אויגען אַריין, פונקט ווי עס וואָלט וועלען עפּיס ריידען. איך וועל שטאַרבען, קאַזביטש, אויב דו וועסט מיר עס נישט פערקויפען!—האָט אַזאַמאַט געזאָגט מיט אַ ציטערדיגען קול.

„איך האָב געהערט, ווי ער האָט זיך צעוויינט, און אַזאַמאַט, בעדאַרף איך אייך זאָגען, איז געווען זעהר אַ האַרט יונגעל און אַרויסשלאָגען טרעהרען ביי איהם איז געווען זעהר אַ שווערע זאַך אפילו אין די יונגערע יאָהרען.

אָנשטאָט אַנ׳ענטפער אויף זיינע טרעהרען, האָט זיך דערהערט עפּיס אַזוינס, עהנליך צו אַ געלעכטער.

„—הער-נאָר,—האָט אַזאַמאַט געזאָגט מיט זעהר אַ פעסטען קול—זעהסט, איך בין גרייט אויף אַלץ. ווילסט, וועל איך אַוועק׳גנב׳ענען פאַר דיר מיין שוועסטער? ווי זי טאַנצט! ווי זי זינגט! און איהר האַפטען אויף גאָלד איז ממש וואונדער! קיין איין טערקישער פאַדישאַך*) האָט נאָך אַזאַ ווייב נישט געהאַט!.. ווילסט? מאָרגען ביינאַכט וואַרט אויף מיר דאָרטען, אין באַרגהייל, וואו עס לויפט דער שטראָם. איך וועל מיט איהר פאַרבייגעהן אין דעם שכנ׳ישען אַאול—און זי איז דיינע. איז דען בעלאַ נישט ווערט דיין לויפער?

„לאַנג-לאַנג האָט קאַזביטש געשוויגען. צולעצט, האָט ער, אָנשטאָט אַנ׳ענטפער, אָנגעהויבען איז דער-שטיל צו זינגען אַנאַלט ליעדעל**):

---

*) פאַדישאַך—דער נאָמען פון טערקישען קייזער.

**) איך בעט ביי די לייענער ענטשולדיגונג פאַר קאַזביטש׳ס ליעדעל, וואָס

אַ סך שענע מיידלעך ביי אונז אין אַאול—
דאָס אויג איז זיי שוואַרץ, נאָר מיט שטערענדלעך פול.
מיט זיי איז די ליעבע אַ זיסע, ווי וויין,
און דאָך איז נאָך בעסער אַ פרייער צו זיין.
פאַר געלד קאָן מען קויפען פיער ווייבער, נאָכמעהר,
נאָר טייער און ליעב איז אַ פערד, ווי געוועהר.
אין ווינד און געוויטער—דו פליה מיט איהם פריי—
עס וועט דיך נישט נאַרען, ס'איז אייביג דיר טריי.

„אומזיסט האָט זיך אַזאַמאַט ביי איהם געבעטען, ער זאָל איינשטימען—און געוויינט האָט ער און גע'חנפה'ט און שבועות געגעבען. צולעצט, האָט איהם קאַזביטש איבערגעשלאָגען אַנ'אונגעדולדיגער:

„—אַוועק פון דאַנען, משוגע'נער יונג! וואו וועסטו קאָנען פאָהרען אויף מיין פערד? ביי די ערשטע דריי טריט וועט עס דיך אַראָבשליידערן און דו וועסט זיך צושלאָגען די פאַטילניצע אָן אַ שטיין.

„—מיך!—האָט אַזאַמאַט אויסגעשריען אין ווילדען גרימצאָרן און דאָס אייזען פון קינדערשען שווערדעל האָט אָבגעקלונגען אָן דעם פאַנצערהעמד. אַ שטאַרקע האַנד האָט איהם אָבגעשטויסען און ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אָנגעשלאָגען אָן פאַרקאַן, אַז דער פאַרקאַן האָט זיך אַ טרויסעל געטהאָן. עס וועט שוין זיין אַנ'עסק! האָב איך אַ טראַכט געטהאָן און זיך געוואָרפען אין שטאַל אַריין. דאָרט האָב איך מיר אָנגעזאָטעלט די פערד און אַרויסגעפיהרט זיי אויפ'ן הינטערשטען הויף. אין צוויי מינוט אַרום האָט שוין די סאַקלע געציטערט פון גוואַלדען. אָט וואָס עס איז געשעהן: אַזאַמאַט איז אַריינגעלאָפען אין סאַקלע מיט אַ צוריסענעם בעשמעט און געזאָגט, אַז קאַזביטש האָט איהם געוואָלט קוילען. אַלע זענען אַרויסגעשפרונגען, זיך געכאַפּט

---

איז מיר, נאַטירליך, איבערגעגעבען געוואָרען אין פּראָזע און איך גיב עס איבער אין פערזען. די געוועהנהייט איז אַ צווייטע נאַטור (בעמערקונג פון לערמאָנטאָוו).

פאַר די ביקסען—און דער עסק איז פאַרטיג! געשריי, טומעל,
שיסעריי. נאָר קאָזוביטש איז שוין געזעסען רייטענדיג און זיך
געדרעהט צווישען עולם אויף דער גאַס, ווי אַ שד, פאָכענדיג
מיט'ן שווערד. אויף אַ פרעמדער חתונה איז יעדע מהומה אַ
מציעה—האָב איך געזאָגט צו גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש'ן און
אָנגעכאַפּט איהם ביי דער האַנד—איז אפשר נישט גלייכער, מיר
זאָלען זיך וואָס גיכער אַרויסרוקען פון דאַנען?

„וואַרט-נאָר, מיט וואָס וועט זיך עס ענדיגען.

„עס וועט זיך זיכער שלעכט ענדיגען. ביי דידאָזיגע אַזיאַ-
סען איז אַלץ אַזוי: אָנגעזויפען זיך מיט בוזי און די שחיטה איז
פאַרטיג. מיר האָבען זיך געזעצט אויף די פערד און אַנטלאָפען
אַהיים".

—און וואָס קאָזוביטש?—האָב איך אונגעדולדיג געפרעגט
דעם שטאַבס-קאַפּיטאַן.

„אַ גרויסע זאַך ביי דעמדאָזיגען עולם!—האָט ער געענ-
טפערט און געענדיגט טרינקען זיין טיי—אַנטרונען געוואָרען!

—און נישט פערוואונדעט?—האָב איך געפרעגט.

„ווער ווייס איהם! גזלנים קאָנען אויסהאַלטען! איך האָב
מאַנכע געזעהן אין קאַמף, למשל: אינגאַנצען צושטאָכען מיט
שטיקעס, ווי אַ זיפּ, און פאָכען פונדעסטוועגען מיט'ן שווערד."
נאָך אַ קליינעם שווייגען האָט דער שטאַבס-קאַפּיטאַן ווייטער גע-
רעדט, אַ קלאַפּ טהאָענדיג מיט'ן פוס אָן דער ערד.

„איין זאַך וועל איך מיך קיינמאָל נישט מוחל-זיין; דער
שוואַרציאָהר האָט מיך צוגערעדט, איך זאָל, קומענדיג אין פעס-
טונג, דערצעהלען גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש'ן פון דעם אַלעם,
וואָס איך האָב געהערט הינטער'ן פאַרקאַן. ער האָט געשפּאָסט—
אַזאַ כיטרער!—און אַליין האָט ער עפּיס פערטראַכט".

—און וואָס אַזוינס? דערצעהלט, איך בעט אייך.

„מילא, פערפאַלען! האָסטו אָנגעהויבען, בעדאַרף מען קאַ-
טעווען ווייטער.

„אין אַ פיער טעג אַרום קומט אַזאַמאַט אין פעסטונג. ווי
די מאָדע איז, איז ער אַריין צו גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש'ן,

וואָס האָט איהם שטענדיג געגעבען נאָשערייען. איך בין געווען דערבײַ. האָט מען אָנגעהויבען שמועסען פון פערד און פעטשאָ-רין האָט גענומען לויבען קאַזביטש׳עס פערד: שוין איין מאָל אַ ריה־עוודיג שען פערד, פונקט ווי אַ גאַזעל—נו, פשוט, אין דער גאַנצער וועלט נישטאָ נאָך אַזאַ.

„האָבען אָנגעהויבען לייכטען די אויגלעך ביים טאָטער, און פעטשאָרין מאַכט זיך, אַז ער זעהט עס נישט. איך פערדרעה דעם שמועס וועגען עפּיס אַנדערש, נאָר איידער דו קוקסט זיך אַרום—ער רעדט ווידער וועגען קאַזביטשע׳ס פערד. יעדעס מאָל, ווען אַזאַמאַט איז געקומען, האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט דיזעלבע געשיכטע. אין אַ וואָכען דריי אַרום האָב איך בעמערקט, אַז אַזאַמאַט געהט-אויס ווי אַ ליכט, ווי פון ליעבע אין די ראָמאַ-נען. וואָס פאַר אַ וואונדער!..

„זעהט איהר, פון דעם גאַנצען קונץ האָב איך מיך ערשט דערנאָך דערוואוסט: גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט איהם אַזוי צורייצט—כאָטש אין וואַסער און פייער. איינמאָל זאָגט ער איהם: איך זעה, אַזאַמאַט, אַז דיר געפעלט זעהר דאָס פערד, אָבער דו וועסט עס נישט זעהן, ווי דיין פּאַטילניצע! נו, זאָג, וואָס וואָל-סטו געגעבען דעם, וואָס וואָלט דיר עס געשענקט?

„—אַלץ, וואָס ער וויל,—האָט געענטפערט אַזאַמאַט.

„—אויף אַזאַ אופן וועל איך דיר עס בעקומען, נאָר מיט אַ תנאי... שווער מיר, אַז דו וועסט עס מקיים-זיין...

„—איך שווער... נאָר שווער דו אויך.

„—גוט! איך שווער, אַז דו וועסט האָבען דאָס פערד. אָבער דערפאַר דאַרפסטו מיר אָבגעבען דיין שוועסטער בעלאַ. איך מיין, אַז דער עסק לוינט דיר.

„אַזאַמאַט האָט געשוויגען.

„ווילסט נישט? נו, ווי דו ווילסט! איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט אַ מאַן, ערשט דו ביזט נאָך אַ קינד: נאָך פריה פאַר דיר צו פאָהרען רייטענדיג...

„אַזאַמאַט האָט זיך אָנגעצונדען.

„—און מיין פאָטער?—האָט ער געפרעגט

„—ער פאָהרט גאָר קיינמאָל נישט אַוועק?

„—אמת...

„—ביזטו מסכים?

„מסכים,—האָט אַזאַמאַט אַרויסגעשעפּטשעט בלאָס, ווי דער טויט.—נאָר ווען?

„—באַלד ווי קאַזביטש וועט גאָר קומען אַהער. ער האָט צוגעזאָגט צו ברענגען אַהער אַ צעהנדליג באַראַנעס. דאָס איבע-ריגע—איז שוין מיין זאַך. זעה-זשע, אַזאַמאַט!

„און אָט האָבען זיי איינגעאָרדענט דעם עסק... דעם אמת געזאָגט, נישט קיין שענער עסק. דערנאָך האָב איך עס טאַקי געזאָגט פּעטשאָריג׳ען, נאָר ער האָט מיר געענטפערט, אַז די ווילדע טשערקעסין בעדאַרף זיין גליקליך, האָבענדיג אַזאַ מאַן, ווי ער, און אַז קאַזביטש איז אַ גזלן, וועלכען מען בעדאַרף בע-שטראָפען. זאָגט אַליין, וואָס האָב איך געקאָנט ענטפערן דערויף?... אָבער אין יענער צייט האָב איך גאָרנישט געוואוסט פון זייער פערשווערונג. און אָט קומט איינמאָל צופאָהרען קאַזביטש און פרעגט, צי מען ברויכט נישט קיין באַראַנעס און האָניג. האָב איך איהם געהייסען ברענגען צומאָרגענס.

„—אַזאַמאַט!—האָט גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש געזאָגט—מאָרגען וועט דער קאַראַגיאָז זיין אין מיינע הענד; אויב בעלאַ וועט דאָ היינט בייננאַכט נישט זיין, וועסטו נישט זעהן דאָס פערד...

„—גוט!—האָט געזאָגט אַזאַמאַט און איז אַוועקגעלאָפען אין אַאול. בייננאַכט האָט זיך גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש בעוואָפענט און אַרויסגעפאָהרען פון דער פעסטונג. ווי האָבען זיי געמאַכט די זאַך, ווייס איך נישט, נאָר בייננאַכט האָבען זיי זיך צוריקגע-קעהרט און דער סאָלדאַט אויף דער וואַך האָט געזעהן, ווי אויף אַזאַמאַטאַ׳ס זאָטעל איז אין דער ברייט געלעגען אַ פרוי מיט גע-בונדענע הענד און פיס און דער קאָפּ אַרומגעוויקעלט מיט אַ שלייער.

—און דאָס פערד?—האָב איך געפרעגט דעם שטאַבס-קאַ-פּיטאַן.

„באַלד, באַלד. אויף מאָרגען אינדערפריה האָט קאַזביטש געבראַכט צו טרייבען אַ צעהנדליג באַראַנעס צום פערקויפען. צו געבונדען דאָס פערדביים פאַרקאַן, איז ער אַריין צו מיר. איך האָב איהם מכבד-געווען מיט טיי; געוועזן איז ער אפילו אַ גזלן, אָבער דאָך מיינער אַ פריינד.

„האָבען מיר זיך געשמועסט וועגען דאָס און יענץ... פלוצלונג זעה איך: קאַזביטש איז בלאַס געוואָרען, אין פנים זיך פערענדערט און איז צו צום פענסטער. אָבער, צום אומגליק, איז דאָס פענסטער אַרויסגעקומען אויפ׳ן הויף

„—וואָס איז מיט דיר?—האָב איך געפרעגט.

„—מיין פערד!.. דאָס פערד!—האָט ער געזאָגט, ציטערנדיג מיט׳ן גאַנצען לייב.

„ווירקליך, איך האָב אויך געהערט אַ טופעריי פון קאָפּיטעס.

„דאָס איז מסתמא געקומען עפּיס אַ קאָזאַק...

„—ניין! אורוס-יאַמאַן, יאַמאַן!—האָט ער אַרויסגעיאָמערט און זיך העגדום-פענדום געלאָזט לויפען, ווי אַ ווילדע פּאַנטער. אין אַ פּאָר שפּרונגען איז ער שוין געווען אויפ׳ן הויף; ביים טויער פון דער פעסטונג האָט איהם די וואַך פערשטעלט דעם וועג מיט׳ן ביקס. איז ער איבערגעשפּרונגען איבער׳ן ביקס און געלאָזט זיך לויפען מיט׳ן וועג. לויפענדיג, האָט קאַזביטש אַרויסגעכאַפּט פונ׳ם שיידעל דעם ביקס און אויסגעשאָסען. אַ מינוט איז ער געבליבען שטעהן אונבעוועגליך, ביז ער האָט זיך איבערציינט, אַז ער האָט שלעכט אויסגעשאָסען. דערנאָך האָט ער זיך צויאָמערט, אַ קלאַפּ געטהאָן דעם ביקס אָן אַ שטיין, צוהאַקט איהם אויף שטיקלעך, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דער ערד און זיך צעוויינט, ווי אַ קינד... אָט האָט זיך אַרום איהם אַרומגעקליבען אַנ׳עולם פון דער פעסטונג—ער האָט קיינעם נישט בעמערקט; איז מען געשטאַנען אַ ביסעל, געכאַפּט אַ שמועס און אַוועק צוריק. איך האָב געהייסען אַנידערלעגען נעבען איהם דאָס געלד פאַר די באַראַנעס—האָט ער עס נישט אָנגעריהרט, געלעגען אויסגעצויגען, ווי אַ טויטער. וועט איהר גלויבען, אַז ער איז אַזוי אָבגעלעגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און אַ גאַנצע

נאַכט?.. נאָר צומאָרגענס איז ער געקומען אין פעסטונג און גענומען בעטען, מען זאָל איהם זאָגען, ווער האָט צוגענומען דאָס פערד. די וואַך, וואָס האָט געזעהן, ווי אַזאַמאַט האָט אָבגעבונדען דאָס פערד און איז אַנטלאָפען מיט איהם, האָט נישט געוואָלט מאַכען דערפון קיין סוד. ביי דעמדאָזיגען נאָמען האָבען קאַזביטש'ן גענומען פינקלען די אויגען, און ער איז אַוועק אין אַאול, וואו אַזאַמאַט'ס פאָטער האָט געוואוינט.

—נו, וואָס דער פאָטער?

„און דאָס איז טאַקי די זאַך, וואָס קאַזביטש האָט איהם נישט געפונען: ער איז ערגיץ אַוועקגעפאָהרען אויף אַ טאָג זעקס. וואָרום אַזוי וואָלט דען אַזאַמאַט געקאָנט אַוועקפיהרען זיין שוועסטער?

און אַז דער פאָטער איז צוריקגעקומען, האָט ער נישט געפונען נישט דעם זוהן, נישט די טאָכטער. אַ כיטרער יונג: ער האָט געוואוסט, אַז עס איז אַ סוף צו זיין קאָפ, אויב מען וועט איהם פאַקען. און אַזוי איז ער טאַקי פערפאַלען געוואָרען: געמוזט, אַפנים, צושטעהן צו אַ באַנדע אַברעקען און אַוועקגעלעגט זיין טריפה'נעם קאָפ הינטער טערעק, אָדער הינטער קובאַן. און דאָס איז טאַקי געווען זיין וועג!..

„איך בין מיך מודה, אַז איך האָב אויך געכאַפט אַ גוטען חלק. באַלד ווי איך האָב מיך דערוואוסט, אַז די טשערקעסין איז ביי גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש'ן, האָב איך אָנגעטהאָן די עפּאָלעטען, דעם שווערד און אַוועק צו איהם.

„ער איז געלעגען אין בעט אין דעם ערשטען צימער, איין האַנד אונטערגעלעגט אונטער'ן קאָפ און מיט דער צווייטער האָט ער געהאַלטען די פערלאָשענע לולקע. די טהיר אין צווייטען צימער איז געווען פערשלאָסען אויפ'ן שלאָס און דער שליסעל אין שלאָס איז נישט געווען. איך האָב עס באַלד בעמערקט... האָב איך אָנגעהויבען הוסטען און קלאַפען מיט די אָבצאַסען אָן דער שוועל—נאָר ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט כלומר'שט נישט.

„הער פראַפּאָרשטשיק!—האָב איך זעהר פאָרזיכטיג געזאָגט—

זעהט איהר דען נישט, אַז איך בין געקומען צו אייך?

„—אַך, גוטמאָרגען, מאַקסים מאַקסימיטש! איהר ווילט אפשר אַ לולקע?—האָט ער געזאָגט און זיך נישט אויפגעהויבען.

„ענטשולדיגט, איך בין נישט מאַקסים מאַקסימיטש: איך בין שטאַבס-קאַפּיטאַן.

„—אַלצאיינס. ווילט איהר אפשר טיי? ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָס פאַר אַ מין זאָרג איך האָב!

„איך ווייס אַלץ—האָב איך געזאָגט און צוגעגאַנגען צום בעט.

.—נאָך בעסער. איך בין איצט נישט געשטימט צום ריידען.

„הער פּראַפּאָרשטשיק, איהר זענט בעגאַנגען אַ טאַט, פאַר וועלכען איך קאָן מיך אויך בעצאָהלען...

„—נו, געענוג! וואָס איז דאָרטען אַזוי? מיר טיילען דאָך אַלץ אוף דער העלפט.

„וואָס פאַר אַ וויצען? טהוט-אָן, זענט מוחל, דעם שווערד!

„—מיטקע, דעם שווערד!..

„מיטקע האָט געבראַכט דעם שווערד. דערפילט מיין פליכט, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט ביי איהם אויפ'ן בעט און געזאָגט: הער, גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש, זיי זיך מודה, אַז עס איז נישט גוט.

„—וואָס נישט גוט?

„אָט דאָס, וואָס דו האָסט אַוועקגעפיהרט בעלאַ'ן... דאָס איז מיר שוין איין מאָל אַ בעסטיע, דערדאָזיגער אַזאַמאַט!.. נו, זיי זיך מודה—האָב איך איהם געזאָגט.

„—אָבער אַז זי געפעלט מיר?..

„נו, וואָס וועט איהר זאָגען דערויף?.. איך האָב געגאַפט. אָבער דאָך, נאָך אַ געוויסער פויזע, האָב איך איהם געזאָגט, אַז אויב דער פאָטער וועט זי פאָדערן, וועט מען זי דאַרפען אַוועקגעבען.

„—מען וועט גאָרנישט דאַרפען!

„ער וועט זיך דאָך אָבער דערוויסען, אַז זי איז דאָ?

„—ווי וועט ער זיך דערוויסען?

„איך האָב נאָכאַמאָל געגאַפט.

„—הערט-נאָר, מאַקסים מאַקסימיטש—האָט פעטשאָרין געזאָגט, זיך אויפהויבענדיג—איהר זענט דאָך אַ גוטער מענש. אויב מיר וועלען דעמדאָזיגען ווילדען נפש אָבגעבען די טאָכטער, וועט ער זי קוילען אָדער פערקויפען. די זאַך איז געמאַכט געוואָרען, און מען דאַרף זי נישט קאַליע מאַכען אומישנע. לאָזט זי מיר איבער און זיך נעהמט מיין שווערד.

„אָבער ווייזט זי מיר—האָב איך געזאָגט.

„—זי איז הינטער דערדאָזיגער טהיר. אָבער איך האָב זי היינט אַליין אויך נישט געזעהן. זיצט אין ווינקעל איינגעהילט אין שלייער, רעדט נישט און קוקט נישט, שרעקט זיך, ווי אַ ווילדע סאַרנע. איך האָב איהר אָנגעדונגען אַ דיענסט: יענע קאָן טאָטעריש, וועט זי געהן אַרום איהר, צוגעוועהנען זי צום געדאַנק, אַז זי איז מיינע, וואָרום זי וועט קיינעם נישט געהערן אויסער מיר—האָט ער צוגעגעבען און אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פויסט איבער'ן טיש.

„האָב איך דערין אויך מסכים-געווען מיט איהם... וואָס האָב איך געקאָנט אַנדערש טהאָן? פאַרהאַן אַזוינע מענשען, וואָס מען מוז מיט זיי מסכים-זיין”.

—נו, וואָס?—האָב איך געפרעגט מאַקסים מאַקסימיטש'ן—ער האָט זי טאַקי באמת צוגעוועהנט צו זיך, אָדער זי איז פערוועלקט געוואָרען אין געפענגניש, אין בענקשאַפט נאָך דערהיים.

„גאָט איז מיט אייך, פאַרוואָס אין בענקשאַפט נאָך דערהיים? פון דער פעסטונג האָט מען געקאָנט זעהן דיזעלבע בערג, ווי פון אַאול און אָט די ווילדע נפשות בעדאַרפען דאָך מעהר נישט. דערצו האָט איהר גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש יעדען טאָג עפּיס געשענקט: די ערשטע טעג האָט זי שווייגענדיג אָבגעוואָרפען די מתנות, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו דער דיענסט. אַך! מתנות! וואָס וועט אַ פרוי נישט טהאָן פאַר אַ קאָלירט שמאַטקעלע... נאָר דאָס בין איך נישט אויסען... לאַנג האָט זיך גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש געראַנגעלט מיט איהר. דערווייל האָט ער זיך געלערנט טאָטעריש און זי האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן

איך אונזער לשון. ביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוועהנט צו קו־
קען אויף איהם—פריהער פון אונטער׳ן שטערען, פון דער זייט
און אַלץ אומעטיג געווען, זיך געזונגען איהרע ליעדלעך אין
דער־שטיל אַזוי, אַז מיך פלעגט אויף בעפאַלען אַג׳אומעט, אַז
איך פלעג זי הערען פון דעם דערבייאיגען צימער. איך וועל
קיינמאָל נישט פערגעסען איין סצענע. איך בין פאַרבייגעגאַנגען
און אַריינגעקוקט אין פענסטער: בעלאַ איז געזעסען אויפ׳ן זיך־
אויוועלע, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט אויף דער ברוסט, און גריגאָ־
רי אַלעקסאַנדראָוויטש איז געשטאַנען נעבען איהר.—הער, מיין
מלאך—האָט ער געזאָגט—דו ווייסט דאָך, אַז פריהער אָדער שפע־
טער וועסטו זיין מיינע—טאָ פאַרוואָס מוטשעסטו מיך? האָסטו
דען ליעב עפּיס אַ טשעטשענעץ? אויב אַזוי, לאָז איך דיך שוין
אַוועק אַהיים.—זי האָט קוים אויפגעציטערט און אַ שאָקעל גע־
טהאָן מיט׳ן קאָפּ.—אפשר—האָט ער ווייטער געזאָגט—האָסטו מיך
פיינט?—זי האָט אָבגעזיפצט.—אָדער דיין אמונה פערוועהרט דיר
צו ליעבען מיך?—זי איז בלאַס געוואָרען און געשוויגען.—גלויב
מיר, אַלאַ איז פאַר אַלע פעלקער איין־און־דערזעלבער, און אויב
ער דערלויבט מיר צו ליעבען דיך, טאָ פאַרוואָס זאָל ער דיר
פערוועהרן צו צאָהלען מיר מיט דעמזעלבען?—זי האָט זיך איהם
שאַרף אַריינגעקוקט אין פנים אַריין, פונקט ווי זי וואָלט געווען
איבערראַשט דורך דעמדאָזיגען נייעם געדאַנק. מיט די אויגען
האָט זי אויסגעדריקט נישט־צוטרוי און אַ פערלאַנג איבערצוצייי־
גען זיך. און וואָס פאַר אַ אויגען! זיי האָבען ממש געפינקעלט,
ווי צוויי קויהלען.

„—האָרך־נאַר, ליעבע גוטע בעלאַ!—האָט פעטשאָרין ווייי־
טער געזאָגט,—דו זעהסט דאָך, ווי איך האָב דיך ליעב. איך בין
גרייט אַלץ אַוועקצוגעבען, אַבי דיך פרעהליכער צו מאַכען: איך
וויל, דו זאָלסט זיין גליקליך. אָבער אויב דו וועסט נאָך אַלץ
זיין אומעטיג, וועל איך אַוועקשטאַרבען. זאָג, דו וועסט זיין
פרעהליכער?—זי האָט זיך פערטראַכט, נישט אַראָבגעלאָזט פון
איהם איהרע שוואַרצע אויגען. דערנאָך האָט זי ווייך אַ שמייכעל
געטהאָן און אַ שאָקעל געגעבען מיט׳ן קאָפּ—זי איז איינשטימיג.

האָט ער גענומען איהר האַנד און אָנגעהויבען זי איינריידען, זי זאָל איהם אַ קוש טהאָן. זי האָט זיך שוואַך פערטיידיגט און בלויז איבערגע׳חזר׳ט: איך בעט אייך, מען דאַרף נישט, מען דאַרף נישט. האָט ער גענומען בעטען, האָט זי אַ ציטער געטהאָן און זיך צעוויינט.—איך בין דיין געפאַנגענע;—האָט זי געזאָגט—דיין שקלאַפין. נאַטירליך, קאָנסטו מיך צווינגען—און ווידער טרעהרען.

„גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט זיך אַ קלאַפּ געגעבען מיט׳ן פויסט אין שטערען און איז אַרויסגעשפּרונגען אין דעם צווייטען צימער. איך בין אַריין צו איהם. אַ מרה-שחורה׳דיגער, מיט צוזאַמענגעלעגטע הענד, איז ער געגאַנגען אויף-און-אָב.

„וואָס, פּאָטערל?”—האָב איך איהם געפרעגט.—אַ טייוועל, נישט קיין פרוי!—האָט ער געענטפערט.—אָבער איך גיב אייך מיין עהרנוואָרט, אַז זי וועט זיין מיינע... איך האָב אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ.—ווילט איהר זיך וועטען?—האָט ער געזאָגט—אין אַ וואָך אַרום! „געהט עס!”—מיר האָבען אַ קלאַפּ געטהאָן מיט די הענד און זיך צושיידט.

„אויף מאָרגען האָט ער באַלד געשיקט אַ שליח קיין קיזליאַר איינצוקויפען פערשידענע זאַכען; האָט ער געבראַכט אַ סך אַלערלייאיגע פּערסישע מאַטעריעס, וואָס דו וועסט זיי אַלע נישט איבערצעהלען.

„—ווי מיינט איהר, מאַקסים מאַקסימיטש!—האָט ער מיר געזאָגט און געוויזען די מתנות.—וועט ביישטעהן די אַזיאַטישע שענהייט געגען דערדאָזיגער באַטערייע?—איהר קאָנט נישט קיין טשערקעסינס—האָב איך געענטפערט—דאָס איז גאָרנישט דאָס, וואָס אַ גרוזינקע אָדער אַ קאַווקאַזער טאָטערין—גאָרנישט דאָס. זיי האָבען זייערע כללים. זיי זענען אַנדערש דערצויגען. גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט אַ שמייכעל געטהאָן און אָנגעהויבען אויספייפען אַ מאַרש.

„אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז איך בין גערעכט: די מתנות האָבען געווירקט נאָר אויף אַ העלפט: זי איז געוואָרען צערטליכער, האָט אַרויסגעוויזען מעהר צוטרוי—און גאָר. האָט ער זיך בעשלאָסען אויף דעם לעצטען מיטעל. איינמאָל אינדער-

פריה האָט ער געשיקט אָנזאָטלען דאָס פערד, זיך אָנגעטהאָן מעשה-טשערקעס, זיך בעוואָפענט און אַוועק צו איהר.

„—בעלאַ!—האָט ער געזאָגט—דו ווייסט, אַז איך האָב דיך ליעב. האָב איך בעשלאָסען אַריינצוקריגען דיך אַהער, ווייל איך האָב געמיינט, אַז ווען דו וועסט מיך דערקאָנען, וועסטו מיך ליעב האָבען. איך האָב מיך טועה-געווען. זיי געזונד! פערבלייב די בעל-הבית'טע איבער אַלעם, וואָס איך פערמעג. אויב דו ווילסט—קעהר זיך אום צום טאַטען: דו ביזט פריי. איך בין שול-דיג געגען דיר און בעדאַרף זיך בעשטראָפען. זיי געזונד. איך פאָהר—נאָר וואוהין? איך ווייס אַליין נישט. אפשר וועל איך מיך נישט בעדאַרפען לאַנג אַרומיאָגען נאָך אַ קויל אָדער נאָכ'ן קלאַפּ פון שווערד: דעמאָלט זאָלסטו מיך דערמאָנען און מיר מוחל-זיין.

ער האָט זיך אָבגעקעהרט און דערלאַנגט איהר די האַנד צום גע-זעגענען זיך. זי האָט נישט גענומען די האַנד, געשוויגען. שטע-הענדיג הינטער'ן טהיר, האָב איך דורכ'ן שפּאַלט געקאָנט זעהן איהר פנים—און זי האָט מיר באַנג געטהאָן: אַזאַ טויטע בלאַס-קייט האָט בעדעקט דאָס ליעבע פנימ'ל איהרס! נישט געהערט קיין ענטפער, האָט פעטשאָרין געמאַכט עטליכע טריט צו דער טהיר—ער האָט געציטערט. און—זאָגען אייך?—איך מיין, אַז ער איז געווען אימשטאַנד באמת צו דערפילען דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט אין אַ געלעכטער. אַזאַ סאָרט מענש איז שוין דאָס געווען, גאָט ווייס איהם! אָבער באַלד ווי ער האָט אָנגעריהרט די טהיר, איז זי אויפגעשפּרונגען, זיך צעוויינט און אַ וואָרף געטהאָן זיך צו איהם אויפ'ן האַלז.—וועט איהר גלויבען, אַז איך, שטעהענדיג הינטער'ן טהיר, האָב מיך אויך צעוויינט, דאָס הייסט, נישט דאָס, ווייסט איהר, וואָס צעוויינט, נאָר אַזוי—נאַרישקייטען!..."

דער שטאַבּס-קאַפּיטאַן איז אַנטשוויגען געוואָרען.

„יאָ, איך בין מיך מודה,—האָט ער דערנאָך געזאָגט, צי-הענדיג די וואָנסען—עס האָט מיך עפּיס פערדראָסען, וואָס מיך האָט נאָך קיינמאָל קיין איין פרוי אַזוי נישט ליעב געהאַט".

—און לאַנג האָט געדויערט זייער גליק?—האָב איך גע-פרעגט.

„יאָ, זי האָט זיך אונז מודה-געווען, אַז פון דעם טאָג, ווי זי האָט דערזעהן פעטשאָרינ׳ען, פלעגט ער איהר עפטער קומען צו חלום און קיין איין מאַן האָט נאָך קיינמאָל אויף איהר נישט געמאַכט אַזאַ איינדרוק. יאָ, און זיי זענען גליקליך געווען!“

—ווי דאָס איז לאַנגווייליג!—האָב איך אונגערן אויסגעשריען. כלעבען, איך האָב געוואַרט אויף עפּיס אַ טראַגישען סוף, און דאָ האָט זיך אַזוי פּלוצלונג אויסגעלאָזט אַ בוידעם פון מיינע האָפנונגען!..—האָט זיך אָבער—האָב איך ווייטער געזאָגט—דער פאָטער נישט געכאַפּט, אַז זי איז ביי איין אין דער פעסטונג?

„ער האָט, דאַכט זיך, יאָ חושד-געווען. אין עטליכע טעג אַרום האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז מען האָט איהם דערהרג׳עט. אָט ווי אַזוי דאָס איז געשעהן...“

מיין אויפמערקזאַמקייט איז פון דאָסניי דערוועקט געוואָרען.

„מען בעדאַרף אייך זאָגען—קאַזביטש האָט גערעכענט, אַז אַזאַמאַט האָט גע׳גנב׳עט ביי איהם דאָס פערד מיט דעם טאַטענס הסכמה; אַזוי, לפּחות, מיין איך. און אָט האָט ער איהם איינמאָל אָבגעוואַרט ביים וועג, אַ וויאָרסט דריי פאַר׳ן אַאול. דער אַלטער האָט זיך צוריקגעקעהרט, זוכענדיג אומזיסט די טאָכטער. די אודענצעס זענען אָבגעשטאַנען—געווען בין השמשות-צייט, איז זיך דער אַלטער פערטראַכטערהייד געפאָהרען טריט-ביי-טריט, און פּלוצלונג איז קאַזביטש, ווי אַ קאַץ, אַרויסגעשוואומען פון אַ קוסט, אַ שפּרונג געטהאָן פון הינטען אויפ׳ן פערד, אַוועקגעלעגט איהב מיט איין קלאַפּ פון שווערד אויף דער ערד, געכאַפּט די לייצעס—און רוף איהם קנאַקניסעל! מאַנכע אודענצעס האָבען דאָס אַלץ געזעהן פון אַ בערגעל-אַרויס. זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אָנ־יאָגען איהם, אָבער נישט דעריאָגט.

—ער האָט זיך בעלוינט פאַר׳ן פערלוסט פון פערד—גענומען נקמה!—האָב איך געזאָגט, אַרויסצורופען די מיינונג פון מיין מיט-שמועסער.

„געוויס, לויט זייער מנהג,—האָט דער שטאַבס-קאַפּיטאַן געזאָגט—איז ער געווען לחלוטין גערעכט.“

מיך האָט אונגערן איבערראַשט די פעהיגקייט פון אַ רוסי-שען מענשען צוצופאַסען זיך צו די מנהגים פון יענע פעלקער, צווישען וועלכֿע איהם קומט-אויס צו לעבען. איך ווייס נישט, צי אַזאַ אייגענשאַפט פון שכל איז ווערט געשענדט אָדער געלויבט צו ווערען, אָבער זי בעווייזט, אַז ער איז אונגעהויער עלאַסטיש און בעזיצט אַ קלאָרען געזונדטען זין, וואָס איז מוחל דאָס שלעכֿ-טע אומעטום, וואו ער זעהט אַ נויטוועגדיגקייט דערין אָדער דאָס איז נישט מעגליך צו פערריכֿטען.

דער טיי איז שוין דערווייל אויסגעטרונקען געוואָרען. די לאַנג-געשפּאַנטע פערד האָבען געפראָרען אויפ׳ן שניי. די לבנה האָט געבלייכֿט אין מערב און איז גרייט געווען זיך אונטערצו-טונקען אין די שוואַרצע כֿמאַרעס, וואָס זענען געהאַנגען איבער די ווייטע בערג-שפּיצען, ווי שטיקלעך פון אַ צוריסענעם פאָרהאַנג. מיר זענען אַרויס פון דער סאַקלע. דאָס וועטער האָט זיך אויס-געלייטערט, נישט ווי מיין וועג-חבר האָט פאָרגעזאָגט, און האָט אונז פערשפּראָכֿען אַ שטילען פריהמאָרגען. די שטערן-קאַראַהאָדען האָבען זיך אין וואונדערליכע ליניען געבונדען אויפ׳ן ווייטען האָ-ריזאָנט און איינער נאָכֿ׳ן צווייטען זיך אויסגעלאָשען—באַלד ווי דער בלאַסער מזרח-שיין האָט זיך צוגאָסען איבער דעם טונקעל-ליליען-האָריזאָנט און ביסלעכֿווייז בעלויכֿטען דעם רוקען פון בערג, וואָס זענען בעדעקט געווען מיט אונשולדיג-ווייסען שניי. רעכֿטס און לינקס האָבען שוואַרץ געקוקט מרה-שחורה׳דיגע געהיימע תהומ׳ען, און די נעבלען, וואָס האָבען זיך געקנוילט און גע-דרעהט, ווי שלאַנגען, זענען אַרומגעקראָכֿען איבער די קנייטשען פון די שכנ׳ישע פעלזען, פּונקט ווי זיי וואָלטען געפיהלט און זיך געשראָקען פאַר דער דערנעהנטערונג פון טאָג.

שטיל איז געווען אויפ׳ן הימעל און אויף דער ערד, ווי אויפ׳ן האַרץ פון אַ מענשען אין אַ מינוט פון דער פריהמאָרגען-תפילה, זעלטען בלויז פלעגט אָנלויפען אַ קיהל ווינדטעל פון מזרח, אַ הויב טהאָן די גריווע פון פערד, וואָס זענען געווען בעדעקט מיט טוי-געפריהר. מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָבען פינף דאַרע קליאַטשעס גע-

שלעפט אונזערע וועגלעך איבער דעם געדרעהטען וועג אויפ'ן גוד-באַרג. אַליין זענען מיר געגאַנגען צופוס פון הינטען און אונטערגעלעגט שטיינער אונטער די רעדער, ווען די פערד האָבען זיך אַרויסגעשלאָגען פון די כחות. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער וועג האָט געפיהרט אין הימעל אַריין, וואָרום וויפיעל דאָס אויג האָט געקאָנט זעהן, האָט ער זיך אַלץ אויפגעהויבען און, צולעצט, פערפאַלען געוואָרען אין וואָלקען, וואָס האָט נאָך פון אָוועגד גערוהט אויפ'ן שפּיץ פון גוד-באַרג, ווי אַ קאָרשון, וואָס וואַרט אויף זיין רויב. אונטער אונזערע פיס האָט געסקריפּעט דער שניי. די לופט איז געוואָרען אַזוי שיטער, אַז עס איז שווער געוועזען צו אָטעמען. דאָס בלוט איז אַלע מינוט צוגעטראָטען צום קאָפּ, אָבער דאָך האָט זיך עפּיס אַ שפּירונג פון תענוג צושפּרייט איבער אַלע מיינע אָדערן און מיר איז געוועזען אַזוי פרעהליך, וואָס איך בין אַזוי הויך איבער דער וועלט—אַ קינדישע שפּירונג, איך שפּאַר מיך נישט, אָבער אַז מיר דערווייטערן זיך פון די בעדינגונגען פון דער געזעלשאַפט און דערנעהנטערן זיך צו דער נאַטור, ווערען מיר נישט-ווילענדיג קינדער: אַלץ, וואָס איז דערוואָרבען געוואָרען, פאַלט-אָב פון דער נשמה, און זי ווערט פון דאָסניי אַזאַ, ווי זי איז אַמאָל געוועזען און וועט מסתמא ווען-עס-איז נאָך זיין אַזאַ צוריק. דעם, וועמען עס איז אויסגעקומען, ווי מיר, צו בלאָנקען איבער וויסטע בערג און זיך לאַנג-לאַנג אַריינקוקען אין זייערע אויסטערלישע געשטאַלטען און שלינגען דורשטיג די מחיה'דיגע לופט, וואָס איז צוגאָסען אין זייערע שפּאַלטען, דער וועט אודאי פערשטעהן מיין חשק איבערצוגעבען, דערצעהלען, אויסמאָלען דידאָזיגע כשופ'דיגע בילדער. אָט האָבען מיר זיך, לסוף, אַרויפגעקריגען אויפ'ן גוד-באַרג, זיך אָבגעשטעלט און אַרומגעקוקט זיך. איבער איהם איז געהאַנגען אַ גרויסער וואָלקען און זיין קאַלטער אָטעם האָט געסטראַשעט מיט אַ נאָהנטען געוויטער. אָבער אין מזרח איז אַלץ געוועזען אַזוי קלאָר און גאָלדיג, אַז מיר, דאָס הייסט איך און דער שטאַבס-קאַפּיטאַן, האָבען אינגאַנצען פערגעסען אָן איהם... יאָ, אויך דער שטאַבס-קאַפּיטאַן: אין האַרץ פון פּשוט'ען מענשען איז

דאָס געפיהל פון שענקייט און די גרויסקייט פון דער נאַטור הונ-דערט מאָל שטאַרקער, לעבעדיגער, איידער אין אונז, די בעגייסטערטע דערצעהלער דורך ווערטער און אויפ׳ן פּאַפּיר.

—איהר, מיין איך, זענט געוועהנט צו דידאָזיגע וואונדער-שענע בילדער?—האָב איך געזאָגט.

„דאַ-ס, און צום פייפען פון דער קויל קאָן מען זיך אויך צוגעוועהנען, דאָס הייסט זיך צוגעוועהנען פערבאָרגען דאָס אונ-גערנדיגע האַרצקלאַפּעניש".

—איך האָב געהערט פערקעהרט, אַז פאַר מאַנכע אַלטע מיליטערלייט איז דידאָזיגע מוזיק זעהר אָנגענעהם?

„נאַטירליך, אויב איהר ווילט, איז עס אויך אָנגענעהם. אָבער אַלץ טאַקי דערפאַר, וואָס דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער. זעהט,—האָט ער צוגעגעבען און אָנגעוויזען צו מזרח—וואָס פאַר אַ לאַנד!"

און באמת, ווער ווייס, צי מיר וועט נאָך זיין בעשערט צו זעהן אַזאַ פּאַנאָראַם: אונטער אונז איז געלעגען דער קאָישאַאור טהאָל, איבערגעשניטען דורך דער אַראַגווע און אַנ׳אַנדער טייכעל, ווי מיט צוויי זילבערנע פעדים. אַ בלויליכער נעבעל איז געשוואומען איבער׳ן טהאָל, אַנטלויפענדיג פון די וואַרימע פריה-מאָרגען-שטראַהלען אין די דערבייאיגע בערג-שפּאַלטען. רעכטס און לינקס האָבען צייהניגע שורות בערג, איינע העכער פון דער צווייטער, זיך איבערגעשניטען און זיך געצויגען, בעדעקט מיט שנייען און קוסטעס. אין דערווייטענס—דיזעלבע בערג, וואָלטען כאָטש אַ צוויי פעלזען געווען עהנליך איינער צום צווייטען; און די אַלע שנייען האָבען אַזוי פרעהליך, אַזוי שטאַרק געבערענט מיט אַ פּורפּור-גלאַנץ, אַז עס האָט זיך געוואָלט דאָ אויף איי-ביג בלייבען וואוינען. די זון האָט זיך קוים בעוויזען פון הינ-טער אַ טונקעל-בלויען באַרג, וואָס נאָר אַ געניט אויג וואָלט גע-קאָנט אונטערשיידען פון אַ געוויטער-כמאַרע. אָבער איבער דער זון איז געהאַנגען אַ בלוטיגער פּאַס, וואָס האָט מיין חבר בעזונ-דערס פעראינטערעסירט. „איך האָב אייך געזאָגט!—האָט ער אויס-געשריען—אַז היינט וועט זיין אַ געוויטער; בעדאַרף מען זיך צו-

איילען, אנישט וועט עס אונז נאָך אפשר פאַקען הינטער׳ן קרייץ-
באַרג. ריהרט זיך!״—האָט ער אַ געשריי געטהאָן צו די פוהר-
מאַנעס.

אָנשטאָט אַ טאָרמאַז, זענען אונטערגעלעגט געוואָרען קייטען
אונטער די רעדער, זיי זאָלען זיך נישט אַראָבגליטשען, די פערד
האָט מען גענומען פאַר׳ן צוים און מיר האָבען זיך אָנגעהויבען
אַראָבלאָזען. רעכטס איז געווען אַ פעלז, לינקס אַזאַ תהום, אַז
דער גאַנצער ישוב פון אָסעטינער, וואָס האָבען געוואוינט אונ-
טען, אויפ׳ן דעק, האָט אויסגעוויזען, ווי אַ נעסט פון שוואַלבען.
איך האָב אַ ציטער געטהאָן ביים געדאַנק, אַז אין אַ טויב-שטילער
נאַכט, איבער דעמדאָזיגען וועג, וואו צוויי פוהרען קאָנען מיט אַמאָל
נישט דורכפאָהרען, פאָהרט שטענדיג עפּיס אַ קוריער אַ מאָל צעהן
אין יאָהר, נישט-אַרויסקריכענדיג פון זיין טרויכלענדיגען עקיפּאַזש.
איינער פון אונזערע פוהרלייט איז געווען אַ רוסישער פויער פון
יאַראָסלאַוו, דער צווייטער אַג׳אָסעטין. דער אָסעטין האָט געפיהרט
דאָס מיטעלסטע פערד פאַר׳ן צוים זעהר פאָרזיכטיג, אויסשפּאַנענ-
דיג פריהער די זייטיגע פערד, אָבער אונזער זאָרגלאָזער רוס איז
אפילו נישט אַראָבגעקראָכען פון קאָזלע. בשעת איך האָב איהם
בעמערקט, אַז ער וואָלט זיך כאָטש עטוואָס געמעגט בעאונרוהי-
גען לטובת מיין טשעמאָדאַנדעל, נאָך וועלכען איך וואָלט קיין
בעלן נישט געווען צו קריכען אין דעמדאָזיגען תהום אַריין, האָט
ער מיר געענטפערט: „אוי, האַרעלע! גאָט וועט געבען. מיר ווע-
לען דערפאָהרען נישט ערגער פון זיי. נישט דאָס ערשטע מאָל
דאָך״.—און ער איז געווען גערעכט: מיר האָבען באמת געקאָנט
נישט דערפאָהרען און דאָך אָבער דערפאָהרען. און ווען מענ-
שען וואָלטען מעהר געטראַכט, וואָלטען זיי זיך איבערצייגט,
אַז דאָס לעבען איז גאָרנישט ווערט, מען זאָל זיך אַזויפיעל ווע-
גען איהם...

אָבער אפשר ווילט איהר וויסען דעם סוף פון בעלאַ׳ס גע-
שיכטע? שרייב איך, ערשטענס, נישט קיין דערצעהלונג, נאָר ריי-
זע-נאָטיצען, דאָס הייסט, איך קאָן נישט צווינגען דעם שטאַבס-
קאַפּיטאַן, ער זאָל מיר דערצעהלען פריהער, איידער ער הויבט-

אָן דערצעהלען. אַלזאָ, האָט געדולד, אָדער, אויב איהר ווילט,
מישט-איבער עטליכע זייטלעך. אָבער איך ראַט עס אייך נישט,
וואָרום די נסיעה איבער׳ן קרייץ-באַרג פערדיענט אייער נייגי-
ריגקייט. האָבען מיר זיך, אַלזאָ, אַראָבגעלאָזט פונ׳ם גוד-באַרג
אין טשאָרט*)-טהאָל... אָט איז אַ ראָמאַנטישער נאָמען! איהר
זעהט שוין מסתמא דעם נעסט פונ׳ם רוח צווישען די ריזיגע
פעלזען—אָבער עס הויבט זיך גאָרנישט אָן: דער נאָמען טשאָרט-
טהאָל שטאַמט פון וואָרט טשערטאַ**) און נישט טשאָרט, ווייל
דאָ איז אַמאָל געווען די גרעניץ פון גרוזיען. דערדאָזיגער טהאָל
איז פערלעגט מיט בערג שניי, וואָס האָט גאַנץ רעאַל דערמאָנט
אָן סאַראַטאָוו, טאַמבאָוו און נאָך אַזוינע ליעבע ערטער פון אונ-
זער פאָטערלאַנד.

„און אָט איז דער קרייץ-באַרג!"—האָט געזאָגט דער שטאַבס-
קאַפּיטאַן, בשעת מיר זענען אַריינגעפאָהרען אין טשאָרט-טהאָל, און
האָט מיר אָנגעוויזען אויפ׳ן באַרג, וואָס איז געווען בעדעקט מיט
שניי. אויפ׳ן שפּיץ איז געשטאַנען אַ שוואַרצער שטיינערנער צלם און
פאַרביי איהם האָט זיך געצויגען אַ וועג, קוים-קוים צו מערקען,
און איבער דעם וועג איז מען געפאָהרען נאָר דעמאָלט, ווען
דער זייטיגער שליאַך איז געווען פערלעגט מיט שניי. אונזערע
פוהרלייט האָבען געזאָגט, אַז קיין ערד-אָבזעצונגען זענען נאָך
נישט געווען, און, שאַנעווענדיג די פערד, האָט מען אונז גע-
פיהרט אַרום. ביים פערקעהרן זיך אין דער זייט האָבען מיר אָנ-
בעגעגענט אַ פינף אָסעטינער. זיי האָבען אונז פאָרגעלעגט זייער
דיענסט, און, אָננעהמענדיג זיך פאַר די רעדער, האָבען זיי מיט
ליאַרם גענומען שלעפען און אונטערהאַלטען אונזער וואָגען. און
באמת, דער וועג איז אַ געפעהרליכער: רעכטס איבער אונז זע-
נען געהאַנגען בערג שניי, וואָס זענען, דאַכט זיך, גרייט געווען
ביים ערשטען בלאַז פון ווינטעל אַראָבצורייסען זיך אין טהאָל

*)טשאָרט—טייוועל, שד, רוח.

**)טשערטאַ—תחום, גרעניץ, שטריך.

אַריין. דער איינגער וועג איז טיילווייז געווען בעדעקט מיט שניי, וואָס איז אין מאַנכע ערטער איינגעפאַלען אונטער די פיס און אין אַנדערע זיך פערוואַנדעלט אין אייז צוליעב דער ווירקונג פון די זונשטראַהלען און די נאַכט-פרעסט אַזוי, אַז מיר האָבען קוים אַליין געקאָנט אַרויסקריכען. אונזערע פערד פלעגען אַנידערפאַלען; לינקס האָט אַרויסגעקוקט אַ טיעפער באַרג-שפאַלט, וואו עס האָט זיך געקויקעלט אַ שטראָם און דאָ זיך פערבאָרגען אונטער דער קאָרע פון אייז און דאָ מיט שוים געשפרונגען איבער די שוואַרצע שטיינער. ביי אַ צוויי שעה האָבען מיר קוים געקאָנט אַרומפאָהרען דעם קרייץ-באַרג—צוויי וויאָרסט אין צוויי שעה! דערווייל האָבען זיך אַראָבגעלאָזט די כמאַרעס, עס איז געפאַלען אַ האָגעל, אַ שניי. דער ווינד, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין די בערג-שפאַלטען, האָט געברומט און געפייפט, ווי דער נאַכטיגאַל-גזלן, און באַלד איז דער שטיינערנער צלם אַנטרונען געוואָרען אין נעבעל, וואָס זיינע כוואַליעס, איינע געדיכטער און געפרעסטער פון דער צווייטער, זענען אָנגעשוואומען פון מזרח... וועגען דעמדאָזיגען צלם, צום אָרט געזאָגט, איז פאַרהאַן אַ משונה׳דיגע, נאָר אַ פּאָפּולערע לעגענדע, אַז ער איז געשטעלט געוואָרען דורכ׳ן קייזער פעטר I, ווען ער איז דורכגעפאָהרען קאַווקאַז. אָבער, ערשטענס, איז פעטר בלויז געווען אין דאַגעסטאַן, און, צווייטענס, איז אויפ׳ן צלם מיט גרויסע אותיות געווען אָנגעשריבען, אַז ער איז געשטעלט געוואָרען לויט׳ן בעפעהל פון גענעראַל יערמאָלאָוו, און נעמליך—אין יאָהר 1824. אָבער דידאָזיגע לעגענדע, נישט-געקוקט אויף דער אויפשריפט, איז אַזוי איינגעוואָרצעלט געוואָרען, אַז דו ווייסט נישט, כלעבען, וועמען צו גלויבען, בפרט נאָך, אַז מיר זענען סתם נישט געוועהנט צו גלויבען אַנ׳אויפשריפט.

מיר האָבען זיך בעדאַרפט אַראָבלאָזען נאָך אויף אַ וויאָרסט פינף איבער די אייז-געדעקטע פעלזען און וואַסערדיגען שניי, צו דערגרייכען די סטאַנציע קאָבי. די פערד זענען פערמוטשעט געוואָרען, מיר—דורכגענומען פון קעלט, די זאַווערוכע האָט געפייפט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, פונקט ווי אונזער היימישע

צפונ'דיגע זאווערוכע, אבער איהרע ווילדע מעלאָדיעס זענען גע-
ווען טרויעריגער, האַרצרייסענדיגער. „אויך דו, פערטריבענע—
האָב איך געטראַכט—וויינסט נאָך דיינע ברייטע פרייע סטע-
פעס! דאָרט איז דאָ וואו אויסצושפרייטען די קאַלטע פליגלען,
און דאָ איז דיר דושנע און אײנג, ווי דעם אָדלער, וואָס שלאָגט
זיך מיט געשריי אָן דעם אייזערנעם דראָט פון זיין שטייג.

„שלעכט!—האָט געזאָגט דער שטאַבס-קאַפּיטאַן—גיט נאָר אַ
קוק, מען זעהט גאָרנישט אַרום, מיר וועלען אַריינפאַלען אין אַ
תהום אָדער מיר וועלען בלייבען זיצען אין אַ לאָך. און דאָרט,
נידעריגער, האָט זיך מסתמא די באַידאַרע אַזוי צושפּיעלט, אַז דו
וועסט נישט אַדורכפאָהרען. דאָס איז מיר שוין איין מאָל אַנ'-
אַזיען! צי אַ מענש, צי אַ טייכעל—פערלאָזען זיך אויף זיי טאָר
מען נישט".

די פוהרלייט האָבען מיט קולות און זידלערייען געשלאָגען
די פערד, וואָס האָבען געבלאָזען מיט די נאָזלעכער, זיך איינגע-
שפּאַרט און בשום אופן נישט געוואָלט זיך ריהרען פון אָרט,
נישט-געקוקט אויפ'ן פיינעם לשון פון דער בייטש.

„וואַשע בלאַגאָראָדיע,—האָט זיך, צולעצט, איינער אָנגערו-
פען—מיר וועלען דאָך היינט נישט דערפאָהרען קיין קאָבי. אפשר
וועט איהר דערווייל לאָזען זיך אָבקעהרען לינקס? עפּיס אַ
שווארצע זאַך זעהט זיך דאָרטען—מסתמא סאַקלעס. וועג-לייט
בלייבען שטענדיג דאָרטען שטעהן אין אַ געוויטער. זיי זאָגען, אַז
זיי וועלען ווייזען דעם וועג, אויב מען וועט זיי געבען אויף
בראָנפען"—האָט ער צוגעגעבען און אָנגעוויזען אויף אַנ'אָסעטין.

„איך קאָן דיך, ברודערל, איך קאָן דיך!—דאָס זענען שוין
איין מאָל בעסטיעס! חלש'ן זיך צוטשעפּען, אַבי אויסרייסען אויף
בראָנפען."

—זענט זיך מודה,—האָב איך געזאָגט—אָהן זיי וואָלט אונז
נאָך ערגער געווען.

„אמת, אמת—האָט ער אַרויסגעמורמעלט—דאָס זענען מיר
שוין איין מאָל וועגווייזער! מיט'ן אינסטינקט שפּירען זיי, וואו

מען קאָן עפּיס פּאַקען, פּונקט ווי אָהן זיי ווייס מען גאָר דעם וועג נישט.״

אָט האָבען מיר אָבגעקעהרט אויף לינקס, און ווי-עס-איז, נאָך לאַנגע שהיות, זיך דערשלאָגען צו עפּיס אַ צרה'דיגען ישוב, וואָס איז בעשטאַנען פון צוויי סאַקלעס, צונויפגעשטעלט פון פּליטעס און שטיינער און אַרומגעצוימט אויך מיט אַזאַ וואַנד. די אַרומגעריסענע בעלי-הבתּים האָבען אונז אויפגענומען גאַנץ פריינדליך. דערנאָך האָב איך מיך דערוואוסט, אַז די רעגירונג צאָהלט זיי און האַלט זיי אויס מיט'ן תּנאי, אַז זיי זאָלען אויפנעהמען וועג-לייט, וואָס זענען בעפאַלען געוואָרען פון געוויטער.

—אַלץ געהט צו בעסער!—האָב איך געזאָגט און זיך צוגעזעצט צום פייער.—איצט וועט איהר מיר פערענדיגען דערצעהלען וועגען בעלאַ'ן. איך בין זיכער, אַז דאָס איז נאָך נישט דער סוף.

„נאָר פאַרוואָס זענט איהר אַזוי זיכער?—האָט געפרעגט דער שטאַבס-קאַפּיטאַן און אַ וואונק געטהאָן צו מיר מיט אַ שעלמיש שמייכעלע״.

—דערפאַר, ווייל אַזוי געשיהט עס נישט: דאָס, וואָס האָט זיך אונגעוועהנליך אָנגעהויבען, דאָס בעדאַרף זיך אויך אַזוי ענדיגען.

„און איהר האָט דאָך געטראָפען...״

—זעהר צופרידען.

„אייך איז זיך גוט צו פרעהען, און מיר איז, כלעבען, אַזוי אומעטיג, בשעת איך דערמאָן מיך וועגען דעם. אַ וואויל מיידעלע געווען, דידאָזיגע בעלאַ. צולעצט, בין איך צו איהר אַזוי צוגעוועהנט געוואָרען, ווי צו אַ טאָכטער, און זי האָט מיך ליעב געהאַט. איך בעדאַרף אייך זאָגען, אַז איך האָב נישט קיין פאַמיליע: פונ'ם פאָטער און מוטער האָב איך שוין צוועלף יאָהר קיין שום ידיעה נישט און צוגרייטען זיך אַ ווייב האָב איך מין פריהער נישט געכאַפּט. איצט, ווידער, פּאַסט שוין נישט דעו עסק! איך בין געווען צופרידען, וואָס איך האָב געפונען וועמע

צו פיעסטען. טיילמאָל פלעגט זי אונז נעהמען זינגען אָדער טאַנ-צען אַ לעזגינקע... אָבער ווי פלעגט זי טאַנצעהן! איך האָב גע-זעהן אונזערע גובערניע-מיידלעך און אַמאָל אפילו געווען אין מאָסקווע אינ'ם אַדעל-קלוב, מיט אַ יאָהר פופצען צוריק—נאָר ווי קומט עס! גאָרנישט דאָס!.. גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש פלעגט זי אויספוצען, ווי אַ ליאַלקעלע, געהיט און געצערטעלט, און זי איז ביי אונז אַזוי שען געוואָרען, אַז עס איז געווען אַ מחיה צו קו-קען. פון פנים און פון די הענד איז אַראָב די פערברענטקייט, אויף די באַקען האָט זיך אַ רויטקייט צושפּיעלט... און געווען איז זי אַ פרעהליכע, און אַלץ איבער מיר האָט די שטיפערין גע'-חוזק'ט, גאָט זאָל איהר עס מוחל-זיין?.."

—און וואָס, אַז איהר האָט איהר אָנגעזאָגט וועגען דעם טאַטענס טויט?

„אַ היבשע צייט האָבען מיר עס פערבאָרגען פון איהר, ביז זי איז נישט צוגעוועהנט געוואָרען צו איהר לאַגע, און אַז מען האָט עס איהר געזאָגט, האָט זי אַ טאָג צוויי געוויינט און דער-נאָך פערגעסען.

„אַ חדשים פיער איז אַלץ אויסגעצייכענט גוט געגאַנגען. איך האָב שוין, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז גריגאָרי אַלעקסאַנדראָ-וויטש האָט זעהר ליעב געהאַט יאַגד: עס פלעגט איהם ציהען אין וואַלד אַריין נאָך די ווילדע חזרים אָדער ציגען—און דאָ וואָלט ער אייך אַרויסגעגאַנגען אפילו הינטער'ן וואַל פון דער פעסטונג. זעה איך אַזוי איינמאָל, ווי ער ווערט פון דאָסניי פער-טראַכט, געהט-אַרום איבער'ן צימער, די הענד פערלעגט אויף הינטען. דערנאָך איז ער איינמאָל אַוועק שיסען, קיינעם גאָר-נישט געזאָגט דערפון—אויף אַ גאַנץ פריהמאָרגען פערפאַלען גע-וואָרען. איין מאָל און אַ צווייט מאָל און אַלץ עפטער און עפ-טער... נישט גוט—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן—מסתמא אַ שוואַר-צע קאַץ איבערגעלאָפען צווישען זיי.

איינמאָל, אינדערפריה, קום איך אַריין צו איהם—און ווי איצט פאַר די אויגען: בעלאַ זיצט אויפ'ן בעט אין אַ שוואַרצען

װידענעם בעשמעט, אַ בלאַסע, אַזאַ אומעטיגע, אַז איך האָב מיך ״ערשראָקען.

„און וואו איז פעטשאָרין ? — האָב איך געפרעגט.

„— אויף יאַגד.

„היינט אַוועק ? — זי האָט געשוויגען, פונקט ווי איהר וואָלט זיין שווער אַרויסצורײדען.

„— ניין, נאָך נעכטען, — האָט זי, צולעצט, געזאָגט און שווער אָבגעזיפצט.

„איז עפּיס נישט געשעהן מיט איהם ?

„— איך האָב נעכטען אַ גאַנצען טאָג געטראַכט, געטראַכט — האָט זי געענטפערט דורך טרעהרען — צוגעטראַכט פערשידענע אומגליקען : דאָ האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַ ווילדער חזיר האָט איהם פערוואונדעט, דאָ אַז אַ טשעטשענעץ האָט איהם אין די בערג פערשלעפּט... און היינט דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט מיך נישט ליעב.

„כלעבען, מיין ליעבע, קיין ערגערס האָסטו גאָרנישט געקאָנט צוטראַכטען. זי האָט זיך צעוויינט, דערנאָך מיט שטאָלץ אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אויסגעווישט די טרעהרען און ווייטער געזאָגט :

„— אויב ער האָט מיך נישט ליעב, טאָ ווער לאָזט איהם מיך נישט אָבשיקען אַהיים ? איך נויט איהם נישט. און אויב דאָס װעט זיך אַזוי ציהען, וועל איך אַליין אַוועקגעהן : איך בין נישט זיין שקלאַפין — איך בין אַ פירשטליכע טאָכטער !..

„איך האָב זי גענומען בערוהיגען : — הער, בעלאַ, ער קאָן דאָך אַזוי נישט זיצען דאָ אייביג, ווי אַ צוגענייהטער צו דיין קליידעל : ער איז דאָך אַ יונגער מענש, האָט ליעב צו געהן אויף יאַגד — געהט ער און װעט קומען. און אַז דו וועסט זיין טרויעריג, וועסטו איהם גיכער דערעסען.

„— אמת, אמת ! — האָט זי געענטפערט — איך וועל זיין פרעהליך. — און מיט ווילדען געלעכטער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן איהרע גלעקלעך, גענומען זינגען, טאַנצען און שפּרינגען אַרום מיר. אָבער לאַנג האַט עס נישט געדויערט. זי איז ווידער געפאַלען

אויפ׳ן בעט און פערדעקט מיט׳ן האַנד דאָס פנים.

„וואָס האָב איך געקאָנט טהאָן מיט איהר? איך האָב, ווייסט איהר, מיט פרויען קיינמאָל נישט פערקעהרט. האָב איך געטראַכט, געטראַכט, ווי אַזוי מען בערוהיגט זי און גאָרנישט צוגעטראַכט. אַ געוויסע צייט האָבען מיר ביידע געשוויגען... זעהר נישט קיין אָנגענעהמע לאַגע...

„צולעצט, האָב איך איהר געזאָגט: ווילסט, לאָמיר געהן שפּאַצירען אויפ׳ן וואַל. איז טאַקי שען אין דרויסען? דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער. און באמת, דער טאָג איז געווען אַ וואונדערליכער, אַ העלער און נישט קיין הייסער. אַלע בערג האָבען זיך געזעהן, ווי אויף אַ טעלערל. זענען מיר אַוועק; געגאַנגען איבער׳ן וואַל פון דער פעסטונג אַהין-און-צוריק און געשוויגען. צולעצט, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ קלאָץ און איך נעבען איהר. נו, כלעבען, אַ חוזק צו דערמאָנען: געלאָפען אַרום איהר, ווי עפּיס אַ ניאַנקע.

„די פעסטונג אונזערע איז געשטאַנען אויף אַ הויכען אָרט און פון וואַל האָט זיך געזעהן אַ גרויסאַרטיגע לאַנדשאַפט: פון איין זייט—אַ ברייטער טהאָליגער פלאַץ, וואָס האָט זיך פערענדיגט מיט אַ וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגען ביז׳ן סאַמע רוקען פון באַרג; אויף דעמדאָזיגען פלאַץ האָבען זיך וואו-נישט-וואו גערויכערט אַאולען, געגאַנגען טאַבונעס; פון דער צווייטער זייט איז געלאָפען אַ קליין טייכעל—דערביי אַ שיטער וועלדעל, וואָס האָט בעדעקט די שטיינערנע הויכקייטען, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט מיט דער הויכקייט פון קאַווקאַז. מיר זענען געזעסען אויף אַ ראָג פון אַ באַסטיאָן אַזוי, אַז מיר האָבען אין ביידע זייטען געקאָנט אַלץ זעהן. און אָט זעה איך: עמיץ פאָהרט אַרויס פון וואַלד אויף אַ גרויען פערד, קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער, שטעלט זיך צולעצט אָב אויף יענער זייט טייכעל ביי הונדערט קלאַפטער פון אונז און הויבט-אָן דרעהען זיין פערד, ווי אַ משוגע׳נער. וואָס איז דאָס אַזוינס?.. זעה-נאָר, בעלאַ—זאָג איך—האָסט יונגע אויגען, וואָס איז דאָס פאַר אַ דזשיגיט: וועמעס איז ער דאַ געקומען פרעהליך מאַכען?..

„האָט זי אַ קוק געטהאָן און אויסגעשריען: דאָס איז קאַז-
ביטש!

„אַך, דאָס איז ער, דער גזלן! איז ער דאָ געקומען חוזק'ן איבער אונז, צי וואָס? קוק איך מיך איין—טאַקי קאַזביטש: זיין טונקעלער פּרצוף, אַנ'אָרומגעריסענער, אַ שמוציגער, ווי תּמיד.

„—דאָס איז מיין טאַטענס פערד,—האָט בעלאַ געזאָגט, און אַ כאַפּ געטהאָן מיך ביי דער האַנד. זי האָט געציטערט, ווי אַ בלאַט און די אויגען האָבען איהר געפינקעלט. אַך!—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן—אין דיר שווייגט אויך נישט דאָס גזלנ'ישע בלוט!

„קום אָקאָרשט אַהער,—האָב איך געזאָגט דעם סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך—קוק נאָר אָן דיין ביקס און לעג מיר אַוועק דעמדאָזיגען וואוילען יונג—קריגסט אַ רובל זילבערגעלד.—סלושאַיו, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע. אָבער ער שטעהט נישט אויף איין אָרט...—טאָ הייס איהם,—האָב איך געזאָגט לאַבענדיג...—עי, מיין ליעבער!—האָט אַ געשריי געטהאָן דער וואַך-סאָלדאַט, מאַכענדיג צו איהם מיט דער האַנד—וואַרט-נאָר אַ רגע'לע, וואָס דרעהסטו זיך, ווי אַ שד?—קאַזביטש האָט זיך באמת צוגעשטעלט און זיך גענומען צוהערען: מסתּמא געמיינט, אַז מען וויל דאָ מיט איהם גאַנצע מחזקות מאַכען—ווי דען אַנדערש?.. מיין גרענאַדער האָט זיך צוגעציעלט... באַך!.. פּאַרביי. באַלד ווי דער פּולווער האָט אויפגעפלאַמט, האָט קאַזביטש אַ שטויס געטהאָן דאָס פערד, איז עס אָבגעשפּרונגען אין דער זייט. ער האָט זיך צוגעשטעלט אויף די פוס-אייזענדלעך פון זאָטעל, אויסגעשריען עפּיס אויף זיין לשון, אַ סטראַשע געטהאָן מיט דער בייטש—און דורך איהם קנאַקניטעל!

„ווי שעמסטו זיך דאָס נישט?—האָב איך געזאָגט צום וואַך-סאָלדאַט.

„—וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! שטאַרבען אַוועקגעגאַנגען,—האָט ער געענטפערט,—דאָס איז אַזאַ פערשאָלטען פאָלק, אַז מיט איין מאָל וועסטו עס נישט דער'הרג'ענען.

„אין אַ פיערטעל שעה אַרום איז פעטשאָרין געקומען פון

יאַגד. בעלאַ האָט זיך איהם אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן האַלז און— קיין איין קלאָג-וואָרט, קיין שום פאָרוואורף. אפילו איך האָב מיך צובייזערט אויף איהם.—איך בעט אייך,—האָב איך געזאָגט—אָט איז דאָ ערשט היינטער'ן טייכעל געווען קאַזביטש און מיר האָבען געשאָסען אין איהם. נו, בעדאַרף מען לאַנג וואַרטען, אַז מען זאָל זיך אָנדרעהען אויף איהם? דידאָזיגע בערגלייט זענען אַ פאָלק פון נקמה. מיינט איהר, ער פערשטעהט נישט, אַז איהר האָט טיילווייז פערהאָלפען אַזאַמאַט'ן? און איך געה אין געוועט, אַז ער האָט היינט דערקאָנט בעלאַ'ן. איך ווייס, אַז מיט אַ יאָהר צוריק איז זי איהם שטאַרק געפעלען געווען—ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט, און ווען ער וואָלט געהאָפט אויפצוזאַמלען אַ רעכטען נדן, וואָלט ער זיך אודאי גע'שדכנ'ט... דאָ האָט זיך פעטשאָרין פערטראַכט.

„—יאָ,—האָט ער געענטפערט—מען בעדאַרף זיין פאָרזיכטיגער... בעלאַ! פון היינטיגען טאָג אָן בעדאַרפסטו נישט געהן אויפ'ן פעסטונגסוואַל.

„אין אָוועגד האָב איך געהאַט מיט איהם אַ לאַנגען שמועס. מיך האָט פערדראָסען, וואָס ער האָט זיך געענדערט צו דעמדאָזיגען אָרימען מיידעלע. אויסערדעם, וואָס ער האָט אַ האַלבען טאָג גע'פטר'ט אויף יאַגד, איז זיין בעציהונג קעלטער געוואָרען, ער האָט זי זעלטען געצערטעלט און זי האָט אָנגעהויבען וועלקען אויף אַלעמענס אויגען: דאָס פנימ'ל אויסגעצויגען, די גרויסע אויגען זענען אויסגעלאָשען געוואָרען. אַמאָל פרעגסטו זי: פאַרוואָס האָסטו אָבגעזיפצט, בעלאַ? דיר איז אומעטיג?—ניין.— בענקסטו נאָך די היימישע? — איך האָב נישט אַזוינע. און אַזוי פלעגסטו טיילמאָל גאַנצע טעג זיך גאָרנישט דערשלאָגען פון איהר, אויסער „יאָ" און „ניין".

און טאַקי וועגען דעם האָב איך מיט איהם געכאַפּט אַ שמועס.

„—הערט-נאָר, מאַקסים מאַקסימיטש—האָט ער געענטפערט— איך האָב אַנ'אומגליקליכען כאַראַקטער: צי די דערציהונג האָט מיך אַזוי געמאַכט, צי גאָט האָט מיך אַזוי בעשאַפען—איך ווייס

גישט. איך ווייס גאָר דאָס, אַז ווען איך מאַך עמיצען אומגליקליך, בין איך אַליין נישט ווייניגער אומגליקליך. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס איז פאַר יענעם גאָר אַ קנאַפּע טרייסט—אָבער דאָס איז פּאָרט אַזוי. גאָר אין די יונגע יאָהרען, פון יענער מינוט אָן, ווען איך בין אַרויס פון דער קרובי'שער השגחה, האָב איך מיך משוגע'נערווייז אָבגעגעבען די אַלע פערגעניגענס, וואָס מען קאָן בעקומען פאַר געלד, און דידאָזיגע פערגעניגענס זענען מיר, פערשטעהט זיך, דערעסען געוואָרען. דערנאָך האָב איך מיך געלאָזט אין דער גרויסער וועלט אַריין און באַלד איז מיר די געזעלשאַפט אויך דערווידער געוואָרען. האָב איך מיך פערליעבט אין וועלטליכֿע שענהייטען, געווען אַליין געליעבט—אָבער זייער ליעבע האָט בלויז אויפגערעגט מיין דמיון און מיין אייגענליעבע, און דאָס האַרץ איז געבליבען לער... האָב איך אָנגעהויבען לייענען, זיך לערנען—אָבער די וויסענשאַפטען זענען מיר אויך דערעסען געוואָרען. איך האָב געזעהען, אַז נישט רוהם און נישט גליק זענען אַ האָהר נישט אָבגעהאַנגען פון זיי, וואָרום די סאַמע גליקליכֿסטע מענשען זענען עם-הארצים און רוהם איז בלויז מזל, און וויל מען עס דערגרייכֿען, בעדאַרף מען זיין געשיקט. דעמאָלט איז מיר לאַנגווייליג געוואָרען... איינגיכען בין איך איבערגעשיקט געוואָרען אויף קאַווקאַז. דאָס איז די סאַמע גליקליכֿסטע צייט פון מיין לעבען. איך האָב געמיינט, אַז אונטער די טשעטשענישע קוילען איז נישטאָ קיין לאַנגווייליגקייט—אָבער אומזיסט: אין אַ מאָנאַט אַרום בין איך אַזוי געוועהנט געוואָרען צו זייער זשומען און צו דער נאָהנטקייט פון טויט, אַז איך האָב אויף זיי, כֿלעבען, נישט מעהר געקוקט, ווי אויף קאָמאַרען—און איך האָב מיך נאָך דערפיהלט לאַנגווייליגער, ווי פריהער, ווייל איך האָב כמעט פערלאָרען די לעצטע האָפנונג. אַז איך האָב דערזעהן בעלאַ'ן ביי איהר אין הויז, אַז איך האָב זי געהאַלטען צום ערשטען מאָל ביי זיך אויף די קניה און געקושט איהרע שוואַרצע לאָקען, האָב איך, שוטה, געמיינט, אַז זי איז אַ מלאך, וואָס דער מזל האָט זי מיר געשיקט אויס מיטלייד... איך האָב מיך ווידער טועה געווען: די ליעבע פון אַ ווילדער פרוי איז

נישט קיין סך בעסער פון אַ װעלטליכער דאַמע; דאָס עם-הארצות און נאַרישקייט פון דער ערשטער דערעסען אויך אַזוי, װי די קאָקעטעריע פון דער צװייטער. אויב איהר װילט, האָב איך זי נאָך ליעב און בין איהר דאַנקבאַר פאַר די עטליכע גאַנץ זיסע מינוטען; מיין לעבען װאָלט איך אָבגעגעבען פאַר איהר, אָבער מיר איז לאַנגװיילי̇ג מיט איהר... צי איך בין אַ נאַר אָדער אַ גזלן, װייס איך נישט. אָבער דאָס איז אמת, אַז איך בין אויך אַזוי װערט מיטלייד, אפשר נאָכמעהר, װי זי: מיין נשמה איז פערדאָרבען דורך דער הויכער געזעלשאַפט, די פאַנטאַזיע אונרוהיג, דאָס האַרץ אונגעזעטיגט. אַלץ איז מיר װעניג: צו אומעט געװעהן איך מיך צו אַזוי לייכט, װי צו פערגעניגען און פון טאָג צו טאָג װערט מיר לערער דאָס לעבען. איין מיטעל נאָר געבליבען: פאָהרען. באַלד װי עס װעט נאָר זיין מעגליך, לאָז איך מיך אין װעג אַריין—אָבער נישט אין אייראָפּא, גאָט זאָל אויסהיטען!—איך װעל מיך אַװעקלאָזען קיין אַמעריקאַ, קיין אַראַביען, קיין אינדיען—אפשר װעל איך ערגיץ שטאַרבען אין װעג! דאָ בין איך, לפּחות, זיכער, אַז מיט דער הילף פון געװיטערס און שלעכטע װעגען װעט זיך נישט אַזוי גיך אויסנעהמען די לעצטע טרייסט.—אַזוי האָט ער לאַנג גערעדט, און זיינע װערטער זענען מיר אַיינגעקריצט געװאָרען אין זכרון, װאָרום צום ערשטען מאָל האָב איך געהערט אַזוינע זאַכען פון אַ פינפאונצװאַנציג-יעהריגען מענשען און זאָל גאָט געבען—צום לעצטען... פלאי פלאים! זאָגט, איך בעט אייך,—האָט דער שטאַבס-קאַפּיטאַן װייטער געזאָגט, װענדענדיג זיך צו מיר—נו, אָט זענט איהר, דאַכט זיך, נישט לאַנג געװעזען אין דער רעזידענצשטאָדט: איז דען די דאָרטיגע יוגענד טאַקי אינגאַנצען אַזאַ?"

איך האָב געענטפערט, אַז עס איז פאַרהאַן אַ סך מענשען, װאָס ריידען דאָס אייגענע און מעגליך, טאַקי אַזוינע, װאָס ריידען דעם אמת; אַז, איבעריגענס, האָט זיך די ענטטוישונג, װי אַלע מאָדעס, װאָס הויבען זיך אָן פון די הויכע קרייזען, אַראָבגעלאָזט צו די נידעריגע, װעלכע דערטראָגען זי און אַז די, װאָס ליידען באמת אַממעהרסטען פון לאַנגװייליגקייט, סטאַרען

זיך צו פערבאָרגען דאָסדאָזיגע אומגליק, ווי א פעהלער.—דער שטאַבס-קאַפּיטען האָט נישט פערשטאַנען דידאָזיגע צו-קלוגע זאַ-כען, האָט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און שעלמיש געשמיי-כעלט.

„און די מאָדע צו לאַנגווייל׳ען זיך האָבען טאַקי איינגע-פיהרט די פראַנצויזען, וואָס?

—ניין, די ענגלענדער.

„אהאַ, גאָר אַזוי!..—האָט ער געענטפערט.—זיי זענען דאָך גאָר אַלעמאָל געווען גרויסע שכורים!..

נישט-ווילענדיג האָב איך מיך דערמאָנט אָן א מאָסקווער פריצ׳טע, וואָס האָט פערזיכערט, אַז בייראָן איז געווען נישט מעהר ווי א שכור... איבעריגענס, האָט מען דידאָזיגע בעמערקונג געקאָנט מוחל-זיין דעם שטאַבס-קאַפּיטאַן: ווייל ער האָט נישט געטרונקען, האָט ער זיך געוועהנליך געסטאַרעט צו פערזיכערן, אַז אַלע אומגליקען אין דער וועלט נעהמען זיך פון שכרות.

דערווייל האָט ער ווייטער דערצעהלט זיין געשיכטע.

„קאַזביטש האָט זיך ווידער נישט געוויזען. אָבער איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר פון קאָפּ איז מיר נישט אַרויס דער גע-דאַנק, אַז ער איז דעמאָלט נישט אומזיסט געקומען און אַז ער גרייט שוין צו עפּיס א צרה.

„און אָט רעדט מיך איינמאָל צו פעטשאָרין, איך זאָל מיט איהם מיטפאָהרען שיסען א ווילדען חזיר. האָב איך מיך לאַנג אַרויסגעדרעהט: נו, וואָס איז מיר דאָ פאַר א נייעס א ווילדער חזיר? פונדעסטוועגען האָט ער מיך אַוועקגעשלעפּט מיט זיך. האָבען מיר גענומען א פינף פאַרשוין סאָלדאַטען און גאַנץ פריה אַוועקגעפאָהרען. ביז א זייגער ניין אינדערפריה האָט מען אַרומגעשמייעט איבער די טייכאייער און איבער׳ן וואַלד—און קיין זכר נישטאָ פון א חיה. עי, זאָלען מיר זיך נישט אומקעהרן צוריק? האָב איך געפרעגט.—צו וואָס זיין עקשנים? שוין, אפנים, אַזא אומגליקליכער טאָג! אָבער גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש, נישט-גע-קוקט אויף דער גרויסער היץ און מידיגקייט, האָט זיך נישט גע-וואָלט אומקעהרן אָהן רויב... שוין אַזא מענש געווען: וואָס פער-

טראַכט—גיב אַהער: קענטיג, געווען אַמאָל אַ צובאַלעוועט קינד... צולעצט האָט מען צו האַלבען טאָג אָבגעזוכט די פערשאָלטענע חיה: פאַף! פאַף! אָבער אַ נעכטיגער טאָג: אַוועק אין די טייכ-אייער... שוין אַזאַ אומגליקליכער טאָג געווען!.. האָבען מיר אויס-גערוהט אַ ביסעל און אַוועקגעפאָהרען אַהיים.

„זענען מיר געפאָהרען גלייך און געשוויגען, די לייצעס אָב-געלאָזט און זענען שוין כמעט געווען סאַמע ביי דער פעסטונג: בלויז די קוסטעס האָבען זי פערשטעלט פון אונז. פלוצלונג אַ שאָס. האָבען מיר אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען: אונז אַלע-מען האָט איבערראַשט איין-און-דערזעלבער חשד... האָבען מיר זיך, ווי שדים, באַלד אַ לאָז געטהאָן אויפ'ן שאָס—זעהען מיר: אויפ'ן וואַל האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט סאָלדאַטען און ווייזען אויפ'ן פעלד און דאָרטען לויפט הענדום-פענדום אַ רייטער און האַלט עפּיס אַ ווייסע זאַך אויפ'ן זאָטעל. גריגאָרי אַלעקסאַנדראָ-וויטש האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן נישט ערגער פון אַ ליאַדע טשעטשענעץ. דעם ביקס פון שיידעל און מאַרש אַהין; איך נאָך איהם.

„צוליעב דעם נישט געלונגענעם יאַגד זענען אונזערע פערד, צום גליק, נישט געווען אויסגעמוטשעט. האָבען זיי זיך געריסען פון זאָטעל און מיט יעדער רגע זענען מיר געווען אַלץ נעהנ-טער און נעהנטער... און, צולעצט, האָב איך דערקאָנט קאַזביטש'ן, אָבער איך האָב נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס האָט ער גע-האַלטען ביי זיך. דעריאָג איך דעמאָלט פּעטשאָרינ'ען און שריי צו איהם: דאָס איז קאַזביטש!.. טהוט ער אויף מיר אַ קוק, גיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און דערלאַנגט אַ שמיץ דאָס פערד.

„און אָט זענען מיר שוין געווען פון איהם ווייט אויף אַ שאָס פון אַ ביקס. צי קאַזביטש'עס פערד איז געווען אויסגעמו-טשעט, אָדער אַנ'ערגערס פון אונזערע, נאָר פאָראויס האָט זיך עס נישט זעהר געטראָגען, כאָטש קאַזביטש האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע כחות. איך מיין, אַז אין דערדאָזיגער מינוט האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין קאַראַגיאָזין...

זעה איך: אין רעכטען געלויף פונ'ם פערד האָט זיך פּע-

טשאָרין גענומען פאַר׳ן ביקס... שיסט נישט! שריי איך איהם. היט די קויל!.. מיר וועלען איהם אַזוי אויך בעגראָבען! אָבער דאָס זענען מיר שוין איין מאָל יונגעלייט! שטענדיג צאַפּלען זיי זיך, ווען מען בעדאַרף נישט. ער האָט דאָך אוסגעשאָסען און די קויל האָט דורכגעלעכערט דעם הינטערשטען פוס פון פערד: פון היץ האָט עס נאָך אַ שפּרונג געטהאָן אַמאָל צעהן, זיך אויסגעגליטשט און אומגעפאַלען אויף די קניה. קאַזביטש איז אַראָבגעשפּרונגען, און דעמאָלט האָבען מיר דערזעהן, אַז ער האָט אין זיינע הענד געהאַלטען אַ פרוי, פערהילט אין אַ שלייער... דאָס איז געווען בעלאַ... אָרימע בעלאַ! ער האָט עפּיס אויסגעשריען צו אונז אויף זיין לשון און האָט אויפגעהויבען איבער איהר דעם שווערד... דאָ האָט מען זיך בעדאַרפט צו-איילען. איך פון מיין זייט האָב אויסגעשאָסען געלונגען. די קויל איז איהם זיכער אַריין אין אַקסעל, ווארום ער האָט פּלוצלונג אַראָבגעלאָזט די האַנד... אַז דער רויך איז צוגאַנגען, איז אויף דער ערד געלעגען דאָס פערוואונדעטע פערד און דערביי—בעלאַ. און קאַזביטש, געוואָרפען דעם ביקס, האָט אין די קוסטעס געקלעטערט איבער פעלזען, פונקט ווי אַ קאַץ. איך האָב איהם געוואָלט אַראָבנעהמען פון דאָרטען, אָבער דער ביקס איז נישט געווען אָנגעלאָדען! זענען מיר אַראָבגעשפּרונגען פון די פערד און זיך געוואָרפען צו בעלאַ׳ן. זי איז געלעגען אונבעוועגליך און דאָס בלוט האָט געפּלייצט פון דער וואונד שטראָמענווייז... אַזאַ באַנדיט, וואָלט ער איהר כאָטש אין האַרץ אַ קלאַפּ געטהאָן—נו, אַ סוף, אויף איין מאָל אַלץ געענדיגט, און דאָ האָט ער אין רוקען... אַ סאַמע גזלנ׳ישער קלאַפּ! זי איז געלעגען אַ גע׳חלש׳טע. האָבען מיר צוריסען דעם שלייער און וואָס אייגער איבערגעבונדען די וואונד. אומזיסט האָט איהר פּעטשאָרין געקושט די קאַלטע ליפּען—קיין זאַך האָט איהר שוין נישט געקאָנט אָבראַטעווען.

„פּעטשאָרין האָט זיך געזעצט אויפ׳ן פערד. איך האָב זי אויפגעהויבען פון דער ערד און זי ווי-עס-איז אַוועקגעזעצט צו איהם אויפ׳ן זאָטעל. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט דער האַנד

און מיר זענען אַוועקגעפאָהרען צוריק. נאָך עטליכע מינוט שווייגען האָט גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש מיר אַ זאָג געטהאָן:

„—הערט-נאָר, מאַקסים מאַקסימיטש, אויף אַזאַ שטייגער וועלען מיר זי אַ לעבעדיגע נישט ברענגען.

,אמת!—האָב איך געזאָגט און געלאָזט די פערד לויפען, ווי די רוחות.

„אַ׳עולם מענשען האָט אונז אָבגעוואַרט ביי די טויערן פון דער פעסטונג. פאָרזיכטיג האָבען מיר איבערגעטראָגען די פערוואונדעטע צו פעטשאָרינ׳ען און געשיקט נאָכ׳ן דאָקטאָר. געווען איז ער אפילו שכור, אָבער ער איז געקומען. בעקוקט די קראַנקע, האָט ער געזאָגט, אַז מעהר ווי אַ טאָג וועט זי נישט קאָנען לעבען. אָבער ער האָט זיך טועה-געווען...

—זי איז געזונד געוואָרען?—האָב איך געכאַפּט דעם שטאַבּס-קאַפּיטאַן פאַר׳ן האַנד און זיך אונגערן דערפרעהט.

„ניין,—האָט ער געענטפערט—אָבער דער דאָקטאָר האָט אַ טעות געהאַט: זי האָט געלעבט נאָך צוויי טעג.

—אָבער דערקלערט מיר, ווי אַזוי האָט זי קאַזביטש געפאַקט?

„פשוט אַזוי: זי האָט נישט אָבגעהיט פעטשאָרינ׳ס פערבאָט און איז אַרויסגעגאַנגען פון דער פעסטונג צום טייכעל. געווען, ווייסט איהר, זעהר הייס, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין און אַראָבגעלאָזט די פיס אין וואַסער. נו, האָט זיך קאַזביטש צוג׳עגנב׳עט—צאַפּ-צאַראַפּ, פערהאַקט דאָס מויל און אַוועקגעשלעפט זי אין די קוסטעס אַריין, און דאָרטען אויפ׳ן פערד און היידאַ! זי האָט אָבער בעוויזען אויסצושרייען; די וואַכסאָלדאַטען זענען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, אויסגעשאָסען, נאָר פאַרביי און דאָ זענען מיר אָנגעקומען.

—אָבער פאַרוואָס האָט זי קאַזביטש געוואָלט אַוועקפיהרען?

„וואָס רעדט איהר? דידאָזיגע טשערקעסען זענען דאָך בעקאַנט פאַר אַ פאָלק פון גנבים: ליעגט עפּיס שלעכט, מוזען זיי אַוועקשלעפען. אַנ׳אַנדער זאַך טויג פאַר זיי גאָרנישט, אָבער גנב׳ענען מוזען זיי עס... דאָס, בעט איך אייך, זיי שוין מוחל-זיין!

און דערצו איז זי איהם טאַקי לאַנג געפעלען געווען.

—און בעלאַ איז געשטאָרבען?

„געשטאָרבען. אָבער זי האָט זיך לאַנג געמאַטערט, און מיר האָבען זיך מוט אידר גענוג אויסגעמוטשעט. אַרום ניין אַ זייגער אין אָוועגד איז זי געקומען צו זיך. מיר זענען געזעסען ביים בעט. באַלד ווי זי האָט געעפענט די אויגען, האָט זי אָנ־געהויבען רופען פעטשאָרינ'ען.—איך בין דאָ, נעבען דיר, מיין דזשאַנעלע (אויף אונזער לשון הייסט עס—נשמה'לע),—האָט ער געענטפערט און אָנגענומען זי ביי דער האַנד.—איך שטאַרב!—האָט זי געזאָגט. האָבען מיר זי אָנגעהויבען טרייסטען, זאָגען, אַז דער דאָקטאָר וועט זי זיכער אויסהיילען; האָט זי אַ שאָקעל גע־טהאָן מיט'ן קאָפּ און זיך אומגעקעהרט צו דער וואַנד: זי האָט נישט געוואָלט שטאַרבען!..

„ביינאַכט האָט זי אָנגעהויבען ריידען פון היץ. דער קאָפּ האָט איהר געברענט, טיילמאָל האָט זי געפיבערט מיט'ן גאַנצען לייב. זי האָט גערעדט פון היץ וועגען פאָטער, וועגען ברודער. איהר האָט זיך געוואָלט אין די בערג, אַהיים... דערנאָך האָט זי אויך גערעדט וועגען פעטשאָרינ'ען, געגעבען איהם פערשידענע צאַרטע נעמען אָדער געמאַכט איהם פאָרוואורף דערין, אַז ער האָט שוין מעהר נישט ליעב זיין דזשאַנעלע'ן.

„ער האָט זי געהערט שווייגענדיג, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט אויף די הענד. אָבער די גאַנצע צייט האָב איך נישט בעמערקט קיין איין טרעהר אויף זיינע אויגען: האָט ער טאַקי באמת נישט געקאָנט וויינען, אָדער ער האָט זיך בעהערשט—דאָס ווייס איך נישט, אָבער וואָס אָנבעלאַנגט צו מיר, האָב איך קיין עלענדע־רעס דערפון נישט געזעהן.

„אינדערפריה האָט זי אויפגעהערט צו ריידען פון היץ. ביי אַ שעה איז זי געלעגען אונבעוועגליך, אַ בלאַסע און אַזוי שוואַך, אַז מען האָט קוים געקאָנט בעמערקען, צי זי אָטעמט. דערנאָך איז איהר בעסער געוואָרען און זי האָט אָנגעהויבען ריידען, אָבער ווי מיינט איהר וועגען וואָס?.. אַזאַ מין געדאַנק קאָן נאָר קומען צו אַ גוסס'ן!.. זי האָט זיך אָנגעהויבען מצער־צו־זיין, וואָס

זי איז נישט קיין קריסטען, אַז אויף יענער וועלט וועט זיך איהר נשמה קיינמאָל נישט טרעפען מיט גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש׳ס נשמה און אַז אַן׳אַנדער פרוי וועט זיין אין גן-עדן זיין פריינ-דין. איז מיר געקומען אויפ׳ן רעיון צו טויפען זי פאַר׳ן „טויט. איך האָב עס איהר פאָרגעלעגט, האָט זי אַ קוק געטהאָן אויף מיר נישט זיכער און האָט לאַנג נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט. צולעצט, האָט זי געזאָגט, אַז זי שטאַרבט אין יענעם גלויבען, אין וועלכען זי איז געבוירען געוואָרען. אַזוי איז אַוועק אַ גאַנצער טאָג. ווי זי האָט זיך עס פערענדערט פאַר׳ן דאָזיגען טאָג! די בלאַסע באַקען זענען איינגעפאַלען, די אויגען זענען געוואָרען גרויסע-גרויסע, די ליפען האָבען געברענט. זי האָט גע-פיהלט אַן׳אינוועניגסטע היץ, פונקט ווי ביי איהר אין דער ברוסט וואָלט געלעגען אַן׳אָנגעברענט אייזען.

„געקומען אַ צווייטע נאַכט! מיר האָבען נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג, נישט אָבגעטראָטען פון איהר בעט. זי האָט גע-האַט גרויסע יסורים, געקרעכצט, און קוים האָט אָבגעטראָטען אויף אַ ווײלע דער ווענטאָג, האָט זי זיך געסטאַרעט צו פערזי-כערן גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש׳ן, אַז איהר איז בעסער, איינ-גערעדט איהם, ער זאָל געהן שלאָפען, געקושט איהם די האַנד, נישט אַרויסגעלאָזט זי פון איהרע. אינדערפריה האָט זי אָנגעהוי-בען שפירען די נודנעקייט פון טויט, זיך גענומען אַרומשליידערן, אַראָבגעוואָרפען דעם בינט און דאָס בלוט האָט פון דאָסניי גע-נומען פליסען. אַז מען האָט איבערגעבונדען די וואונד, האָט זי זיך בערוהיגט און גענומען בעטען פעטשאָרינ׳ען, ער זאָל זי אַ קוש טהאָן. האָט ער זיך געשטעלט אויף די קניה נעבען בעט, אויפגעהויבען איהר קאָפּ פון קישען און צוגעדריקט זיינע ליפען צו איהרע קאַלטע ליפען. האָט זי אַרומגעכאַפּט איהם דעם האַלז מיט פיבערליכע הענד, פונקט ווי זי וואָלט איהם געוואָלט אי-בערגעבען די נשמה דורך דעםדאָזיגען קוש... ניין, זי האָט גוט געטהאָן, וואָס זי איז געשטאָרבען, וואָרום וואָס וואָלט פון איהר געוואָרען, ווען גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש וואָלט זי אַוועקגע-וואָרפען? און דאָס וואָלט דאָך געשעהן פריהער אָדער שפּעטער...

„אַ העלפט פון דעם מאָרגענדיגען טאָג איז זי געווען שטיל, בעהאָרזאַם און שווייגענדיג, ווי אונזער דאָקטאָר האָט זי נישט געפייניגט מיט זייבע קאָמפּרעסען און רפואות. זאָגט אַליין? איהר האָט דאָך אַליין בעשטעטיגט,—האָב איך איהם געזאָגט,—אַז זי וועט זיכער שטאַרבען, טאָ צו וואָס די אַלע קונצען?—פונדעסט-וועגען בעסער, מאַקסים מאַקסימיטש—פלעגט ער ענטפערן—דאָס געוויסען זאָל זיין רוהיג. אַ פיין געוויסען!

„נאָך האַלבען טאָג האָט זי אָנגעהויבען ליידען פון היץ; האָבען מיר געעפענט די פענסטער. אָבער אויפ'ן הויף איז היי-סער געווען, ווי אין צימער, האָבען מיר געלעגט אייז אַרום בעט—האָט נישט געהאָלפען. איך האָב געוואוסט, אַז דערדאָזיגער אונדערטרעגליכער דורשט, איז אַ סימן, אַז עס קומט דער סוף און האָב עס געזאָגט פעטשאָרינ'ען. וואַסער! וואַסער!—האָט זי געבעטען מיט אַ הויזעריגען קול און זיך אויפגעהויבען פון געלעגער.

„ער איז געוואָרען בלאַס, ווי קאַלך, געכאַפּט אַ גלאָז, אָנ-געגאָסען און איהר דערלאַנגט. איך האָב פערמאַכט די אויגען און גענומען זינגען אַ תּפילה, איך געדענק שוין נישט, אַ וואָסערע... יאָ, פאָטערל, איך האָב פיעל געזעהן, ווי מענשען שטאַרבען אין די שפּיטאָלען און אויפ'ן שלאַכטפעלד, אָבער דאָס אַלץ איז נישט דאָס, גאָרנישט דאָס... און דעם אמת געזאָגט, פערדריסט מיך אָט וואָס: פאַר'ן טויט האָט זי זיך קיין איין מאָל נישט דער-מאָנט אָן מיר. און איך האָב זי דאָך געליעבט, ווי אַ פאָטער! נו, זאָל איהר גאָט עס מוחל-זיין!.. און טאַקי באמת: ווער בין איך אַזוינס, אַז עס זאָל זיין כדאי מיך צו דערמאָנען פאַר'ן טויט?...

„האָט זי נאָר אויסגעטרונקען דאָס וואַסער, איז איהר באַלד לייכטער געוואָרען און אין דריי מינוט אַרום איז זי געשטאָר-בען. האָט מען צוגעלעגט אַ שפּיגעל צו די ליפּען—גלאַט!... האָב איך אַרויסגעפיהרט פעטשאָרינ'ען פון צימער און מיר זענען אַוועק צום פעסטונגסוואַל. לאַנג זענען מיר געגאַנגען אויף-און אָב אין איין שורה, נישט גערעדט קיין וואָרט, די הענד פערלעגט אויף הינטען. זיין פּנים האָט נישט אויסגעדריקט קיין שום בעזונדע-

רעס און מיך האָט עס פערדראָסען: אויף זיין אָרט וואָלט איך געשטאָרבען פון אַנגסט. צולעצט, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד, אין שאָטען, און אָנגעהויבען עפּיס צייכענען מיט'ן שטעקעלע אויפ'ן זאַמד. האָב איך איהם, פערשטעהט איהר, גיכער פון אָנשטענדיגקייט וועגען, געוואָלט טרייסטען, אָנגעהויבען ריידען, האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך פונאַנדערגעלאַכט... אַ פראָסט איז מיר אַדורך איבער'ן לייב פון דעמדאָזיגען געלעכטער... איך בין אַוועק בעשטעלען אַ טרומנע.

„דעם אמת געזאָגט, האָב איך מיך טיילווייז בעשעפטיגט דערמיט צוליעב פערוויילונג. איך האָב געהאַט אַ שטיקעל טערמאַלאַמע, האָב איך דערמיט בעשלאָגען איהר טרומנע און זי בעפוצט מיט טשערקעסישע זילבערנע גאַלונען, וואָס גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט געקויפט טאַקי פאַר איהר.

„אויף מאָרגען אינדערפריה האָבען מיר זי מקבר־געווען הינטער'ן פעסטונג, ביים טייכעל, נעבען יענעם אָרט, וואו זי איז געזעסען דאָס לעצטע מאָל. אַרום איהר קבר זענען אויסגעוואַקסען קוסטעס פון ווייסע אַקאַציעס און בעז. איך האָב אַפילו געוואָלט אַוועקשטעלען אַ צלם, אָבער עס איז עפּיס, ווייסט איהר, געווען נישט הענטיג: דאָך קיין קריסטען נישט געווען...״

— און וואָס פעטשאָרין? — האָב איך געפרעגט.

„פעטשאָרין איז לאַנג געווען נישט געזונד, איז, נעבען, אויסגעצעהרט געוואָרען. אָבער פון דעמאָלט־אָן האָבען מיר קיינמאָל נישט געשמועסט פון בעלאַ'ן. איך האָב געזעהן, אַז דאָס איז איהם נישט אָנגענעהם, טאָ צו וואָס ריידען? אין אַ חדשים דריי אַרום האָט מען איהם בעשטימט אין יעגער־פאָלק, און ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין גרוזיען. פון דערדאָזיגער צייט אָן האָבען מיר זיך מעהר נישט בעגעגענט... נאָר עס געדענקט זיך מיר, ווי עמיץ האָט נישט לאַנג געזאָגט, אַז ער האָט זיך צוריקגעקעהרט קיין רוסלאַנד, אָבער אין די פאָלק־בעפעהלען איז עס נישט פאַרהאַן. צוריק־גערעדט, דערגעהען די ידיעות שפּעט צו אַ נאַש־בראַט.״

דאָ האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגער דיסערטאַציע

וועגען דעם, ווי עס איז אונאָנגענעהם, בשעת מען דערוויסט זיך פון עפּיס מיט אַ יאָהר שפּעטער; ער האָט עס, אפנים, גערעדט, צו פערטומלען אין זיך די טרויעריגע זכרונות.

איך האָב איהם נישט איבערגעשלאָגען און נישט געהערט.

אין אַ שעה אַרום האָט מען געקאָנט פון דאָסניי פאָהרען; די זאַווערוכע איז איינגעשטילט געוואָרען, דער הימעל האָט זיך אויסגעלייטערט און מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אין וועג האָב איך אונגערן פערפיהרט אַ שמועס וועגען בעלאַ׳ן און פּעטשאָרינ׳ען.

—האָט איהר נישט געהערט, וואָס איז געוואָרען מיט קאַזביטש׳ן?—האָב איך געפרעגט.

„מיט קאַזביטש׳ן? כלעבען, איך ווייס נישט... געהערט האָב איך, אַז אויפ׳ן רעכטען פלאַנג ביי די שאַפּסוגען איז פאַרהאַן עפּיס אַ קאַזביטש, אַ יונג מיט ביינער, וואָס פאָהרט זיך לאַנגזאַם אַרום אונטער אונזערע קוילען אין אַ רויטען בעשמעט און פערנויגט זיך זעהר העפליך, בשעת די קויל זשומט נאָהנט פאַרביי. אָבער עס איז אַ ספק, צי דאָס איז דער אייגענער!..."

אין קאָבי האָבען מיר זיך צושיידט מיט מאַקסים מאַקסימיטש׳ן: איך בין אַוועקגעפאָהרען אויף פּאָסט-פערד און ער האָט, צוליעב זיין גרויסען באַגאַזש, נישט געקאָנט מיר נאָכפאָהרען. מיר האָבען נישט געהאָפט זיך מעהר צו טרעפען, דאָך האָבען מיר זיך יאָ בעגעגענט, און אויב איהר ווילט, יועל איך אייך דערצעהלען: דאָס איז אַ גאַנצע געשיכטע... זענט זיך פונדעסטוועגען מודה, אַז מאַקסים מאַקסימיטש איז אַ מענש, וואָס איז ווערט געשעצט צו ווערען... אויב איהר וועט עס אָנערקענען, וועל איך פאָלקאָם בעלוינט ווערען פאַר מיין, קאָן אפשר זיין, צו-לאַנגער געשיכטע.

---

מ. י. לערמאַנטאָוו.

# מאַקסים מאַקסימיטש.

זיך צוזעגענט מיט מאַקסים מאַקסימיטש׳ן, בין איך שנעל אַדורכגעפאָהרען דעם טערעק- און דאַריאַל-הייל, געפרישטיגט אין קאַזבעק, טיי געטרונקען אין לאַרס און צו אָוועגדבריט געאיילט אין וולאַדיקאַווקאַז. איך וועל אייך בעפרייען פון דער בערג-בע-שרייבונג, פון אויסגעשרייען, וואָס זאָגען גאָרנישט, פון בילדער, וואָס שילדערן גאָרנישט, איבערהויפט פאַר די-יעניגע, וואָס זע-בען דאָרט נישט געוועזן, און פון סטאַטיסטישע בעמערקונגען, וואָס קיינער וועט עס לחלוטין נישט לייענען.

איך האָב מיך אָבגעשטעלט אין דעם האָטעל, וואו עס בלייבען שטעהן אַלע דורכפאָהרער און וואו עס איז דאָך נישטאָ, ווער עס זאָל אָבבראָטען אַ פאַזאַן און קאָכען אַ קרויטזופּ, וואָרום די דריי אינוואַלידען, וואָס האָבען גע׳בעל-הבית׳עוועט אין האָ-טעל, זענען געוועזן אַזוי נאַריש אָדער אַזוי שכור, אַז מען האָט ביי זיי קיין שום טאָלק נישט געקאָנט דערגעהן.

מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך בעדאַרף דאָ נאָך זיין דריי טעג, ווייל די „אַקאַזיע“ פון יעקאַטערינאָגראַד איז נאָך

נישט געקומען און דעריבער קאָן זי זיך נישט לאָזען צוריק אין וועג אַריין. וואָס פאַר אַ מין אָקאַזיע!.. אָבער אַ שלעכטער קאַלאַמבור איז אַ קנאַפּע טרייסט פאַר אַ רוסישען מענשען, און צוליעב צייט-פערטרייב איז מיר איינגעפאַלען צו פערצייכענען מאַקסים מאַקסימיטשעס דערצעהלונג וועגען בעלאַ'ן און דערביי גאָר נישט משער-געווען, אַז דאָס וועט זיין דאָס ערשטע רינגעלע אין דער לאַנגער קייט פון דערצעהלונגען. זעהט איהר, ווי גאָר אַ נישטיגער צופאַל האָט אַמאָל שלעכטע פאָלגען!.. אפשר ווייסט איהר אָבער נישט, וואָס איז אַזוינס „אָקאַזיע"? דאָס איז אַ מין בעשיצונג, וואָס בעשטעהט פון אַ האַלבער ראָטע פוסמיליטער און אַ האַרמאַט, מיט וועלכע די טראַנספּאָרטען געהען דורך קאַבאַרדע פון וולאַדיקאַווקאַז ביז יעקאַטערינאָגראַד.

דעם ערשטען טאָג האָב איך פערבראַכט זעהר לאַנגווייליג; אויפ'ן צווייטען טאָג, גאַנץ פריה, פאָהרט אין הויף אַריין אַ וואָגען... אַ! מאַקסים מאַקסימיטש!.. מיר האָבען זיך בעגעגענט, ווי אַלטע פריינד. איך האָב איהם פאָרגעלעגט מיין צימער. ער האָט זיך נישט געצערעמאָניעט, אַ קלאַפּ געטהאָן מיר אפילו איבער'ן אַקסעל און פערקרימט דאָס מויל אויפ'ן שטייגער פון אַ שמייכעל. אַזאַ מאָדנער מענש!

מאַקסים מאַקסימיטש האָט געהאַט געוואַלטיגע ידיעות אין דער קונסט פון קאָכען; ער האָט וואונדערליך גוט אָבגעבראָטען אַ פאַזאַן, געלונגען איהם בעגאָסען מיט ליאָק פון אוגערקעס, און איך בעדאַרף מיך מודה-זיין, אַז אָהן איהם וואָלט איך געמוזט בלייבען אויף טרוקענעם עסען. די פלאַש קאַכעטינער ווין האָט מיר געהאָלפען פערגעסען די בעשיידענע צאָהל מאכלים, וואָס זענען אינגאַנצען בעשטאַנען פון איין געריכט, און, פעררויכערט די לולקעס, האָבען מיר זיך אַנידערגעזעצט: איך ביים פענסטער, ער ביים איינגעהייצטען אויווען—דער טאָג איז געווען אַ רויהער און אַ קאַלטער. פון וואָס האָבען מיר געזאָלט ריידען? וועגען זיך האָט ער מיר שוין דערצעהלט אַלץ, וואָס איז געווען אינטערעסאַנט, און איך, ווידער, האָב נישט געהאַט וואָס צו דערצעהלען. האָב איך געקוקט אין פענסטער. אַ סך נידעריגע הייזלעך, צעוואָרפען אי-

בער׳ן ברעג פון טערעק, וואָס האָט זיך פערנומען אַלץ ברייטער און ברייטער, האָבען זיך אַרויסגעזעהן פון צווישען די בוימער, און וויטער האָט בלוי געקוקט די צייהניגע וואַנד פון די בערג, און הינטער זיי—קאַזבעק אין זיין ווייסען קאַרדינאַלען-היטעל. איך האָב מיך צוזעגענט מיט זיי אין געדאַנק: זיי האָבען מיר באַנג געטהאָן...

אַזוי זענען מיר לאַנג געזעסען. די זון האָט זיך בעהאַלטען הינטער די קאַלטע בערג-שפיצען, און דער ווייסליכער נעבעל האָט זיך אָנגעהויבען צוגעהן אין די טהאָלען, בשעת אויף דער גאַס האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון אַ וועג-גלעקעל און דער געשריי פון פוהרמאַנעס. אין הויף פון האָטעל זענען אַריינגעפאָהרען עטליכע וועגען מיט שמוציגע אַרמענער און הינטער זיי—אַ לעדיג וועג-עקיפאַזשל. זיין לייכטער גאַנג, דער בעקוועמער בוי און די פראַקטישקייט האָבען אויסגעזעהן ווי פון אויסלאַנד. הינטער׳ן עקיפאַזשל איז געגאַנגען אַ מענש מיט גרויסע וואָנסען, אין אַן׳אונגאַריש קורטקעלע, וואָס איז געווען גאַנץ גוט אָנגעטהאָן פאַר אַ לאַקיי. אין פאַך האָט מען זיך נישט געקאָנט טועה-זיין, זעהענדיג זיינע וואויליונגערישע מאַנירען, ווי אַזוי ער האָט אויסגעטרויסעלט דעם אַש פון דער לולקע און געשריען אויף די פוהר-לייט. געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַ צובאַלעוועטער דיענער פון אַ פוילען פריץ — עפיס אַזוינס פון אַ רוסישען פיגאַראָ.—זאָג מיר, מיין ליעבער,—האָב איך איהם אַ געשריי געטהאָן אין פענסטער—וואָס איז דאָס, איז געקומען די אָקאַזיע, צי וואָס? האָט ער אַ קוק געטהאָן גאַנץ העזה׳דיג, פערריכט דעם קראַוואַט און זיך אומגעדרעהט. דער אַרמענער, וואָס איז געגאַנגען נעבען איהם, האָט שמייכלענדיג געענטפערט אָנשטאָט איהם, אַז די אָקאַזיע איז ווירקליך געקומען און אַז מאָרגען פריה געהט זי צוריק. „געלויבט צו גאָט!"—האָט מאַקסים מאַקסימיטש געזאָגט און צוגעגאַנגען צום פענסטער. „אָט אַן׳אויסטערליש עקיפאַזשל!"—האָט ער צוגעגעבען: „אַפנים, עפיס אַ טשינאָווניק פאָהרט אויף אַן׳אויספאָרשונג קיין טיפליס. ער קאָן נאָך, אפנים, נישט אונזערע בערגעלעך! ניין, דו שפאַסט, מיין ליעבער: דאָס איז דיר נישט

קיין גוטער ברודער, זיי וועלען אַנ'ענגליש עקיפּאַזשל אויך צו־טרויסלען! אָבער ווער איז דאָס אַזויגער פונדעסטוועגען, לאָמיר געהן אַ קוק טהאָן...״ מיר זענען אַרויס אין קאָרידאָר. אין עק קאָרידאָר איז געווען אָפען אַ טהיר אין אַ זייטיגען צימער. דער לאַקיי מיט'ן פוהרמאַן האָבען איבערגעטראָגען אַהין די טשע־מאָדאַנעס.

„הער־נאָר, ברודערל,—האָט איהם געפרעגט דער שטאַבּס־קאַפּיטאַן,—צו וועמען געהערט דאָסדאָזיגע אויסטערלישע עקי־פּאַזשל?.. האַ?.. אַ שען עקיפּאַזשל!..״ דער לאַקיי האָט זיך נישט אָבגעקעהרט, אַרויסגעמורמעלט עפּיס פאַר זיך און פונאַנדערגע־בונדען דעם טשעמאָדאַן. מאַקסים מאַקסימיטש איז אין כעס גע־וואָרען. ער האָט אָנגעריהרט דעם עזות'ניק פאר'ן אַקסעל און געזאָגט: „איך רייד צו דיר, מיין ליעבער...״

—וועמעס עקיפּאַזשל?.. מיין הערס...

„—און ווער איז דיין הער?״

—פּעטשאָרין...

„—וואָס זאָגסטו? וואָס זאָגסטו? פּעטשאָרין?.. אַך, גאָט מיינער!.. האָט ער נישט געדיענט אַמאָל אין קאַווקאַז?..״—האָט מאַקסים מאַקסימיטש אויסגעשריען און אַ ציה געטהאָן מיך פאַר'ן אַרבעל. אין זיינע אויגען האָט געלויכטען שמחה.

—דאַכט זיך, געדיענט, אָבער איך בין ביי זיי נישט לאַנג.

„נו אַזוי!.. אַזוי!.. גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש?... אַזוי רופט מען איהם דאָך?... מיט דיין הער זענען מיר געווען חברים״—האָט ער צוגעגעבען, פריינדליך אַ קלאַפּ געטהאָן איבער דעם לאַקייס אַקסעל אַזוי, אַז יענער האָט זיך אַ שאָקעל גע־טהאָן...

—זענט מוחל, מיין הער, איהר שטערט מיר,—האָט ער געזאָגט און איז בייז געוואָרען.

„אַי, ביזטו מיר אַ מענש!.. ווייסטו דען, אַז מיר מיט דיין הער זענען געווען גרויסע פריינד, געלעבט צוזאַמען... וואו איז ער אָבער אַליין פערבליבען?..

דער דיענער האָט געזאָגט, אַז פּעטשאָרין איז פערבליבען

ביים פּאָלקאָווניק נ.... אויף אָוועגדברויט און וועט דאָרטען נעכ־טיגען.

„וועט ער אַהער נישט קומען אין אָוונד?"—האָט גע־זאָגט מאַקסים מאַקסימיטש—אָדער אפשר וועסטו, מיין ליעבער, געהן צו איהם נאָך עפּיס?... אַז דו וועסט געהן, זאָלסטו זאָגען, אַז מאַקסים מאַקסימיטש איז דאָ. אַזוי טאַקי זאָלסטו זאָגען... ער וויים שוין... קריגסט ביי מיר אַכט זהובים אויף שנאַפּס..."

דער לאַקיי מאַכט אַ מינע פון פעראַכטונג, דערהערענדיג אַזאַ בעשיידענע הבטחה, פונדעסטוועגען האָט ער פערזיכערט מאַקסים מאַקסימיטש'ן, אַז ער וועט דערפילען זיין בקשה.

„וועט דאָך באַלד קומען צולויפען!...—האָט מיר מאַקסים מאַקסימיטש געזאָגט מיט אַ נצחונ'דיגער מינע—איך וועל געהן צום טויער וואַרטען אויף איהם... עך, אַ שאָד, וואָס איך בין נישט בעקאַנט מיט נ..."

מאַקסים מאַקסימיטש האָט זיך געזעצט ביים טויער אויף אַ בענקעלע און איך בין אַוועק צו זיך אין צימער. איך בין מיך מודה, אַז איך האָב אויך געוואַרט אויף דעמדאָזיגען פּעטשאָרינס קומען מיט אַ געוויסער אונגעדולד. הגם לויט דער דערצעהלונג פון שטאַבס-קאַפּיטאַן, האָב איך מיר געשאַפען אַ מיינונג וועגען איהם נישט זעהר קיין געהויבענע,—דאָך האָבען מיר מאַנכע שטריכען אין זיין כאַראַקטער אויסגעוויזען מערקווירדיג. אין אַ שעה אַרום האָט דער אינוואַליד מיר געבראַכט אַ זידענדיגען סאַ־מאָוואַר מיט אַ טשייניק.—מאַקסים מאַקסימיטש, זענט איהר אפשר אַ בעלן אויף טיי?—האָב איך איהם אַ געשריי געטהאָן אין פענ־סטער.

„אַ יישר. עס ווילט זיך עפּיס נישט..."

—עי, איהר וועט טרינקען! זעהט, עס איז שוין דאָך שפּעט, קאַלט.

„ניש'קשה. איך דאַנק."

—נו, ווי איהר ווילט אייך!

האָב איך געטרונקען טיי אַליין. אין אַ פינף מינוט אַרום קומט-אַריין מיין אַלטער. „און גערעכט זענט איהר דאָך. שוין

גלייכער אויסצוטרינקען טיי, און איך האָב אַלץ געוואַרט. דער מענש איז שוין לאַנג צו איהם אַוועק, אָבער עפּיס האָט איהם, אַפּנים, פערהאַלטען!.."

ער האָט אויף דער-גיך אויסגעטרונקען אַ טעצעל טיי, פון אַ צווייטען זיך אָבגעזאָגט און פון דאָסניי אַוועק צום טויער עפּיס אַנ'אונרוהיגער: געווען קענטיג, אַז דעם אַלטען האָט מצער-גע-ווען פּעטשאָרינס גלייכגילטיגקייט און בפרט נאָך, אַז ער האָט מיר נישט לאַנג גערעדט פון זיין פריינדשאַפט מיט איהם און נאָך מיט אַ שעה צוריק געווען זיכער, אַז ער וועט קומען צו-לויפען באַלד, ווי ער וועט נאָר דערהערן זיין נאָמען.

שוין לאַנג געווען שפּעט און פינסטער, בשעת איך האָב פון דאָסניי געעפענט דאָס פענסטער און גענומען רופען מאַקסים מאַקסימיטש'ן, זאָגענדיג, אַז עס איז שוין צייט צו שלאָפען. ער האָט עפּ'ס אַרויסגעמורמעלט דורך די ציינער. איך האָב איהם נאָכאַמאָל גערופען—ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

איך האָב מיך אַנידערגעלעגט אויפ'ן דיוואַן, זיך איינגע-וויקעלט אין שינעל, איבערגעלאָזט דאָס ליכט אויפ'ן זיץ-אויוועלע און באַלד אַנטדרעמעלט געוואָרען און וואָלט אַזוי רוהיג געשלאָ-פען, ווען מאַקסים מאַקסימיטש וואָלט נישט אַריין אין צימער זעהר שפּעט און וואָלט מיך נישט אויפגעוועקט. ער האָט אַ וואָרף געטהאָן זיין לולקע אויפ'ן טיש, גענומען געהן אויף-און-אָב אי-בער'ן צימער, שליידערן אין אויוועו אַריין, דערנאָך זיך אַני-דערגעלעגט, אָבער לאַנג געהוסט, געשפּייט, זיך געוואָרפען אויף די זייטען...

—בייסען אייך וואַנצען?—האָב איך געפרעגט.

„יאָ, וואַנצען..."—האָט ער געענטפערט און שווער אָבגע-זיפצט.

צומאָרגענס האָב איך מיך פריה אויפגעכאַפּט, אָבער מאַ-קסים מאַקסימיטש איז נאָך פריהער אויפגעשטאַנען. איך האָב איהם געפונען ביים טויער, זיצענדיג אויפ'ן בענקעלע. „איך בע-דאַרף געהן צום קאָמענדאַנט,—האָט ער געזאָגט,—אויב פּעטשאָרין וועט קומען, בעט איך אייך, איהר זאָלט מיך אַ רוף טהאָן..."

איך האָב צוגעזאָגט. ער איז אַוועקגעלאָפען, פונקט ווי זיי־נע אברים וואָלטען פון דאָסניי בעקומען די יונגעלשע כחות און ריהרעוודיגקייט.

דער פריהמאָרגען איז געווען פריש און שען. גאָלדענע וואָלקענס האָבען זיך געדרענגט אויף די בערג, פונקט ווי נאָך אַ נייע שורה לופטבערג. פאַר'ן טויער איז געלעגען אַ ברייטער פלאַץ; הינטער'ן פלאַץ האָט דער מאַרק געשוויבעלט און געגריבעלט מיט מענשען, ווייל עס איז געווען זונטאָג; באָרוועסע יונגעלעך־אָסעטינער האָבען זיך געדרעהט אַרום מיר מיט זעקלעך האָניג אויפ'ן פלייצע; איך האָב זיי פערשאָלטען; זיי זענען מיר געווען נישט ניהא: מיך איז אויך בעפאַלען די אונרוהיגקייט פון דעם גוטען שטאַבס־קאַפּיטאַן.

קיין צעהן מינוט נישט אַוועק, ווי ביים עק פון פלאַץ האָט זיך בעוויזען יענער, וואָס אויף איהם האָבען מיר געוואַרט. ער איז געגאַנגען מיט'ן פּאָלקאָווניק נ..., וואָס האָט איהם בעגלייט ביז'ן האָטעל, זיך צוזעגענט און זיך אומגעקעהרט אין פעסטונג. איך האָב תיכף אַוועקגעשיקט אַן־אינוואַליד נאָך מאַקסים מאַקסימיטש'ן.

אַנטקעגען פעטשאָרינ'ען איז אַרויס זיין לאַקיי און געמאָלדען, אַז מען וועט באַלד שפּאַנען. ער האָט איהם דערלאַנגט אַ קעסטעל ציגאַרען און, בעקומענדיג עטליכע אינסטרוקציעס, אַוועקגעגאַנגען שמייען. זיין הער, פעררויכערט אַ ציגאַר, האָט אַ פּאָר מאָל אַ געִנעץ געטהאָן און זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן בענקעלע ביי דער צווייטער זייט טויער. איצט בעדאַרף איך אייך אויסמאָלען זיין פּאָרטרעט.

געווען איז ער פון מיטעלען וואוקס; זיין שלאַנקע דינע טאַליע און די ברייטע אַקסלען האָבען געוויזען אויף אַ פעסטען קערפּערבוי, וואָס איז פעהיג איבערצוטראָגען די אַלע שוועריגקייטען פון וואַנדערלעבען און די ענדערונגען פון קלימאַט, וואָס איז נישט פערדאָרבען נישט דורכ'ן זנות פון רעזידענצלעבען און נישט פון אינערליכע אַנגסטען. זיין שטויביג סורטוקל פון סאַמעט, בלויז פערשפּילעט אויף די אונטערשטע צוויי קנעפּלען, האָט געלאָזט

זעהן די קלאָר-ווייסע וועש, וואָס האָט אָנגעוויזען אויף די גע-וועהנהייטען פון אַנ'אָנשטענדיגען מענשען; זיינע פערפלעקטע האַנדשוה זענען אַזוי ווי אומישנע גענייהט געוואָרען פאַר זיין קליינער אַריסטאָקראַטישער האַנד, און אַז ער האָט אַראָבגענומען איין האַנדשוה, האָט מיך איבערראַשט די מאָגערקייט און בלאַס-קייט פון איהרע פינגער. געגאַנגען איז ער גלייכגילטיג און פויל, אָבער איך האָב בעמערקט, אַז ער האָט נישט בעוועגט מיט די הענד—אַ זיכערער סימן פון עטוואָס אַ פערבאָרגענעם כאַראַקטער*). איבעריגענס, זענען דאָס מיינע אייגענע בעמערקונגען, געשטיצט אויף מיינע בעאָבאַכטונגען, און איך וועל אייך גאָרנישט צווינ-גען, איהר זאָלט אין זיי בלינד גלויבען. אַז ער האָט זיך אַני-דערגעזעצט אויפ'ן בענקעל, האָט זיך זיין שלאַנקע טאַליע אויס-געבויגען, פונקט ווי אין זיין רוקען וואָלט קיין איין ביינדעלע נישט געווען. די לאַגע פון זיין גאַנצען קערפער האָט עפּיס אַרויסגעוויזען אַ מין נערוועאישע שוואַכקייט. ער איז געזעסען,

*) אין כתב־יד איז דאָ פאַרהאַן אַנ'איינזאַץ: „אויב מען זאָל גלויבען דערין, אַז יעדער מענש האָט אַנ'עהנליכקייט צו עפּיס אַ חיה, האָט מען פעטשאָרינ'ען, באַ־טירליך, געקאָנט בלויז פערגלייכען מיט אַ טיגער... שטאַרק און ריהרעוודיג, צער־טליך און בייז, גרויסמוטיג אָדער גרויזאַם, לויט דער סוגעסטיע פון דער מינוט, שטענדיג גרייט אויף אַ לאַנגען קאַמף, טיילמאָל געצוואונגען צו אַנטלויפען, אָבער נישט פעהיג אונטערצוגעבען זיך; איז נישט לאַנגווייליג מיט זיך אַליין אין מדבר, אָבער אין דער געזעלשאַפט פון אַזוינע, ווי ער, פאָדערט ער אַבסאָלוטע געהאָרזאַמ־קייט. לכל־הפחות אַזוי, האָט מיר אויסגעוויזען, האָט בעדאַרפט זיין דער פיזישער כאַ־ראַקטער זיינער, דאָס הייסט יענער, וואָס איז אָבגעהאַנגען פון אונזערע נערוועען און מעהר אָדער וועניגער פון אַ גיכער בלוט־צירקולירונג. די נשמה—דאָס איז שוין אַנ'־אַנדער ענין: אָדער זי גיט זיך אונטער די אָנגעבוירענע ביינונגען, אָדער זי קעמפט מיט זיי, אָדער זי איז זיי מנצח. דערפון נעהמען זיך באַנדיטען, המון און מענשען פון הויכע מדות. אין דעם פרט האָט פעטשאָרין נישט געהערט צום המון, און אויב ער איז נישט געוואָרען קיין באַנדיט און נישט קיין צדיק, בין איך זיכער, אַז דאָס איז געווען פון פוילקייט.“

ווי עס זיצט באַלזאַקס אַ דרייסיג־יעהריגע קאָקעטין אויף איהרע ווייכע פאָטערשטוהלען נאָך אַ דערמידליכען באַל. פון ערשטען קוק אויף זיין געזיכט, וואָלט איך איהם נישט געגעבען מעהר פון אַ דרייאונצוואַנציג יאָהר, הגם דערנאָך בין איך איהם גרייט געווען צו געבען דרייסיג. אין זיין שמייכעל איז געווען עפּיס קינדישעס; זיין הויט האָט געהאַט עפּיס אַ צאַרטקייט פון אַ פרוי; די העלבלאָנדע האָהר, וואָס האָבען זיך געקרייזעלט פון נאַטור, האָבען זעהר מאַלעריש בעצייכענט זיין בלאַסען איידעלען שטערען, אויף וועלכען מען האָט געקאָנט בעמערקען סימנים פון קנייטשען נאָך אַ לאַנגער אָבסערווירונג, קנייטשען, וואָס האָבען איינאַנדער איבערגעשניטען און וואָס האָבען זיך, מעגליך, דייטליכער געלאָזט זעהן אין מינוטען פון כעס אָדער אינערליכער אויפרעגונג. נישט־געקוקט אויף דעם העלען פאַרב פון זיינע האָהר, זענען די וואָנסען און ברעמען געווען שוואַרצע—אַ סימן פון אַ גוטער אָבשטאַמונג, פונקט ווי די שוואַרצע גריווע און דער שוואַרצער עק ביי אַ ווייסען פערד. צו פערענדיגען דעם פאָרטרעט, וועל איך זאָגען, אַז ער האָט געהאַט עטוואָס אַ פעררייסענע נאָז, שניי־ווייסע ציינער און ברוינע אויגען. וועגען די אויגען בעדאַרף איך נאָך זאָגען עטליכע ווערטער.

ערשטענס, האָבען זיי נישט געלאַכט, בשעת ער האָט געלאַכט. איז אייך נישט אויסגעקומען צו בעמערקען אַזאַ מין משונה׳דיגקייט ביי מאַנכע מענשען? דאָס איז אַ צייכען—אָדער פון אַ שלעכטען כאַראַקטער אָדער פון טיעפען, שטענדיגען אומעט. אונטער די האַלבאַראָבגעלאָזטע ברעמען האָבען זיי געלויכטען מיט עפּיס אַ פאָספאָרישען גלאַנץ, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען. דאָס איז נישט געווען דער אויסדרוק פון אינערליכער היץ אָדער שפּיעלענדיגער פאַנטאַזיע: דאָס איז געווען אַ גלאַנץ, עהנליך צו דעם גלאַנץ פון גלאַטען שטאָהל—אַ בליציגער, אָבער אַ קאַלטער; זיין בליק—נישט קיין דויערהאַפטער, אָבער אַ דורכדרינגליכער און אַ שווערער—האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך דעם אונאָנגענעהמען איינדרוק פון אַן׳אונבעשיידענער פראַגע און ער וואָלט אויסגעוויזען העזה׳דיג, ווען ער וואָלט נישט אויסגעזעהן

אַזוי גלייכגילטיג-רוהיג. אַט די אַלע בעמערקונגען זענען מיר געקומען אויפ'ן זינען אפשר בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב געוואוסט מאַנכע פרטים פון זיין לעבען און, מעגליך, אַז אויף אַ צווייטען וואָלט זיין אויסזעהן געמאַכט גאָר אַנ'אַנדער איינדרוק. אָבער אַזוי ווי איהר וועט וועגען איהם פון קיינעם נישט הערען, אויסער פון מיר, בעדאַרפט איהר זיך נישט-ווילענדיג בעגניגענען מיט דעמדאָזיגען פאָרטרעט. צום סוף וועל איך זאָגען, אַז ער איז בכלל גאָרנישט מאוס געווען און האָט געהאַט איינע פון יענע אָריגינעלע פיזיאָנאָמיעס, וואָס געפעלען בעזונדערס פרויען.

די פערד זענען שוין געווען געשפאַנט, דאָס גלעקעל האָט צייטענווייז געקלונגען אונטער דער דוע און דער לאַקיי איז שוין צוויי מאָל צוגעגאַנגען צו פעטשאָרינ'ען מיט דער מעלדונג, אַז אַלץ איז פאַרטיג, אָבער מאַקסים מאַקסימיטש איז נאָך נישט געקומען. צום גליק, איז פעטשאָרין פערזונקען געווען אין מחשבות, קוקענדיג אויף די בלויע בערג-צייהן פון קאַווקאַז און האָט זיך, אַפּנים, גאָרנישט געאיילט אין וועג אַריין. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם.—אויב איהר ווילט נאָך עטוואָס אויפוואַרטען—האָב איך געזאָגט—וועט איהר האָבען דאָס פערגעניגען זיך צו זעהן מיט אַנ'אַלטען פריינד...

—אַך, ווירקליך,—האָט ער געשווינד געענטפערט.—מען האָט מיר נעכטען געזאָגט. אָבער וואו איז ער?

איך האָב מיך אומגעקעהרט צום פלאַץ און דערזעהן מאַקסים מאַקסימיטש'ן, וואָס איז געלאָפען מיט אַלע כחות... אין עטליכע מינוט אַרום איז ער שוין געווען נעבען אונז; דער שוויס האָט זיך געגאָסען פון פנים עמערוויז; די נאַסע שטיקער גרויע האָהר, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשלאָגען פון אונטער'ן היטעל, זענען צוגעקלעבט געוואָרען צום שטערען; די קניה האָבען געציטערט... ער האָט זיך געוואָלט וואַרפען צו פעטשאָרינ'ען אויפ'ן האַלז, אָבער יענער האָט גאַנץ קאַלט, הגם מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, אויסגעצויגען איהם די האַנד. אויף אַ ווײַלע איז דער שטאַבס-קאַפּיטאַן מטושטש געוואָרען, נאָר דערנאָך האָט ער דורשטיג מיט ביידע הענד געכאַפּט זיין האַנד. ער האָט נאָך

אַלץ נישט געקאָנט ריידען.

—ווי איך בין צופרידען, טייערער מאַקסים מאַקסימיטש. נו, וואָס מאַכט איהר?—האָט פעטשאָרין געזאָגט.

„—און... דו? און... איהר?—האָט דער אַלטער מיט טרעה־רען אויף די אויגען אַרויסגעמורמעלט,—וויפיעל יאָהרען.. ווי־פיעל טעג... נאָר וואוהין קלויבט איהר זיך עס?.."

—איך פאָהר קיין פערסיען—און ווייטער...

„סאַקי שוין?.. וואַרט־נאָר אויף, מיין טייערסטער!.. וועלען מיר זיך דען באַלד צושיידען?.. אַזוילאַנג זיך נישט געזעהן..."

—שוין צייט, מאַקסים מאַקסימיטש,—איז געווען דער ענטפער.

„גאָט מיינער, גאָט מיינער! אָבער וואוהין איילט איהר זיך עס אַזוי?.. איך וואָלט אייך אַזויפיעל געוואָלט דערצעהלען... אַזויפיעל פונאַנדערפרעגען... נו, וואָס? אין דימיסיע?.. ווי?. ווי האָט איהר פערבראַכט..."

—געלאַנגווייליגט זיך!—האָט פעטשאָרין, שמייכלענדיג, גע־ענטפערט.

„געדענקט איהר, ווי מיר האָבען אַמאָל געלעבט אין דער פעסטונג?.. אַ גאָלדען לאַנד פאַר יאַגד!.. איהר זענט דאָך גע־ווען אַ ליידענשאַפטליכער אַמאַטאָר צו שיסען... און בעלאַ?.."

פעטשאָרין איז עטוואָס בלאַס געוואָרען און זיך אָבגע־קעהרט...

—יאָ, איך געדענק!—און כמעט באַלד געצוואונגען אַ גענעץ געטהאָן...

מאַקסים מאַקסימיטש האָט איהם אָנגעהויבען בעטען, ער זאָל פערבלייבען מיט איהם נאָך אַ פאָר שעה. „מיר וועלען מאַ־כען אַ גרויסאַרטיגען מיטאָג,—האָט ער געזאָגט—איך האָב צוויי פאַזאַנעס און קאַכעטינער ווייַן האָב איך גרויסאַרטיגען... פער־שטעהט זיך, נישט דאָס, וואָס אין גרוזיען, אָבער דאָך פון בע־סערן סאָרט... מיר וועלען אַ שמועס טהאָן... איהר וועט מיר דערצעהלען פון אייער לעבען אין פעטערבורג... האַ?..

—כלעבען, איך האָב נישט וואָס צו דערצעהלען, טייערער

מאַקסים מאַקסימיטש... דערווייל זענט געזונד, שוין צייט, איך אייל מיך... אַ דאַנק, וואָס איהר האָט נישט פערגעסען—האָט ער צוגעגעבען און אָנגענומען איהם ביי דער האַנד.

דער אַלטער האָט פערכמורעט די ברעמען... ער איז געווען פערקומערט און בייז, הגם ער האָט זיך געסטאַרעט צו פערבאָרגען עס. „פערגעסען!—האָט ער אַרויסגעוואָרטשעט.—איך אָבער האָב גאָרנישט פערגעסען... נו, זאָל אייך גאָט מוחל-זיין... נישט אַזוי האָב איך געהאָפט צו טרעפען זיך מיט אייך..."

—נו, גענוג! גענוג!—האָט פעטשאָרין געזאָגט און איהם פריינדליך אַרומגענומען.—בין איך דען נישט דער אייגענער? וואָס קאָן מען העלפען?.. יעדער האָט זיין וועג... צי וועלען מיר זיך נאָכאַמאָל טרעפען—גאָט ווייס!..—בשעת ער האָט עס געזאָגט, איז ער שוין געזעסען אין עקיפאַזשל און דער פוהרמאַן האָט שוין גענומען ציהען די לייצעס!

—שטעה! שטעה!—האָט מאַקסים מאַקסימיטש אויסגעשריען און זיך אָנגעכאַפּט פאַר די טהירלעך פון עקיפאַזשל.—כמעט גאָר פערגעסען... ביי מיר זענען פערבליבען אייערע פאַפּירען, גריגאָרי אַלעקסאַנדראָוויטש... איך פיהר זיי מיט זיך... געמיינט, איך וועל אייך טרעפען אין גרוזיען, און אָט וואו אונז איז בעשערט צו זעהן זיך... וואָס זאָל איך טהאָן מיט זיי?.."

—וואָס איהר ווילט!—האָט פעטשאָרין געענטפערט.—אַדיע...

„פאָהרט איהר קיין פערסיען?.. און ווען קעהרט איהר זיך אום צוריק?—האָט איהם מאַקסים מאַקסימיטש נאָכגעשריען.

דאָס עקיפאַזשל איז שוין געווען ווייט. אָבער פעטשאָרין האָט געמאַכט אַ צייכען מיט דער האַנד, וואָס מען וואָלט געקאָנט פערטייטשען אויף אַזאַ אופן: שווערליך, און עס איז אויך נישטאָ צו וואָס?

שוין לאַנג האָט זיך נישט געהערט דער קלאַנג פון גלעקעל און דאָס קלאַפּען פון די רעדער איבער דעם שטיינערנעם וועג—אָבער דער אָרימער אַלטער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דעמזעלבען אָרט פערזונקען אין טיעפע מחשבות.

„יאָ,—האָט ער, צולעצט, געזאָגט און זיך געסטאַרעט אויס-

צוזעהן גלייכגילטיג, הגם אַ טרעהר פון ערגערניש האָט צייטענ-ווייז געגלאַנצט אויף זיינע ברעמען: „געוויס, מיר זענען געווען פריינד—נו, וואָס זענען ביי היינטיגען דור פריינד?.. וואָס טויג איך איהם? איך בין נישט רייך, נישט גרויס אין ראַנג און אפילו לויט די יאָהרען בין איך איהם קיין פּאָר נישט... האָסטו געזעהן, וואָס פאַר אַ פריינד ער איז געוואָרען, אַז ער האָט ווידער פערזוכט פעטערבורג!.. וואָס פאַר אַנ'עקיפּאַזש! וויפיעל באַגאַזש... און סאַראַ גאוה'דיגער לאַקיי!..” דידאָזיגע ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען מיט אַנ'איראָנישען שמייכעל. „זאָגט,—האָט ער פון דאָסניי אָנגעהויבען—נו, וואָס טראַכט איהר וועגען דעם?.. נו, וואָס פאַר אַ טייוועל טראָגט איהם איצט קיין פּערסיען?.. לעכערליך, עהרנוואָרט, לעכערליך!.. אָבער איך האָב אַלעמאָל געוואוסט, וואָס פאַר אַ ווינד-מענש ער איז, אַז מען קאָן זיך אויף איהם נישט פערלאָזען... און אַ שאָד, כלעבען, וואָס ער וועט שלעכט ענדיגען... אָבער אַנדערש קאָן עס שוין נישט זיין!.. איך האָב שטענדיג גע'טענה'ט, אַז עס איז נישט קיין תכלית צו פערגעסען אַלטע פריינד...” דאָ האָט ער זיך אָבגעקעהרט צו פערבאָרגען זיין אויפרעגונג און גענומען געהן אַרום זיין וואָגען, מאַכענדיג אַנ'אָנשטעל, אַז ער בעקוקט כלומר'שט די רעדער, אָבער די אויגען זענען איהם ווילעוויי אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען.

—מאַקסים מאַקסימיטש,—האָב איך געזאָגט און צוגעגאַנגען צו איהם—וואָס האָט אייך פּעטשאָרין איבערגעלאָזט פאַר אַ פּאַפּירען?

„אַ, דאָס גוטע יאָהר וויס איהם! עפּיס פּאַפּירען אַזוינע...”

—וואָס וועט איהר טהאָן מיט זיי?

„וואָס? איך וועל הייסען מאַכען פּאַטראָנעס.”

—גיט זיי מיר בעסער אַוועק.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פערוואונדערונג, אַרויסגעוואָרשעט עפּיס דורך די ציינער און זיך אָנגעהויבען גריבלען אין

טשעמאָדאַן. אָט האָט ער אַרויסגענומען איין העפטעל און אַ וואָרף געטהאָן עס מיט פעראַכטונג אויף דער ערד; דערנאָך אַ צווייטס, אַ דריטס און אויך דאָס צעהנטע האָט געהאַט אַזאַ מזל: אין זיין פערדרוס איז געווען עפּיס קינדישעס, וואָס איז מיר אויסגעקומען קאָמיש און בעדויערליך.

„אָט זענען זיי אַלע,—האָט ער געזאָגט,—מזל-טוב אייך מיט'ן אוצר.”

—און איך קאָן טהאָן מיט זיי אַלץ, וואָס איך וויל?

„כאָטש דרוקט זיי אין די צייטונגען. וואָס געהט עס מיר אָן?.. וואָס בין איך זיינער—אַ פריינד עפּיס, אָדער אַ קרוב?.. אמת, מיר האָבען לאַנג געוואוינט אונטער איין דאַך... אָבער מאַלע מיט וועמען איך האָב געוואוינט אינאיינעם!..”

איך האָב געכאַפּט די פּאַפּירען און זיי גיך אַוועקגעטראָגען, שרעקענדיג זיך, דער קאַפּיטאַן זאָל נישט חרטה האָבען. אינגיכען איז מען אונז געקומען זאָגען, אַז אין אַ שעה אַרום וועט זיך ריהרען די אָקאַזיע. איך האָב געהייסען שפּאַנען. דער שטאַבס-קאַפּיטאַן איז אַריין אין צימער, ווען איך האָב שוין אָנגעטהאָן דאָס היטעל. עס האָט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט זיך נאָך נישט מכין-געווען צו דער ווייטערדיגער נסיעה; ער האָט געהאַט עפּיס אַ געצוואונגענע קאַלטע מינע.

—און איהר, מאַקסים מאַקסימיטש, פאָהרט דען נישט?

„ניין.”

—פאַרוואָס?

„איך האָב נאָך דעם קאָמענדאַנט נישט געזעהן, אָבער איך בעדאַרף איהם אָבגעבען געוויסע קאַזיאָנע זאַכען...”

—אָבער איהר זענט דאָך געווען ביי איהם?

„אודאי געווען,—האָט ער געזאָגט און זיך פערהאַלטען, אָבער ער איז נישט געווען אין דערהיים... און איך האָב נישט געוואַרט.”

איך האָב איהם פערשטאַנען: דער אָרימער אַלטער האָט

אפשר דאס ערשטע מאָל פאַר זיין גאַנץ לעבען אַוועקגעוואָרפען די מיליטערישע ענינים צוליעב זיין אייגענער גויט-ווענדיגקייט, ריידענדיג אויפ׳ן קאַנצעלאַרישען לשון—און ווי איז ער דערפאַר בעלויגט געוואָרען!

—עס טהוט זעהר באַנג,—האָב איך איהם געזאָגט—זעהר באַנג, מאַקסים מאַקסימיטש, וואָס מיר בעדאַרפען זיך צושיידען ביז א צייט.

„ווי קאָנען מיר, אַלטע נישט-געבילדעטע לייט, זיך יאָגען נאָך אייך!.. איהר זענט אַ יוגענד אַנ׳אַריסטאָקראַטישע און אַ שטאָלצע: כל-זמן איהר געפינט זיך אונטער די טשערקעסישע קוילען, איז נאָך נישקשה... אָבער אַז מען בעגעגענט זיך מיט אייך דערנאָך, שעמט איהר זיך אפילו די האַנד צו דערלאַנגען אַ נאַש-בראַט...״

—איך האָב נישט פערדיענט דידאָזיגע פאָרוואורפען, מאַקסים מאַקסימיטש.

„ניין, עס איז געקומען צו רייד, זאָג איך. און צוריק-גערעדט, ווינש איך אייך אַלדאָס גוטס און אַ פרעהליכען וועג.״

מיר האָבען זיך צוזעגענט גאַנץ טרוקען. דער גוטער מאַקסים מאַקסימיטש איז געוואָרען אַ פער׳עקשנ׳טער בייזער שטאַבס-קאַפיטאַן. און פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס פעטשאָרין האָט צוליעב צוזייהטקייט אָדער צוליעב אַנ׳אַנדער סבה דערלאַנגט איהם די האַנד, בשעת יענער האָט זיך איהם געוואָלט וואַרפען אויפ׳ן האַלז. טרויעריג צוצוזעהן, בשעת אַ יונגעל פערלירט זיינע בעס-טע האָפנונגען און חלומות, בשעת עס ווערט איהם אַוועקגענומען דער ראָזער קרעפ, דורך וועלכען ער האָט געקוקט אויף מענשליכע מעשים און געפיהלען, הגם עס איז פאַרהאַן אַ האָפ-נונג, אַז ער וועט פערבייטען די אַלטע חלומות אויף נייע, וואָס זענען נישט ווייניגער הבל-הבלים׳דיג, אָבער דערפאַר אויך נישט ווייניגער זיס... אָבער מיט וואָס זאָל מען זיי פערבייטען אין

מאַקסים מאַקסימיטשעס יאָהרען? נישט-ווילענדיג ווערט האַרט דאָס האַרץ און די נשמה ווערט צוגעמאַכט...
איך בין אַוועקגעפאָהרען אַליין*).

---

*) איך האָב איבערגעקוקט פעטשאָרינס מעמואַרען און האָב פון אייניגע שטעלען בעמערקט, אַז ער האָט זיי צוגעגרייט צום דרוקען, וואָס אָהן דעם וואָלט איך מיך, פערשטעהט זיך, נישט בעשלאָסען אויסצונוצען צום שלעכטען דעם צוטרוי פון שטאַבס-קאַפּיטאַן. און ווירקליך, אין אייניגע שטעלען ווענדט זיך פעטשאָרין צום לייענער: איהר ווערט עס אַליין איינזעהן, אויב דאָס, וואָס איהר ווייסט פון איהם, האָט איך נישט אָבגעשלאָגען דעם חשק, צו דערקענען איהם בעסער. אויף די העפטען זענען נישטאָ קיין דאַטעס. מאַנכע זענען, אפנים, פערלאָרען געגאַנגען, מחמת צווישען זיי איז נישטאָ קיין גרויסער צוזאַמענהאַנג, אָבער נישט-געקוקט אויפ'ן שלעכטען בייספּיעל, וואָס איז אונז בעוויזען געוואָרען דורך אייניגע זשורנאַליסטען, האָב איך מיך בשום אופן נישט בעשלאָסען אויסצובעסערן אָדער פערענדיגען א פרעמד חערק, און דערפאַר ווערט ער אַליין, נאַטירליך, נישט זיין ביז אויף מיר.

# פעטשאָרינס זשורנאַל.

## פאָרוואָרט.

נישט לאַנג האָב איך מיך דערוואוסט, אַז פעטשאָרין, אומקעהרענדיג זיך פון פערסיע, איז געשטאָרבען. דידאָזיגע ידיעה האָט מיך דערפרעהט: זי האָט מיר געגעבען דאָס רעכט צו דרוקען דידאָזיגע מעמואַרען, און איך האָב מיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און אַוועקגעשטעלט מיין נאָמען אויף אַ פרעמד ווערק. זאָל גאָט געבען, די לייענער זאָלען מיך נישט בעשטראָפען פאַר אַזאַ מין אונשולדיגע פעלשונג!

איצט בעדאַרף איך דערקלערן עטוואָס די סבות, וואָס האָבען מיך דערוועקט אַרויסצוגעבען פאַר'ן עולם די אינטימסטע סודות פון אַ מענשען, וועלכען איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט. עס וואָלט געווען גוט, ווען איך וואָלט כאָטש געווען זיינער אַ פריינד: די פאַלשע אונבעשיידענקייט פון אַנ'אמת'ן פריינד איז פערשטענדליך פאַר יעדען. אָבער איך האָב איהם בלויז איין מאָל געזעהן אין מיין לעבען אויפ'ן גרויסען שליאַך, הייסט עס, אַז איך שפיר נישט צו איהם יענע אונדערקלערליכע פיינדשאַפט, וואָס ליעגט פערבאָרגען אונטער דער מאַסקע פון חבר'שאַפט און וואַרט נאָר אויפ'ן טויט אָדער אויפ'ן אומגליק פון דער געליעבטער פערזאָן, כדי צו בעפאַלען זי דערנאָך מיט אַ האָגעל פון פאָרוואורפען, עצות, חוזק און בעדויערונג.

איבערלייענענדיג דידאָזיגע מעמואַרען, האָב איך מיך איבערצייגט אין דער אויפריכטיגקייט פון יענעם, וואָס האָט אַזוי אונ׳ברחמנות׳דיג אַרויסגעשטעלט אין דרויסען די אייגענע שוואַכקייטען און פעהלערן. די געשיכטע פון אַ מענשליכער נשמה, אפילו פון אַ גאַנץ קליינינקער נשמה, איז אפשר אינטערעסאַנטער און נוצליכער פאַר דער געשיכטע פון אַ גאַנצען פאָלק, בעזונדערס, ווען זי איז אַ פועל-יוצא פון אָבסערווירונגען, וואָס אַ געזונדטער שכל האָט געמאַכט איבער זיך, און ווען זי איז געשריבען געוואָרען אָהן דעם חשק אַרויסצורופען מיטלייד אָדער פערוואונדערונג. רוסאָס ודוי האָט שוין דעם פעהלער, וואָס ער האָט איהם געלייענט פאַר זיינע פריינד.

אַלזאָ, דער איין בעגעהר צו ברענגען אַ נוצען האָט מיך געצוואונגען צו דרוקען פראַגמענטען פון זשורנאַל, וואָס איז מיר געקומען צופעליג אין די הענד אַריין. הגם איך האָב פערענדערט אַלע אייגענע נעמען, דאָך אָבער וועלען די-יעניגע, וועגען וועלכע עס ווערט גערעדט אין זשורנאַל, זיך דערקאָנען, וואַרשיינליך. און אפשר וועלען זיי געפינען אַ פערענטפערונג צו יענע מעשים, אין וועלכע מען האָט ביז היינט בעשולדיגט אַ מענשען, וואָס האָט שוין איצט נישט קיין שום שייכות צו דער וועלט: מיר זענען כמעט שטענדיג מוחל דאָס, וואָס מיר פערשטעהען.

אין דעמדאָזיגען בוך האָב איך אַריינגענומען בלויז דאָס, וואָס האָט אַ שייכות צו פעטשאָרינס זייך אויף קאַווקאַז. אין מיינע הענד איז פערבליבען נאָך אַ דיק העפט, וואו ער דערצעהלט זיין גאַנץ לעבען. ווען-עס-איז וועט עס זיך אויך ווייזען פאַר׳ן משפט פון דער וועלט. אָבער איצט דערוועג איך מיך נישט צו נעהמען אויף זיך דידאָזיגע פעראַנטוואָרטליכקייט צוליעב פיעל וויכטיגע טעמים.

עס קאָן זיין, אַז מאַנכע לייענער וואָלטען געוואָלט וויסען מיין מיינונג איבער פעטשאָרינס כאַראַקטער. מיין ענטפער—דער נאָמען פון דעמדאָזיגען בוך. „אָבער דאָס איז דאָך אַ בייזע איראָניע!"—וועלען זיי טענה׳ן.—איך ווייס נישט.

I.

## טאַמאַן.

טאַמאַן איז גאָר אַ נישטיג שטעדטעל פון די אַלע שטעדט
אין רוסלאַנד, וואָס ליעגען ביים ים. איך בין דאָרטען שיער-
שיער נישט אַוועקגעשטאָרבען פון הונגער; דערצו האָט מען מיך
נאָך געוואָלט דערטרינקען. איך בין געקומען אויף אַ פּאָסטוועגעל
שפּעט אין דער נאַכט אַריין. דער פוהרמאַן האָט אָבגעשטעלט די
דריי מידע פערד ביים טויער פון איינציגען געמויערטען הויז, וואָס
ביים אַריינפאָהר. דער וואַך-סאָלדאַט, אַ קאָזאַק פון דרום, דער-
הערענדיג דעם קלאַנג פון אַ גלעקעל, האָט אויסגעשריען פון שלאָף
מיט אַ ווילדען קול: ווער געהט? אַרויסגעגאַנגען דער אוריאַדניק
און דער דעסיאַטניק. האָב איך זיי דערקלערט, אַז איך בין אַנ׳-
אָפיציר, אַז איך פאָהר אין דעם קאַמפּס-אָטריאַד צוליעב אַ קאַ-
זיאָנער בויטוועגדיגקייט און גענומען פאָדערן אַ קאַזיאָנע קוואַר-
טיר. האָט אונז דער דעסיאַטניק גענומען פיהרען איבער׳ן שטאָדט.
אָבער צו וועלכען הייזעל מיר פאָהרען נישט צו—פערנומען. עס
איז געווען קאַלט, דריי נעכט האָב איך נישט געשלאָפען, אויס-
געמוטשעט געוואָרען—האָב איך מיך אָנגעהויבען בייזערן: „פיהר
מיך ערגיץ אָב, גזלן! כאָטש צום שוואַרציאָהר, אַבי אַנ׳אָרט!״—
האָב איך אַ געשריי געטהאַן.—פאַרהאַן נאָך איין הייזעל,—האָט

געענטפערט דער דעסיאַטניק און גענומען קראַצען די פאַטילניצע,—אָבער אייער בלאַגאָראָדיע וועט עס נישט געפעלען: נישט ריין דאָרטען! נישט-פערשטעהענדיג דעם גענויען טייטש פון דעם לעצטען וואָרט, האָב איך געהייסען פאָהרען ווייטער, און נאָך אַ לאַנגען וואַנדערן איבער די שמוציגע געסלעך, וואו ביי די זייטען האָב איך בלויז געזעהען אַלטפרענקישע פּאַרקאַנעס, זענען מיר צוגעפאָהרען צו אַ קליין הייזעל סאַמע ביים ים.

די פולע לבנה האָט בעלויכטען דאָס טשערעט-דעכעל און די ווייסע ווענד פון מיין נייער וואוינונג. אויפ'ן הויף, אַרומגעצוימט מיט אַ פאַרקאַן פון שטיין, איז אויף אַ זייט געשטאַנען אַ צווייט הייזעל, קלענער און עלטער פונ'ם ערשטען. דער ברעג האָט זיך ווי אַ טהאָל אַראָבגעלאָזט צום ים כמעט פון די סאַמע ווענד פון הייזעל, און אונטען האָבען נאָכאַנאַנד גערוישט די טונקעלבלויע כוואַליעס. די לבנה האָט שטיל געקוקט אויף דעם אויפגעברויזטען ים און פאַר'ן שיין האָב איך ווייט פון ברעג געקאָנט בעמערקען צוויי שיפען, וואָס זייערע שטריק און קלעצער האָבען זיך ווי שפינוועבס, אונבעוועגליך געצייכענט אויף דעם בלאַסען ראַנד פון האָריזאָנט. פאַרהאַן שיפען אין האַפען, האָב איך אַ טראַכט געטהאָן, מאָרגען לאָז איך מיך אַוועק קיין העלענדזשיק.

די שטעלע פון אַ דענשטשיק האָט ביי מיר פערטראָטען אַ קאָזאַק פון דער ליניע. איך האָב איהם געהייסען אַראָבנעהמען דעם טשעמאָדאַן און אַוועקלאָזען דעם פוהרמאַן; דערנאָך האָב איך גענומען רופען דעם בעל-הבית—שווייגט מען; קלאַפ איך—שווייגט מען... וואָס איז עס? לסוף איז פון פאָרהויז אַרויסגעקראָכען אַ יונגעל פון אַ יאָהר דרייצעהן.

„וואו איז דער בעל-הבית?— ניע—מאַ. —„ווי, אינגאַנצען נישטאָ?”—אינגאַנצען.—„און די בעל-הבית'טע?”—פערפאַלען געוואָרען אויף דער סלאָבאָדקע.—„ווער-זשע וועט מיר עפענען די טהיר?”—האָב איך געזאָגט און אַ קלאַפ געטהאָן דערויף מיט'ן פוס. די טהיר האָט זיך אַליין געעפענט. פון הייזעל האָט אַ רעהע געטהאָן מיט פייכטקייט. האָב איך אָנגעצונדען אַ שוועבע-

לע און צוגעטראָגען צו דעם יונגעלס נאָז: זי האָט בעלויכטען צוויי ווייסע אויגען. ער איז געווען בלינד, אינגאַנצען בלינד פון געבוירען-אָן. געשטאַנען איז ער פאַר מיר אונבעוועגליך, און איך האָב גענומען בעטראַכטען זיינע געזיכטס-שטריכען.

איך בין מיך מודה, אַז איך האָב אַ שטאַרקען פאָראורטייל געגען אַלע בלינדע, לאָמע, טויבע, שטומע, אָהנהענדטיגע, אָהנפיסיגע, האָרבאַטע און אַנד. איך האָב בעמערקט, אַז צווישען דער אויסערליכקייט פון אַ מענשען און זיין נשמה איז שטענדיג פאַראַן עפּיס אַ מאָדנער צוזאַמענהאַנג: פונקט ווי מיט'ן פערלירען אַן'אבר, פערלירט אויך די נשמה עפּיס אַ חוש.

האָב איך מיר אַזוי בעטראַכט דעם בלינדענס פּנים; אָבער וואָס קאָן מען לייענען אויף אַ געזיכט, וואָס האָט קיין אויגען נישט!.. לאַנג האָב איך אויף איהם געקוקט מיט אונגערנדיגער בעדויערונג, אָבער פּלוצלונג איז אַ שמייכעל קוים צו מערקען אַדורכגעלאָפען איבער זיינע דינע ליפּען, און איך וויים נישט פאַרוואָס, נאָר אויף מיר האָט דערדאָזיגער שמייכעל געמאַכט זעהר אַן'אונאָנגענעהמען איינדרוק. מיר איז איינגעפאַלען עפּיס אַ חשד, אַז דערדאָזיגער בלינדער איז גאָרנישט אַזוי בלינד, ווי עס דאַכט זיך. אומזיסט האָב איך מיך בעמיהט איבערצוצייגען, אַז בלינדקייט איז אונמעגליך נאָכצומאַכען, און צו וואָס אייגענטליך? אָבער וואָס זאָל מען טהאָן? איך בין עפּטער גענייגט צו פאָראורטיילען...

„דו ביזט דעם בעל-הבית אַ זוהן?"—האָב איך איהם לסוף געפרעגט.—ניין.—„ווער-זשע ביזטו?"—אַן'עלענדער יתום.—„און די בעל-הבית'טע האָט קינדער?"—ניין. געווען אַ טעכטערל, איז זי אַנטלאָפען איבער'ן ים מיט אַ טאָטער.—„מיט וואָס פאַר אַ טאָטער?"—דער רוח וויים איהם! אַ קרימער טאָטער, 'אַ שיפער פון קערטש.

איך בין אַריין אין הייזעל: צוויי בענקלעך און אַ טיש און אַ גרויסער קאַסטען ביים אויווען—דאָס איז געווען דאָס גאַנצע מעבעל. אויפ'ן וואַנד—קיין שום הייליג בילד: אַ שלעכטער סימן! דורך די צובראָכענע שויבען האָט זיך אַריינגעריסען דער ים-

חינד. האָב איך אַרויסגענומען פון טשעמאָדאַן אַ לעצט שטיקעל וועקסען ליכט, אָנגעצונדען עס, גענומען פונאַנדערלעגען די זאַכען, אַוועקגעשטעלט אין ווינקעל דעם שווערד און דעם ביקס, די פיסטאָלעטען—אויפ׳ן טיש, דאָס פעלצעל פערשפרייט אויף דער באַנק, דער קאָזאַק זיינס אויף דער צווייטער באַנק. אין אַ מינוט פינף אַרום האָט ער אָנגעהויבען כראָפען, אָבער איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפען: אין דערפינסטער האָט זיך אַלץ פאַר מיר געדרעהט דאָס יונגעל מיט די ווייסע אויגען.

אַזוי איז אַוועק ביי אַ שעה צייט. די לבנה האָט אַריינגעשיינט אין פענסטער אַריין. פלוצלונג איז איבער׳ן ליכטיגען פאַס, וואָס האָט איבערגעשניטען די פאָדלאָגע, אַדורכגעלאָפען אַ שאָטען. איך בין אויפגעשטאַנען און אַ קוק געטהאָן אין פענסטער: עמיץ איז אַ צווייט מאָל דורכגעלאָפען און זיך פערבאָרגען גאָט ווייס וואו. איך האָב נישט געקאָנט רעכענען, אַז דאָסדאָזיגע וועזען זאָל לויפען מיט׳ן טהאָל פון ברעג. איך בין אויפגעשטאַנען, אַרויפגעוואָרפען אויף זיך דעם בעשמעט, אָנגעגורט דעם קינזשאַל און שטיל-שטיל אַרויס פון הייזעל. איך האָב מיך פערשטעקט ביים פאַרקאַן און ער איז מיט זיכערע, אָבער פאָרזיכטיגע טריט אַדורכגעגאַנגען פאַרביי מיר. אונטער׳ן אָרים האָט ער געטראָגען עפיס אַ פעקעל, און, אָבקעהרענדיג זיך צום האַפען, האָט ער זיך גענומען אַראָבלאָזען איבער דעם שמאָלען און משופּע׳דיגען שטעגעל. „אין יענעם טאָג וועלען די שטומע ריידענדיג ווערען און בלינדע וועלען זעהן". האָב אַ טראַכט געטהאָן נאָכגעהענדיג איהם אויף אַזאַ מהלך, אַז איך זאָל איהם נישט פערלירען פון אויג.

״ערווייל האָט די לבנה זיך גענומען אָנטהאָן אין וואָלקען און אויפ׳ן ים האָט זיך בעוויזען אַ נעבעל. דורכ׳ן נעבעל האָט זיך קוים געזעהן דאָס פייערל אין דער לאַמטערנע אויפ׳ן הינטערטייל פון דער נאָהנטער שיף. ביים ברעג האָט געגלאַנצט דער שוים פון די כוואַליעס, וואָס האָבען זי וויילעווייז שיער נישט פערטרונקען. איך האָב מיך קוים אַראָבגעלאָזט, געגאַנגען איבער די משופּה׳דיגע וועגען, און אָט זעה איך: דער בלינדער

האָט זיך אַנידערגעשטעלט, דערנאָך אונטען אַוועק רעכטס. ער איז געגאַנגען אַזוי נאָהנט פון וואַסער, אַז עס האָט זיך געדאַכט, באַלד וועט איהם כאַפּען אַ כוואַליע און אַוועקטראָגען. אָבער לויט דער זיכערקייט, מיט וועלכער ער האָט געטראָטען פון שטיין צו שטיין און אויסגעמידען דעם אָבגרונד, האָט זיך געלאָזט זעהן, אַז דאָס איז נישט זיין ערשטער שפּאַציר. צולעצט, איז ער געבליבען שטעהן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך צו עפּיס צוגעהערט, זיך אַני-דערגעזעצט אויף דער ערד און אַוועקגעלעגט נעבען זיך דאָס פּעקעל. איך האָב נאָכגעקוקט נאָך זיינע בעוועגונגען הינטער אַנ'אַרויסגערוקטען פעלז פון ברעג. אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך פון דער געגענאיבערדיגער זייט בעוויזען אַ ווייסע פיגור. זי איז צוגעגאַנגען צום בלינדען און זיך אַנידערגעזעצט נעבען איהם. צייטענווייז האָט מיר דער ווינד דערטראָגען זייער שמועס.

— וואָס, בלינדער? — האָט געפרעגט אַ פרויען-קול, — דער שטורם איז שטאַרק, יאַנקאָ וועט נישט זיין.—יאַנקאָ האָט קיין מורא נישט פאַר אַ שטורם,—האָט יענער געענטפערט.—דער נע-בעל ווערט געדיכטער,—האָט ווייטער געזאָגט דער פרויען-קול מיט אַנ'אויסדרוק פון אומעט.—אין נעבעל איז זיך אָבער בעסער דורכ-צושוואַרצען דורך די וואַך-שיפען—איז געווען דער ענטפער.—און אויב ער וועט דערטרונקען ווערען?—נו, מילא, וועסטו געהן זונ-טאָג אין דער צערקווע אַריין אָהן אַ נייער לענטע.

דערנאָך האָט מען געשוויגען. מיך האָט פונדעסטוועגען אי-בערראַשט איין זאַך: דער בלינדער האָט מיט מיר גערעדט אויף אַ קליינרוסישען דיאַלעקט, און איצט האָט ער זיך דורכגעשמועסט אויף אַ ריינעם רוסיש.

—זעהסטו, איך בין גערעכט,—האָט ווידער געזאָגט דער בלינדער און אַ קלאַפּ געטהאָן זיך אין לאַדאָן אַריין—יאַנקאָ האָט נישט מורא נישט פאַר'ן ים, נישט פאַר ווינדטען, נישט פאַר'ן נעבעל, נישט פאַר די ברעג-שומרים. האָרך זיך נאָר צו: דאָס פּאַטשט נישט דאָס וואַסער, מיך וועסטו נישט אָבנאַרען—דאָס איז זיין לאַנגער רודער.

די פרוי איז אויפגעשפרונגען און זיך גענומען איינקוקען

אין דער ווייטקייט אַריין מיט אַנ׳אונרוהיגען פנים.

—בלינדער, דו רעדסט פון היץ!—איך זעה גאָרנישט.

איך בין מיך מודה, וויפיעל איך האָב מיך נישט געסטאַ-
רעט צו בעמערקען אין דערווייטענס עפּיס אַזוינס עהנליך צו אַ
שיפעל, איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען. אַזוי זענען אַוועק אַ
מינוט צעהן—און אָט האָט זיך בעוויזען צווישען די כוואַליעס-
בערג אַ שוואַרץ פּינטעלע. דאָסדאָזיגע פּינטעלע איז דאָ גרעסער,
דאָ קלענער געוואָרען. דאָס שיפעל האָט זיך דערנעהנטערט צום
ברעג, אויפהױבענדיג זיך לאַנגזאַם אויף די שפּיצען כוואַליעס און
אַראָבלאָזענדיג זיך געשווינד. מוטיג איז געוועזן דער שיפער, וואָס
האָט זיך געקאָנט אין אַזאַ נאַכט לאָזען דורכ׳ן אויסגוס אויף אַ
שטח פון צוואַנציג ווערסט, און וויכטיג האָט בעדאַרפט זיין די
סבה, וואָס האָט איהם דערצו דערוועקט. טרויעריג האָב איך גע-
קוקט אויף דאָס אָרימע שיפעל און דאָס האַרץ האָט מיר נישט-
ווילענדיג געקלאַפּט. אָבער דאָס שיפעל האָט זיך, ווי אַ קאַטשקע,
אַרונטערגעטונקען אונטער׳ן וואַסער און דערנאָך געשווינד אַ פּאַך
געטהאָן מיט די רודערס, פּונקט ווי מיט פליגלען און אַרויסגע-
שפּרונגען פון תהום צווישען שוים-שפּריצען. און אָט, האָב איך
געטראַכט, וועט זיך דאָס שיפעל מיט׳ן גאַנצען כח אָנקלאַפּען אָן
ברעג און וועט צופליגען ווערען אויף פּיץ-פּיצלעך! אָבער דאָס
שיפעל האָט זיך געשיקט אויסגעדרעהט מיט׳ן זייט און איז אַריינ-
געשפּרונגען אין דער קלייניטשקער בוכטע נישט-בעשעדיגט. פון
שיפעל איז אַרויס אַ מענש פון מיטעלען וואוקס, אין אַ טאָטער-
שען שעפּסענעם היטעל; ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד,
און אַלע דריי האָבען גענומען עפּיס אַרויסשלעפּען פון שיפעל.
דער פּראַכט איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז איך פערשטעה עד-היום
נישט, ווי אַזוי איז דאָס שיפעל נישט דערטרונקען געוואָרען. יע-
דער האָט גענומען אויפ׳ן פּלייצע אַ פּאַק, מען האָט זיך אַראָב-
געלאָזט פאַרביי ברעג און אינגיכען האָב איך זיי פערלאָרען פון
אויג. מען האָט זיך בעדאַרפט אומקעהרען אַהיים; אָבער איך
בין מיך מודה, אַז די אַלע משונה׳דיגע זאַכען האָבען מיך בע-
אונרוהיגט און איך האָב מיך קוים דערוואַרט אויפ׳ן פריהמאָרגען.

מיין קאָזאַק איז געווען העכסט פערוואונדערט, בשעת ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און מיך דערזעהן אַנ׳אָנגעטהאָנענעם. דאָך האָב איך איהם נישט געזאָגט די סבה דערפון. אַרויסקוקענדיג דורכ׳ן פענסטער, האָב איך מיך אַ ביסעל צייט ענטציקט מיט׳ן בלויען הימעל, בעזייהט מיט שטיקער וואָלקען, מיט׳ן ווייטען ברעג פון קרים, וואָס ציהט זיך ווי אַ פיאָלעטער-פּאַס און ענדיגט זיך מיט אַ פעלז, וואָס אויף זיין שפּיץ שטעהט אַ ווייטער לייכטטורם. דערנאָך בין איך אַוועק אין דער פעסטונג אַנאַגאָריע: איך האָב מיך בע-דאַרפט דערוויסען ביים קאָמענדאַנט, ווען איך זאָל אָבפאָהרען קיין געלענדזשיק.

אָבער, ליידער! דער קאָמענדאַנט האָט מיר קאַטעגאָריש גאָרנישט געקאָנט זאָגען. די שיפען, וואָס זענען געשטאַנען אין האַפען, זענען אָדער געווען וואַך-שיפען אָדער סוחר׳ישע שיפען, וואָס מען האָט גאָרנישט אָנגעהויבען צו לאָדעווען. „אפשר אין אַ טאָג דריי, פיער אַרום וועט קומען די פּאָסט-שיף,—האָט גע-זאָגט דער קאָמענדאַנט—און דעמאָלט וועלען מיר זעהן". איך האָב מיך אומגעקעהרט אַהיים מרה-שחורה׳דיג און בייז. אין טהיר האָט מיך בעגעגענט מיין קאָזאַק מיט אַ דערשראָקענער מינע.

—שלעכט, וואַשע בלאַגאָראָדיע,—האָט ער מיר געזאָגט.

„יאָ, ברודער, גאָט ווייס, ווען מיר וועלען פון דאַנען אַוועקפאָהרען!" דאָ האָט ער זיך נאָכמעהר בעאונרוהיגט, און, אָננויגענדיג זיך צו מיר, האָט ער שעפּטשענדיג געזאָגט: „נישט אין אָרדנונג דאָ! איך האָב היינט בעגעגענט דעם אוריאַדניק. ער איז מיינער אַ בעקאַנטער—פאַראַיאָהרען געווען אין אָטראַד. און אַז איך האָב איהם געזאָגט, וואוהין מיר זענען פערפאָהרען, מאַכט ער צו מיר: דאָ איז, ברודער, נישט אין אָרדנונג, שלעכ-טע מענשען!... און, טאַקי וואָס איז דאָס פאַר אַ בלינדער! געהט אומעטום אַליין, און אויפ׳ן מאַרק נאָך ברויט און נאָך וואַסער... מען איז שוין, אַפנים, צו דעם געוועהנט.

„נו, וואָס, האָט זיך, לפחות, געוויזען די בעל-הבית׳טע?.."

—היינט איז אָנגעקומען אַנ׳אַלטע פרוי מיט איהר טאָכטער.

„וואָס פאַר טאָכטער? זי האָט נישט קיין טאָכטער."

—ווייס זי דער רוח ווער זי איז, אויב נישט קיין טאָכ-טער. די אַלטע זיצט דאָרטען איצט ביי זיך אין הייזעל.

איך בין אַריין אין הייזעל. דער אויוועז איז געווען שטאַרק אָנגעהייצט און דאָרט האָט זיך געקאָכט אַ מיטאָג, וואָס איז געווען צו-רייך פאַר קבצנים. אויף אַלע מיינע פראַגען האָט די אַלטע געענטפערט, אַז זי איז טויב, זי הערט נישט. וואָס האָט מען געקאָנט טהאָן מיט איהר? האָב איך מיך געווענדעט צום בלינדען, וואָס איז געזעסען ביים אויוועז און צוגעוואָרפען צום פייער טרוקענע צווייגען. „נו-קאַ, בלינדער שד'ל"—האָב איך געזאָגט און איהם אָנגענומען ביים אויער—זאָג, וואוהין האָסטו זיך ביינאַכט געשלעפט מיט'ן פעקעל, האַ?" פלוצלונג האָט זיך מיין בלינדער צעוויינט, פונאַנדערגעשריען, גענומען קרעכצען: וואוהין בין איך געגאַנגען?... ערגעץ נישט געגאַנגען... מיט אַ פעקעל... מיט וואָסער פעקעל? די אַלטע האָט דאָסמאָל דער-הערט און גענומען וואָרטשען: אָט האָט מען שוין אויסגעטראַכט און נאָך אויף אַ קאַליקע. פאַרוואָס מוטשעט איהר איהם? וואָס האָט ער אייך געטהאָן? דאָס איז מיר נמאס געוואָרען און איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט'ן פעסטען בעשלוס צו קריגען דעם שליסעל צו דעמדאָזיגען רעטעניש.

איך האָב מיך איינגעוויקעלט אין פעלצעל און זיך געזעצט ביים פאַרקאַן אויף אַ שטיין, קוקענדיג אין מרחק אַריין. פאַר מיר האָט זיך געצויגען אַ ים, אויפגערעגט דורכ'ן נאַכטשטורם, און זיין איינטעניגער גערויש, עהנליך צום געמורמעל פון אַנ'-איינשלאָפענדיגער שטאָדט, האָט מיר דערמאָהנט די אַלטע יאָהרען, איבערגעטראָגענדיג מיינע געדאַנקען קיין צפון, אין אונזער קאַל-טער רעזידענצשטאָדט. דערוואַרימט דורך די ערינערונגען, האָב איך מיך פערגעסען... אַזוי איז אַוועק ביי אַ האַלבע שעה און אפשר מעהר. פלוצלונג האָב איך אַזוי ווי דערהערט זינגענדיג אַ ליעד. דאָס איז ווירקליך געווען אַ ליעד, און אַ פריש פרויען-קול'כעל—אָבער פון וואַנען?... האָרך איך מיך איין—די האַרמאָנישע מעלאָדיע איז דאָ אויסגעצויגען און טרויעריג, דאָ שנעל און לעבעדיג. איך קוק מיך אַרום—קיינער נישטאָ, האָרך איך

מיך פון דאָסניי צו—די קלאַנגען פאַלען אַזוי ווי פון הימעל. הויב איך אויף די אויגען—אויפ׳ן דאַך פון מיין הייזעל איז געשטאַנען אַ מיידעל אין אַ געשטרייפטען קלייד, מיט פונאַנ־דערגעלאָזטע האָהר—אַנ׳עכט וואַסערמיידעל. פערשטעלט מיט דער האַנד די אויגען פון דער זון, האָט זי זיך שטאַרק איינגעקוקט אין דער ווייטקייט אַריין און דאָ געלאַכט און גערעדט מיט זיך אַליין און דאָ פון דאָסניי גענומען זינגען דאָס ליעד.

איך געדענק דאָסדאָזיגע ליעד פון וואָרט צו וואָרט:

פריי, ווי ס׳פרייסטע ווינדטעלע,
איבער גרינעם ים,
געהען זיך אַלץ שיפעלעך,
ווייסגעזעגעלטע.

צווישען יענע שיפעלעך
שניידט מיין שיפעלע,
שניידט זיין וועג אין גרינעם ים
מיט צוויי רודערלעך.

שפרינט דער ים אין שטורמל.
און די אַלטע שיפען
האַלטען הויך די פליגעלעך,
לויפען איבער ים—

בוק איך זיך צום ים׳עלע
נידעריג און זאָג:
ריהר נישט, ים, מיין שיפעלע
ריהר נישט, ים, דו ים.

פיהרען פיהרט מיין שיפעלע
זאַכען טייערע,
און דער שיפער ממזר׳יש
רודערט דרייסט אין נאַכט.

נישט־ווילענדיג איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק, אַז איך

האָב ביינאַכט געהערט דעמזעלבען קול. אַ מינוט האָב איך מיך פערטראַכט, און אַז איך האָב פון דאָסניי אַ קוק געטהאָן אויפ'ן דאַך, איז שוין דאָס מיידעל נישט געווען דאָרט. פלוצלונג איז זי אַדורכגעלאָפען פאַרביי מיר מיט עפּיס אַנ'אַנדער נגונ'דעל, צוגעקנאַקט מיט די פינגער, אַריינגעלאָפען צו דער אַלטער און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זיי אַ קריעג. די אַלטע האָט זיך שטאַרק געבייזערט, דאָס מיידעל האָט הויך געלאַכט. און אָט זעה איך, ווי עס שפּרינגט ווידער מיין אונדינע. געקומען נעבען מיר, איז זי געבליבען שטעהן, שאַרף מיר אַריינגעקוקט אין די אויגען אַריין, פונקט ווי זי וואָלט זיך זעהר פערוואונדערט, וואָס איך בין דאָ. דערנאָך האָט זי זיך גלייכגילטיג אומגעדרעהט און אַוועק צום האַפען. דערמיט האָט זיך עס נישט געענדיגט: אַ גאַנצען טאָג האָט זי זיך געדרעהט אַרום מיין קוואַרטיר. געזאַנג און שפּרינגעניש האָבען אויף אַ מינוט נישט אויפגעהערט. אַ משונה וועזען! אויפ'ן פּנים—קיין שום שפּורען פון משוגעת. פערקעהרט, איהרע אויגען האָבען מיט גרויס דורכדרינגליכקייט זיך אָבגעשטעלט אויף מיין פּנים, און דידאָזיגע אויגען זענען אַזוי ווי בעשאָנקען געווען מיט עפּיס אַ מאַגנעטישער קראַפט, און יעדעס מאָל האָבען זיי אַזוי ווי געוואַרט אויף אַ פראַגע. האָב איך אָבער נאָר אָנגעהויבען ריידען, איז זי תיכף אַוועקגעלאָפען מיט אַ שעלמישען שמייכעלע.

איך האָב נאָך אַזאַ פרוי קיינמאָל נישט געזעהן. זי איז ווייט נישט געווען קיין שענהייט, אָבער בנוגע צו שענקייט האָב איך אויך מיינע פּאָראורטיילען. זי האָט געהאַט אין זיך אַ סך ראַסע... ראַסע אין פרויען, ווי אין פערד, איז אַ גרויסע זאַך. דידאָזיגע ערפינדונג געהערט דעם יונגען פראַנקרייך. זי, דאָס הייסט די ראַסע, און נישט דאָס יונגע פראַנקרייך, ווערט מעהרסטענטיילס אַרויסגעוויזען אין טראָט, אין די הענד, אין די פיס; בעזונדערס שפּיעלט אַ גרויסע ראָל די נאָז. אַ רעגעלמעסיגע נאָז איז אין רוסלאַנד זעלטענער, ווי אַ קליין פיסעל. מיין זינג-פויגעלע, האָט אויסגעוויזען, איז נישט עלטער פון אַכצעהן יאָהר. די אונגעוועהנליכע בויגזאַמקייט פון איהר טאַליע, בעזונדערס דער

בזיג מיט׳ן קאָפּ, װאָס איז בלויז כאַראַקטעריסטיש פאַר איהר אַליין, די לאַנגע העל-בלאָנדע האָהר, די גאָלדענע שאַטירונג פון איהר פערברוינטען לייב אויף׳ן האַלז און אויף די אַקסלען און איבערהויפּט די רעגעלמעסיגע נאָז,—דאָס אַלץ האָט מיך פער׳כשופ׳ט. הגם אין איהרע זייטיגע בליקען האָב איך אַרויס-געלייענט עפּיס ווילדעס און פערדעכטיגעס, הגם אין איהר שמייכעל איז געווען עפּיס אונבעשטימטעס, אָבער דאָך איז שוין די קראַפט פון איינריידענישען אַזוי: די רעגעלמעסיגע נאָז האָט מיך משוגע געמאַכט. איך האָב משער-געווען, אַז איך האָב געפונען געטהע׳ס מיניאָן, אָט די וואונדערליכע שעפּונג פון דער דייטשער פאַנטאַזיע. און באמת, צווישען זיי איז געווען אַ סך עהנליכקייט: די אייגענע שנעלע איבערגאַנגען פון געוואַלטיגער אונרוהיגקייט צו פולשטענדיגער אונבעוועגליכקייט, דיזעלבע אויסטערלישע ווערטער אין ריידען, דיזעלבע שפּרינגערייען, דיזעלבע מאָדנע ליעדער...

פאַרנאַכט האָב איך זי אָבגעשטעלט ביים טהיר און פערפיהרט מיט איהר דעם פאָלגענדען שמועס:

„זאָג מיר, מיין שענהייט,—האָב איך געפרעגט,—וואָס האָסטו היינט געטהאָן אויפ׳ן דאַך?"—איך האָב אַ קוק געטהאָן, פון וואַנען בלאָזט דער ווינד.—„צו וואָס בעדאַרפסטו עס וויסען?"—פון וואַנען דער ווינד, פון דאָרטען דאָס גליק. „נו, וואָס, האָסטו דען מיט׳ן ליעד דאָס גליק גערופען?"—דאָרט, וואו עס זינגט זיך, דאָרט מזל׳ט זיך.—„און אַז דו ווערסט זיך צומאָל אָנזינגען אַן אומגליק?"—נו, איז וואָס? וואו עס וועט נישט זיין בעסער, דאָרט וועט זיין ערגער, און פון גוט ביז שלעכט איז אודאי נישט וייט.—„ווער-זשע האָט דיך אויסגעלערנט דאָסדאָזיגע ליעד?"—קיינער האָט נישט אויסגעלערנט. געקומען אויפ׳ן רעיון—זינג איך. ווער עס בעדאַרף דערהערן, דער וועט דערהערן, און ווער עס בעדאַרף נישט הערען, דער וועט נישט פערשטעהן.—און ווי רופט מען דיך, מיין זינג-פויגעלע?"—ווער עס האָט געטויפט, דער וייס.—„און ווער האָט געטויפט?"—פון וואַנען זאָל איך וויסען?—„אָט איז אַ פערבאָרגענע! אָבער אָט וואָס איך האָב

מיך וועגען דיר דערוואוסט (זי האָט זיך גאָרנישט פערענדערט אין פּנים, נישט בעוועגט מיט די ליפּען, פּונקט ווי נישט וועגען איהר האַנדעלט זיך עס). איך האָב מיך דערוואוסט, אַז זי ביזט נעכטען אויף דער נאַכט געגאַנגען צום ברעג.״ און דאָ האָב איך איהר זעהר ערנסט איבערדערצעהלט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געזעהן, מיינענדיג, אַז דערמיט וועל איך זי צוטומלען: עס הויבט זיך גאָרנישט אָן. זי האָט זיך הילכיג צולאַכט.— אַ סך האָט איהר געזעהן, אָבער ויסען ווייסט איהר ווייניג. און דאָס, וואָס איהר ווייסט, טאָ האַלט עס אונטער׳ן שלאָס.—„און אַז איך זאָל, צום ביישפּיעל, וועלען מעלדען דעם קאָמענדאַנט וועגען דעם?״ און דאָ האָב איך געמאַכט זעהר אַנ׳ערנסטע, כּמעט אַ שטרענגע מינע. זי האָט פּלוצלונג אַ שפּרונג געטהאָן, אָנגעהויבען זינגען און נעלם געוואָרען, ווי אַ פויגעל, וואָס איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון אַ קוסט. די לעצטע ווערטער מיינע האָבען זיך גאָרנישט געפּאַסט; איך האָב דעמאָלט נישט איינגעזעהן זייער בעדייטונג, אָבער שפּעטער האָב איך געהאַט אַ געלעגענהייט חרטה צו האָבען אויף זיי.

באַלד ווי עס איז טונקעלער געוואָרען האָב איך געהייסען מיין קאָזאַק דערוואַרימען דעם טשייניק אויפ׳ן שטייגער פון פּאָכאָד, האָב אָנגעצונדען אַ ליכט, זיך אַנידערגעזעצט ביים טיש און גערויכערט פון מיין וועג-ליולקע. איך האָב שוין געענדיגט מיין צווייט גלאָז טיי, ווי די טהיר האָט פּלוצלונג אַ סקריפּע געטהאָן און הינטער מיר האָט זיך דערהערט אַ לייכטער שאָרך פון קליידער און פון טריט. איך האָב אַ ציטער געטהאָן און זיך אָבגעקעהרט. דאָס איז זי געווען, מיין אונדינע. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט געגען מיר שטיל און שוויגענדיג, און אויסגעשטעלט אויף מיר די אויגען איהרע; און איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר דערדאָזיגער בליק האָט מיר אויסגעוויזען וואונדערליך-צאַרט: ער האָט מיר דערמאָהנט איינעם פון יענע בליקען, וואָס האָט אַמאָליגע יאָהרען אַזוי מעכטיג געשפּיעלט מיט מיין לעבען. עס האָט אויסגעוויזען, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַ פראַגע. אָבער איך האָב געשוויגען, פול מיט אונדערקלערליכער פערלעגענהייט. דאָס

געזיכט איז איהר בעדעקט געווען מיט אַ שטאַרער בלאַסקייט, וואָס האָט אָנגעוויזען אויף אַן׳אינערליכער צורודערונג. איהר האַנד האָט אָהן אַ שום צוועק אַרומגעבלאָנזשעט איבער׳ן טיש און איך האָב בעמערקט אין איהר אַ לייכטען ציטער. איהר ברוסט האָט זיך דאָ אויפגעהויבען און דאָ, דאַכט זיך, האָט זי פערהאַלטען דעם אָטעם. דידאָזיגע קאָמעדיע האָט מיר אָנגעהויבען צו דערעסען, און איך בין גרייט געווען איבערצורייסען דאָס שווייגען אויף אַ סאַמע פּראָזאַאישען אופן, דאָס הייסט פאָרלעגען איהר אַ גלאָז טיי, אָבער פלוצלונג איז זי אויפגעשפּרונגען, אַרומגעכאַפּט מיר מיט די הענד דעם האַלז און אַ פייכטער, פייערדיגער קוש האָט אָבגעקלונגען אויף מיינע ליפּען. אין די אויגען איז מיר טונקעל געוואָרען, דער קאָפּ האָט מיר גענומען שווינדלען, איך האָב זי פערפּרעסט אין מיינע אָרעמס מיט דער גאַנצער קראַפט פון יונגעלשער ליידענשאַפט, אָבער זי האָט זיך, ווי אַ שלאַנג אַרויסגעגליטשט פון מיינע הענד און מיר אָנגעשעפּטשעט אויפ׳ן אויער: היינט ביינאַכט, אַז אַלע וועלען איינשלאָפען, געה אַרויס אויפ׳ן ברעג—און איז ווי אַ פייל פון בויגען אַרויסגעלאָפען פון צימער. אין פאָרהויז האָט זי אומגעשליידערט דעם טשייניק און דאָס ליכט, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער פאָדלאָגע. „דאָס איז אַ ביסעל אַ טייוועל-מיידעל!"—האָט דער קאָזאַק אויסגעשריען. ער איז געגעלען אויפ׳ן שטרוי און האָט זיך געוואָלט דערוואַרימען מיט׳ן איבערגעבליבענעם טיי. און דאָ בין איך ערשט געקומען צו זיך.

אין אַ שעה צוויי אַרום, בשעת אַלץ איז שטיל געוואָרען אין האַפען, האָב איך אויפגעוועקט מיין קאָזאַק. „אויב איך וועל אויסשיסען פון פיסטאָלעט,—האָב איך איהם געזאָגט,—טאָ לויף צום ברעג." ער האָט אויסגעקאָטשעט די אויגען און מאַשינעל געענטפערט:—איך הערך, וואַשע בלאַגאָראָדיע. איך האָב אַריינגעשטעקט אין גאַרטעל דעם פיסטאָלעט און אַרויסגעגאַנגען. זי האָט געוואַרט אויף מיר ביים ברעג טהאָל. איהר קלייד איז געווען מעהר ווי לייכט, אַ קליין טיכעל האָט אַרומגערינגעלט איהר טאַליע. —געהט נאָך מיר!—האָט זי געזאָגט, נעהמענדיג מיך פאַר׳ן

האַנד, און מיר האָבען זיך אָנגעהויבען אַראָבלאָזען. איך פערשטעה נישט, ווי אַזוי האָב איך מיר נישט צובראָכֿען האַלז-און-נאַקען. אונטען האָבען מיר זיך פערנומען רעכֿטס און אַוועק מיט דעמזעלבען וועג, מיט וועלכען איך בין נעכטען נאָכגעגאַנגען נאָך דעם בלינדען. די לבנה איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען, און בלויז צוויי שטערנדלעך, ווי צוויי לייכֿטטורמס האָבען געלויכֿטען אויפ'ן טונקעל-בלויען האָריזאָנט. די שווערע וואַלען האָבען זיך מעסיג און גלייך געקויקעלט אייגער נאָכֿ'ן צווייטען, עטוואָס אויפהויבענדיג דאָס איינצעלנע שיפעל, וואָס איז געווען צוגעפעסטיגט צום ברעג.

—קומט-אַריין אין שיפעל,—האָט געזאָגט מיין מיטגעהערין. איך האָב געקוויינקעלט. איך האָב נישט ליעב די סענטימענטאַלע שפּאַציר-נסיעות איבער'ן ים, אָבער אָבשלאָגען זיך דערפון איז שוין געווען צו-שפעט. זי איז אַריינגעשפּרונגען אין שיפעל, איך נאָך איהר, און איידער איך בין געקומען צו זיך, האָב איך בעמערקט, אַז מיר שווימען. „וואָס הייסט עס?"—האָב איך בייז געזאָגט.—דאָס הייסט,—האָט זי געענטפערט, אַנידערזעצענדיג מיך אויפ'ן בענקעל און אַרומכֿאַפּענדיג מיך מיט די הענד,—דאָס הייסט, אַז איך האָב דיך ליעב...—און אַ באַק האָט זי צוגעדריקט צו מיינער און אויף מיין פנים האָב איך געשפירט איהר פייערדיגען אָטעם. פּלוצלונג איז עפּיס רוישיג אַריינגעפאַלען אין וואַסער. איך—באַלד צום גאַרטעל: נישטאָ דער פּיסטאָלעט. אָ, דאָ האָט זיך מיר אַ שרעקליכֿער חשד פער'גנב'עט אין דער נשמה אַריין, דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטהאָן אין קאָפּ. קוק איך מיך אַרום—פון ברעג זענען מיר ביי אַ פופציג קלאַפטער, און איך קאָן נישט שווימען! וויל איך זי אָבשטויסען פון זיך, האָט זי זיך, ווי אַ קאַץ, איינגעגעגעלט אין מיינע קליידער, און פּלוצלונג האָט מיך אַ שטאַרקער קלאַפּ שיער נישט אומגעוואָרפען אין ים אַריין. דאָס שיפעל האָט זיך אָנגעהויבען וויעגען, אָבער איך בין געקומען צו זיך, און צווישען אונז האָט זיך אָנגעהויבען אַ פערצווייפעלטער קאַמף. די רציחה האָט מיר צוגעגעבען אַ סך כח, אָבער איך האָב תיכף בעמערקט, אַז איך בין שוואַכֿער פאַר מיין

געגנער אין געשיקטקייט... „וואָס ווילסטו?"—האָב איך אויסגע-שריען און שטאַרק צוזאַמענגעדריקט איהרע קליינעטשקע הענד-טלעך; די פינגער איהרע האָבען אָנגעהויבען קנאַקען, אָבער זי האָט נישט געשריען: איהר שלאַנגען-נאַטור האָט אויסגעהאַלטען דידאָזיגע ענוים.

—דו האָסט געזעהן,—האָט זי געזאָגט,—וועסטו איבערגע-בען!—און מיט איבערמענשליכע כחות האָט זי מיך אַ וואָרף גע-טהאָן אויפ׳ן באָרט. מיר זענען ביידע ביז׳ן גאַרטעל אַרויסגע-האַנגען פון שיפעל. איהרע האָהר האָבען דערגרייכט דאָס וואַ-סער. די מינוט איז געווען אַנ׳ענטשיידענע. איך האָב מיך איינ-געשפאַרט מיט׳ן קניה אָן דעק, אַ כאַפּ געטהאָן זי מיט איין האַנד פאַר׳ן צאָפּ, מיט דער צווייטער פאַר׳ן האַלז, זי האָט אָבגעלאָזט מיינע קליידער און איך האָב זי אויגענבליקליך אַריינגעוואָרפען אין די כוואַליעס אַריין.

שוין געווען געבוג פינסטער. אין ים-שוים האָט זיך אַ פּאָר מאָל בעוויזען איהר קאָפּ און מעהר האָב איך איהם נישט גע-זעהן...

אויפ׳ן דעק פון שיפעל האָב איך געפונען אַ האַלבען אַל-טען רודער און ווי-עס-איז, נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען, צוגע-שוואומען צום ברעג. דורכשלאָגענדיג זיך מיט׳ן ברעג צום היי-זעל, האָב איך מיך נישט-ווילענדיג איינגעקוקט אין יענער זייט, וואו דער בלינדער האָט נעכטען געוואַרט אויף דעם נאַכט-שווי-מער. די לבנה האָט זיך שוין געקויקעלט איבער׳ן הימעל, און גיר האָט אויסגעוויזען, אַז עמיץ אין ווייסען איז געזעסען אויפ׳ן ברעג. איך האָב מיך אונטערגע׳גנב׳עט, בעוועגט פון נייגיריקייט, און זיך אַנידערגעלעגט אין גראָז ביים ברעג פון טהאָל. אַרויסגע-רוקט עטוואָס דעם קאָפּ, האָב איך פון פעלד געקאָנט גוט זעהן אַלץ, וואָס איז אונטען געטהאָן געוואָרען, און האָב מיך נישט זעהר געוואונדערט, גיכער זיך דערפרעהט, דערקאָנענדיג מיין וואַסער-מיידעל. זי האָט אויסגעקוועטשט דעם ים-שוים פון איהרע לאַנגע האָהר; דאָס נאַסע העמד האָט בעצייכענט איהר שלאַנקע טאַליע און די הויכע ברוסט. אינגיכען האָט זיך פון דערווייטענס בע-

וויזען אַ שיפעל, שנעל האָט זיך עס דערנעהנט. פון שיפעל איז, ווי נעכטען, אַרויס אַ מענש אין אַ טאָטערשען הוט, אָבער געשוי־רען, ווי אַ קאָזאַק און אין זיין רימענעם גאַרטעל האָט געשטעקט אַ גרויס מעסער. „יאַנקאָ,—האָט זי געזאָגט,—אַלץ איז פערפאַלען!“ דערנאָך האָבען זיי ווייטער געשמועסט, אָבער אַזוי שטיל, אַז איך האָב גאָרנישט געקאָנט הערען.—און וואו איז דער בלינדער?—האָט יאַנקאָ, צולעצט, געפרעגט מיט אַ העכערן קול. „איך האָב איהם אַוועקגעשיקט,—איז געווען דער ענטפער. אין עטליכע מי־נוט אַרום איז געקומען דער בלינדער, שלעפענדיג אויפ'ן פליי־צע אַ זעקעל, וואָס זיי האָבען אַריינגעלעגט אין שיפעל.

—הער-נאָר, בלינדער,—האָט יאַנקאָ געזאָגט,—דו היט מיר דאָסדאָזיגע אָרט... ווייסט? דאָרט ליעגען טייערע סחורות... זאָג (דעם נאָמען האָב איך נישט געהערט), אַז איך בין איהם מעהר נישט קיין דיענער. די געשעפטען זענען אַוועק שלעכט. ער וועט מיך שוין מעהר נישט זעהן. איצט איז געפעהרליך. וועל איך אַוועקפאָהרען זוכען אַרבייט אין אַנ'אַנדער אָרט, אָבער אַזאַ כוואַט אַ יונג וועט ער שוין נישט האָבען. זאָג איהם אויך, אַז ווען ער וואָלט בעסער געצאָהלט פאַר דער אַרבייט, וואָלט איהם יאַנקאָ נישט געווען אַוועקגעוואָרפען. און פאַר מיר איז אומעטום פריי דער וועג, וואו עס בלאָזט נאָר דער ווינד און עס רוישט דער ים! נאָך אַ געוויסער פויזע האָט ער ווייטער געזאָגט:—זי וועט פאָהרען מיט מיר; זי קאָן דאָ נישט פערבלייבען. און דער אַלטער וועסטו זאָגען, אַז איהר איז שוין צייט צו שטאַרבען, צופיעל געלעבט, מען בעדאַרף זיין אַ מענש אויך. אונז וועט זי שוין מעהר נישט זעהן.

—און איך?—האָט געזאָגט דער בלינדער מיט אַ יתומ'־דיגען קול.

—אויף וואָס בעדאַרף איך דיך?—איז געווען דער ענטפער.

דערווייל איז מיין אונדינע אַריינגעשפרונגען אין שיפעל און אַ מאַך געטהאָן דעם חבר מיט דער האַנד. ער האָט עפּיס אַריינגעלעגט דעם בלינדען אין דער האַנד אַריין און אַרויסגע־מורמעלט:—נו, קויף זיך לעקעכלעך.—דאָס גאָר?—האָט געזאָגט

דער בלינדער.—נו, אָט האָסטו נאָך,—און אַנ׳אַראָבגעפאַלענע מטבע האָט אַ קלונג געטהאָן און זיך אָבגעשלאָגען אָן אַ שטיין. דער בלינדער האָט זי נישט אויפגעהויבען. יאַנקאָ האָט זיך אַריינגעזעצט אין שיפעל. דער ווינד האָט געבלאָזען פון ברעג; זיי האָבען אויפגעהויבען דעם קליינעטשקען זעגעל און זיך געשווינד אַוועקגעטראָגען. לאַנג האָט ביים שיין פון דער לבנה זיך געבלייכט דער ווייסער זעגעל צווישען די טונקעלע כוואַליעס. דער בלינדער איז אַלץ געזעסען אויפ׳ן ברעג, און אָט האָב איך דערהערט עפּיס אַזוינס, עהנליך צו געוויין: דער בלינדער יונגעל האָט ווירקליך געוויינט, און לאַנג, לאַנג... מיר איז אומעטיג געוואָרען. און צו וואָס האָט מיך דער מזל בעדאַרפט פערטראָגען אינ׳ם פרידליכען קרייז פון אָרענטליכע קאָנטראַבאַנדיסטען? איך האָב צושטערט זייער רוהיגקייט, ווי אַ שטיין, וואָס איז געוואָרפען געוואָרען אין גלאַטע וואַסערן, און ווי אַ שטיין בין איך אַליין שיער נישט אַראָבגעגאַנגען צום גרונד!

איך האָב מיך אומגעקעהרט אַהיים. אינ׳ם פאָרהויז האָט געקנאַקט דאָס ליכט, וואָס האָט געברענט אין דעם הילצערנעם טעלער און מיין קאָזאַק, אויף צו להכעיס דעם בעפעהל, האָט שטאַרק געשלאָפען, האַלטענדיג מיטביידע הענד דעם ביקס. איך האָב איהם געלאָזט צורוה, גענומען דאָס ליכט און אַוועק אין הייזעל אַריין. אָבער או-וואַ! מיין שקאַטולקע, דער שווערד מיט דער זילבערנער בעפּוצונג, דער דאַגעסטאַנער קינזשאַל, אַ מתנה פון אַ חבר—אַלץ איז פערשוואונדען געוואָרען. דאָ האָב איך ערשט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ זאַכען עס האָט געשלעפּט מיין פערשאָלטענער בלינדער. אויפגעוועקט מיין קאָזאַק מיט אַ גאַנץ נישט-העפליכען שטויס, האָב איך איהם אויסגעזידעלט, זיך צוקאָכט אַ ביסעל, אָבער העלפען האָט עס נישט געקאָנט. און וואָלט דען נישט געווען לעכערליך צו קלאָגען זיך פאַר דער נאַטשאַלסטוואָ, אַז אַ בלינד יונגעל האָט מיך בעגנב׳עט און אַנ׳אַכצעהניעהריג מיידעל האָט מיך שיער-שיער נישט דערטרונקען? גאָט צו דאַנקען! אינדערפריה איז מעגליך געוואָרען צו פאָהרען, און איך האָב פערלאָזט טאַמאַן. וואָס איז געוואָרען מיט דער אַלטער

און מיט'ן אָרימען בלינדען—ווייס איך נישט. אָבער וואָס געהען מיר אָן די מענשליכע פריידען און ליידען, מיר, דעם וואַנדער־דיגען אָפיציר און נאָך מיט אַ פּאַפּיר וועגען קאַזיאָנע ענינים.

---

II.

## פּירשטין מערי.

### II-טער מאַי.

נעכטען בין איך געקומען קיין פּיאַטיגאָרסק, געדונגען אַ וואוינונג אין עק שטאָדט, גאָר אויף אַ הויכען אָרט, ביים פוס פון מאַשוק: בשעת אַ געוויטער וועלען זיך די וואָלקען אַראָב־לאָזען ביז מיין דאַך. היינט אַ זייגער פינף אינדערפריה, בשעת איך האָב געעפענט דאָס פענסטער, איז מיין צימער אָנגעפילט געוואָרען מיט'ן ריח פון בלומען, וואָס וואַקסען אין בעשיידע־נעם גערטענדעל. די בלעטער פון די בליהענדיגע קאַרשענבוי־מער קוקען אין מיין פענסטער אַריין און טיילמאָל בעשיהט דער ווינד מיין שרייבטיש מיט זייער ווייסער בליהונג. פון דריי זייטען האָב איך אַ וואונדערליכע לאַנדשאַפט. אין מערב בלויט דער פינפקעפּיגער בעשטו, ווי „דער לעצטער וואָלקען פון צו־זייהטען געוויטער"; אויפ'ן צפון הויבט זיך דער מאַשוק, ווי אַ האָהריג פּערסיש היטעל און פערשטעלט דעם גאַנצען טייל

פון האָריזאָנט; נאָר אין מזרח איז פרעהליכער צו קוקען: אונטען ליעגט פאַר מיר בינטיג אויסגעשפרייט דאָס ריינע נייע שטעדטעלע, עס רוישען קור-קוואַלען, עס פילדערט אַ פערשידענשפּראַכיגער המון, — און דאָרטען, ווייטער דרענגען זיך בערג אַלץ בלויער און נעבעלדיגער, און ביים ברעג פון האָריזאָנט ציהט זיך אַ זילבערנע קייט פון שנייאיגע שפּיצען, אָנגעהויבען פון קאַזבעק און געענדיגט מיט'ן צווייקעפּיגען עלבאָרוס... פרעהליך צו לעבען אויף אַזאַ מין ערד! עפּיס אַ מחיה'דיגע שפּירונג איז צוגאָסען איבער אַלע מיינע אָדערן. די לופט איז ריין און פריש, ווי דער קוש פון אַ קינד; די זון איז העל, דער הימעל בלוי — וואָס, דאַכט זיך, בעדאַרף מען נאָך? צו וואָס די ליידענשאַפּטען, פערלאַנגען, בעדויערונגען?... דאָך איז שוין צייט. איך וועל געהן צום עליזאַבעטען-קוואַל: דאָרט, זאָגט מען, ווערט פערזאַמעלט אַלע אינדערפריה דער גאַנצער וואַסער-עולם.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַראָב אין מיטען שטאָדט, בין איך אַוועק צו די בולוואַרען, וואו איך האָב בעגעגענט עטליכע אומעטיגע מחנות, וואָס האָבען זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען אויפ'ן באַרג. דאָס זענען געווען על-פּי-רוב גוטבעזיצער פון דער סטעפּ. מען האָט עס באַלד געקאָנט פערשטעהן פון די אויסגעריבענע אַלטפרענקישע סורטוקען ביי די מענער און פון די עלעגאַנטע קליידער ביי די פרויען און טעכטער. אַפּנים, אַז זיי האָבען שוין גוט געקאָנט די גאַנצע וואַסער-יוגענד, ווארום אויף מיר האָבען זיי געקוקט מיט צערטליכער נייגיריגקייט. דער פּעטערבורגער שניט פון סורטוק האָט זיי אַריינגעפיהרט אין אַ טעות, אָבער אַז זיי האָבען זיך אינגיכען דערוואוסט פון די אַרמעאישע עפּאָלעטען, האָבען זיי זיך אָבגעקעהרט מיט פעראַכטונג.

די ווייבער פון דער אָרטיגער מאַכט, אַזוי צו זאָגען, די בעלי-הבית'טעס איבער'ן וואַסער, זענען שוין געווען ווייכער. זיי האָבען לאָרנעטען, לעגען ווייניגער אַכט אויפ'ן מונדיר, זענען געוועהנט צו טרעפען אויף קאַווקאַז אַ הייס האַרץ אונטער אַ נומערירטען קנעפּעל און אַ געבילדעטען שכל אונטער

אַ ווייסען היטעל. דידאָזיגע דאַמען זענען זעהר ליעב! יעדעס יאָהר ווערען זייערע פערגעטערער אומגעביטען אויף נייע און דערין ליעגט אפשר דער סוד פון זייער אונדערמידליכער ליעבליכקייט. אויפגעהויבען זיך מיט דעם שמאָלען שטעגעל צום עליזאַבעטען-קוואַל, האָב איך איבערגעיאָגט אַ מחנה מענער—ציווילע און מיליטערישע, וואָס שטעלען צוזאַמען, ווי איך האָב מיך דערגאָך דערוואוסט, אַ בעזונדער קלאַס מענשען צווישען די יעניגע, וואָס לעכצען נאָך דער בעוועגונג פון וואַסער. זיי טרינקען—אָבער נישט קיין וואַסער, שפּאַצירען וועניג, טאַנצען אַרום פרויען, אָבער אַזוי פאַרבייגעהענדיג. זיי שפּיעלען אין קאָרטען און קלאָגען זיך אויף אומעט. זיי זענען פראַנטען. אַראָבלאָזענדיג דאָס בעפלאָכטענע גלאָז אין ברונים פון זויער-שוועבעל-וואַסער, נעהמען זיי אָן אַקאַדעמישע פּאָזעס; די ציווילע טראָגען העל-בלויע קראַוואַטען, די מיליטערלייט לאָזען-אַרויס הינטערן קראַגען האַלז-פרענזולעך. זיי דריקען-אויס טיעפע פעראַכטונג צו פראָווינצער דאַמען און בענקען נאָך די אַריסטאָקראַטישע אויפנאַהמצימערן פון די רעזידענץ-שטעדט, וואוהין מען דערלאָזט זיי נישט.

און אָט איז, צולעצט, דער ברונים... אויפ'ן פלאַץ נעבען איהם איז אויסגעבויט אַ הייזעל מיט אַ רויטען דאַך איבער אַ וואַנע, און ווייטער ציהט זיך אַ גאַלעריע, וואו מען שפּאַצירט בשעת אַ רעגען. עטליכע פערוואונדעטע אָפיצירען זענען געזעסען אויף אַ באַנק, אַרונטערלעגענדיג די קוליעס—בלאַסע, אומעטיגע. עטליכע דאַמען זענען שנעל אומגעגאַנגען אויף-און-אָב איבער'ן פלאַץ, וואַרטענדיג אויף דער ווירקונג פון וואַסער. צווישען זיי זענען געווען אַ צוויי-דריי שענע פּנים'לעך. אונטער די אַלעען פון וויינטרויבען, וואָס האָבען בעדעקט די משופּע'דיגקייט פון מאַשוק, האָט טיילמאָל אַ לייכט געטהאָן דער בונטער הוט פון אַזאַ איינער, וואָס האָט ליעב אַ בעזונדער ווינקעלע נאָר זאַלבענאַנד, וואָרום נעבען אַזאַ מין הוט האָב איך שטענדיג בעמערקט אָדער אַ מיליטעריש היטעל אָדער אַ העסליכען קיילעכיגען הוט. אויפ'ן משופּע'דיגען פעלז, וואו עס איז אויסגעבויט דער פּאַוויליאָן, וועלכער ווערט אָנגערופען עאָלס האַרפּע, זענען געשטאַנען ליעב-

האָבער פון לאַנדשאַפטען און אָנגעשטעלט דעם טעלעסקאָפּ צום עלבאָרוס: צווישען זיי זענען געווען צוויי גובערנערן מיט זייערע תּלמידים, וואָס זענען געקומען זיך היילען פון שקראָפּעל.

איך האָב מיך אָבגעשטעלט מיט אַ פערהאַקטען אָטעם ביים ברעג פון באַרג און, אָנגעשפּאַרט זיך אָן ווינקעל פון אַ הייזעל, האָב איך גענומען בעקוקען די מאַלערישע אומגעבונג. מיט אַמאָל האָב איך דערהערט הינטער זיך אַ בעקאַנטען קול:

—פעטשאָרין? שוין לאַנג דאָ?

איך קעהר מיך אום: גרושניצקי! מיר האָבען זיך אַרומגענומען. איך האָב מיך בעקאָנט מיט איהם אין׳ם קאַמפּס-אָטראַד. ער איז געווען פערוואונדעט מיט אַ קויל אין פוס און איז מיט אַ וואָך פריהער פון מיר אַרויסגעפאָהרען אויף קור-וואַסער.

גרושניצקי איז אַ יונקער. אינ׳ם דיענסט איז ער נאָר אַ יאָהר. צוליעב אַ בעזונדער מין פראַנטישקייט טראָגט ער אַ גראָבען סאָלדאַטישען שינעל. ער האָט אַ געאָרגישען סאָלדאַטען-קרייצעל. ער איז גוט געבויט, שוואַרצ׳חנ׳עווידיג און שוואַרצהאָריג, לויט׳ן אויסזעהן קאָן מען איהם געבען פינפאונצוואַנציג יאָהר, הגם ער איז קוים אַלט איינאונצוואַנציג. בשעת ער רעדט, פערוואַרפט ער דעם קאָפּ און מיט דער לינקער האַנד דרעהט ער וויילעוויז די וואָנסען, וואָרום מיט דער רעכטער שפּאַרט ער זיך אָן אָן דער קוליע. ריידען רעדט ער גיך און מליצה׳דיג: ער געהערט צו יענע מענשען, וואָס האָבען ביי אַלע געלעגענהייטען פון לעבען גרייטע רייכע פראַזען, וואָס דאָס איינפאַך-שענע ריהרט זיי נישט און וואָס דראַפּירען זיך שטאָלץ אין אונגעוועהנליכע געפיהלען, הויכע ליידענשאַפטען און גאָר בעזונדערע ליידען. מאַכען אַנ׳עפעקט—דאָס איז זייער תּענוג: זיי געפעלען ראָמאַנטישע פּראָווינצערינס ביז משוגעת. אויף דער עלטער ווערען זיי אָדער רוהיגע גוטבעזיצער, אָדער שכּורים, טיילמאָל דאָס און יענץ צוזאַמען. זייער נשמה האָט טיילמאָל גוטע אייגענשאַפטען, אָבער פּאָעזיע פאַר אַ גראָשען נישט. גרושניצקיס תּאוה איז געווען דעקלאַמירען: ער האָט אייך פערוואָרפען מיט ווערטער, וויבאַלד נאָר דער שמועס איז אַרויס פון קרייז פון געוועהנליכע בעגרי-

פען. שפּאַרען זיך מיט איהם האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט. ער ענטפערט אויף אײיערע ווערטער און הערט אייך נישט. האָט איהר זיך נאָר צוגעשטעלט, הויבט ער אָן אַ לאַנגע טיראַדע, וואָס האָט אויסערליך עפּיס אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס איהר האָט געזאָגט, אָבער וואָס איז באמת בלויז אַ המשך פון זיינע אייגענע רייד.

ער איז גאַנץ שאַרפזיניג: זיינע עפּיגראַמען זענען אָפּטמאָל וויציג, אָבער קיינמאָל זענען זיי נישט טרעפליך און בייזן: מיט איין וואָרט וועט ער קיינעם נישט דער'הרג'ענען. ער קאָן נישט קיין מענשען און זייערע שוואַכע סטרונעס, ווייל דאָס גאַנצע לעבען האָט ער זיך בעשעפטיגט נאָר מיט זיך אַליין. זיין ציעל— ווערען אַ העלד פון אַ ראָמאַן. ער האָט זיך אַזוי פיעל מאָל געסטאַרעט צו פערזיכערן אַנדערע דערין, אַז ער איז נישט בעשאַפען געוואָרען פאַר דער וועלט, אַז איהם איז בעשערט אויסצושטעהן אַזוינע פערבאָרגענע יסורים,—אַז ער האָט כמעט אַליין אויך געגלויבט דערין. אזן טאַקי דערפאַר טראָגט ער אַזוי שטאָלץ דעם גראָבען סאָלדאַטישען שינעל. איך האָב איהם פערשטאַנען, און דערפאַר האָט ער מיך נישט ליעב, הגם אויסערליך זענען מיר געווען זעהר פריינדליך. גרושניצקי האָט געהאַט אַ שם פאַר זעהר אַ דרייסטען מאַן. איך האָב איהם געזעהן אין קאַמף: דעמאָלט פאָכט ער מיט'ן שווערד, פּילדערט און וואַרפט זיך פאָראויס, פערזשמורענדיג די אויגען. דאָס איז עפּיס נישט קיין רוסישע העלדישקייט!..

איך האָב איהם אויך נישט ליעב: איך פיהל, אַז מיר וועלען זיך וועןעס-איז צוזאַמענטרעפען אויף אַ שמאָלען וועג—און איינעם פון אונז ביידען וועט זיין שלעכט.

זיין קומען אויף קאַווקאַז איז אויך אַ רעזולטאַט פון זיין ראָמאַנטישען פאַנאַטיזם. איך בין זיכער, אַז פאַר'ן אַוועקפאָהרען פון פאָטערס דאָרף, האָט ער גערעדט אַ כמאַרנער צו עפּיס אַ דערבייאיגער שענער גוטבעזיצערין, אַז ער פאָהרט נישט סתם דיענען, נאָר אַז ער זוכט דעם טויט, ווייל... דאָ האָט ער, מסתמא, פערשטעלט מיט דער האַנד די אויגען און ווייטער געזאָגט:

„ניין, איהר (אָדער דו) בעדאַרפסט עס נישט וויסען! אייער ריינע נשמה וועט צוציטערט ווערען! און צו וואָס? וואָס בין איך ביי אייך? וועט איהר מיך דען פערשטעהן?..״ און אַזוי ווייטער.

ער האָט מיר אַלייך געזאָגט, אַז דאָס, וואָס האָט איהם דערוועקט אַריינצוטרעטען אין ק. פּאָלק, וועט בלייבען אַנ׳אייביגער סוד צווישען איהם און די הימלען.

צוריק־גערעדט, אין יענע מינוטען, ווען גרושניצקי האָט אַראָבגעוואָרפען זיין טראַגישע מאַנטיע, איז ער געווען גאַנץ ליעב און וויציג. מיר איז אינטערעסאַנט איהם צו זעהן מיט פרויען: דאָ, מיין איך, מוז ער זיך סטאַרען!

מיר האָבען זיך בעגעגענט, ווי אַלטע פריינד. איך האָב איהם אָנגעהויבען פונאַנדערפרעגען וועגען דעם שטייגער לעבען אויפ׳ן וואַסער און וועגען אינטערעסאַנטע מענשען.

—מיר פיהרען אַ גאַנץ פּראָזאַאיש לעבען,—האָט ער געזאָגט, אָבזיפצענדיג,—די, וואָס טרינקען אינדערפריה וואַסער, זענען שלעפעריג, ווי אַלע קראַנקע, און די, וואָס טרינקען וויין אין אָוועגד, זענען נישט אָנגענעהם, ווי אַלע גרויסע. פאַרהאַן אַ געזעלשאַפט פון פרויען, אָבער זיי זענען אויך אַ קנאַפּע טרייסט: זיי שפּיעלען אין וויסט, טהוען זיך אָן שלעכט און ריידען שרעקליך אויף פראַנצויזיש! היי־יאָהר איז דאָ פון מאָסקווע בלויז די פירשטין ליגאָווסקאַ מיט דער טאָכטער. אָבער איך בין מיט זיי נישט בעקאַנט. מיין סאָלדאַטישער שינעל איז אַ מין צייכען פון פערשטויסונג. דאָס מיטלייד, וואָס זי ווייזט אַרויס, איז שווער, ווי אַ נדבה.

אין דערדאָזיגער מינוט זענען פאַרביי אונז אַדורכגעגאַנגען צום ברונים צוויי דאַמען: איינע אַנ׳עלטערע, די צווייטע אַ יונגע, אַ שלאַנקע. צוליעב די היט האָב איך נישט בעמערקט זייערע פּנים׳ער, אָבער זיי זענען געווען אָנגעטהאָן לויט די שטרענגסטע כּללים פון בעסטען געשמאַק: קיין שום איבעריגעס. אויף דער צווייטער איז אַ פערמאַכט קלייד gris de perles; אַ לייכטער זיידענער שאַרף האָט זיך געשלענגעלט אַרום איהר שלאַנקען האַלז. די שיכעלעך Couleur puce האָבען אַזוי חנ׳עוודיג איינגע

צוּיגען דעם מאָגערן פוס ביים פוסקנעכעל, אַז אפילו דער, וואָס ווייס נישט די סודות פון שענקייט, וואָלט פשוט געגאַפט קוקענדיג. איהר לייכטער און איידעלער טריט האָט געהאַט אין זיך עפּיס אונשולדיג-ריינעס, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט בעשטימען און וואָס איז דאָך געווען פערשטענדליך פאַר׳ן אויג. אַז זי איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אונז, האָט פון איהר אַ ווערע געטהאָן מיט יענעם אונדערקלערליכען אַראָמאַט, מיט וועלכען עס אָטעמט טיילמאָל אַ צעטעלע פון אַ ליעבער פרוי.

—אָט איז די פירשטין ליגאָווסקאַ,—האָט גרושניצקי געזאָגט—און מיט איהר איז איהר טאָכטער מערי, ווי זי רופט זי אויפ׳ן ענגלישען שטייגער. זיי זענען דאָ נאָר דריי טעג.

„אָבער דו ווייסט שוין איהר נאָמען?"

—יאָ, איך האָב צופעליג געהערט,—האָט ער געענטפערט, רויט ווערענדיג,—איך בין מיך מודה: איך וויל זיך מיט זיי נישט בעקאָנען. די־דאָזיגע שטאָלצע אַריסטאָקראַטיע קוקט אויף אונז, אַרמעע-אָפיצירען, ווי אויף ווילדע. און וואָס גערהט זיי אָן, צי אונטער דעם נומערירטען היטעל איז פאַרהאַן אַ שכל און אונטער׳ן גראָבען שינעל—אַ האַרץ?

„אָרימער שינעל!—האָב איך געזאָגט, שמייכלענדיג.—און ווער איז דער הער, וואָס איז צו זיי צוגעגאַנגען און אַזוי העפליך דערלאַנגט דאָס גלאָז?

—אָ, דאָס איז אַ מאָסקווער פראַנט ראַיעוויטש. ער איז אַ שפּיעלער, דאָס לאָזט זיך תּיכף זעהן פון זיין גאָלדענער גרויסער קייט, וואָס שלענגעלט זיך איבער זיין בלויען זשילעט. און וואָס פאַר אַ גראָבער ראָהרשטעקען, פונקט ווי ביי ראָבינזאָהן קרוזאָ, און די באָרד, צום ביישפּיעל, און די פריזור מעשה-פויער?

„ביזט פערביטערט געגען דעם גאַנצען מענשליכען געשלעכט.

—און פאַרהאַן פאַרוואָס.

„אָ, באמת?

דערווייל זענען די דאַמען אַוועק פון ברונים און פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אונז. גרושניצקי האָט שוין בעוויזען אָנצונעהמען די דראַמאַטישע פּאָזע מיט דער הילף פון דער קו-

ליע און האָט מיר הויך אַ זאָג געטהאָן אויף פראַנצויזיש:

—מיין טייערער, איך פערהאַס די מענשען, כּדי נישט גרינג-צושעצען זיי. אַנישט וואָלט דאָס לעבען געווען אַ געשמאַקלאָזער פאַרס.

די שענע פירשטין האָט זיך אָבגעקעהרט און בעשענקט דעם אָראַטאָר מיט אַ לאַנגען נייגיריגען בליק. דער אויסדרוק פון דעמדאָזיגען בליק איז געווען זעהר אונבעשטימט, אָבער אָהן חוזק און דערמיט האָב איך איהם אינערליך פון גאַנצען האַר-צען בעגריסט.

„דידאָזיגע פירשטין מערי איז זעהר אַ שענע,—האָב איך איהם געזאָגט.—זי האָט אַזוינע סאַמעטענע אויגען—טאַקי סאַמע-טענע: איך ראָט דיר איבערצונעהמען דעמדאָזיגען אויסדרוק, ריי-דענדיג וועגען איהרע אויגען: די אונטערשטע און אויבערשטע בעמען זענען אַזוי לאַנג, אַז די זון שפיגעלט זיך נישט אָב אין איהרע שוואַרצאַפּלען. איך האָב ליעב דידאָזיגע אויגען אָהן אַ גלאַנץ: זיי זענען אַזוי וויך, פונקט ווי זיי וואָלטען דיך גלע-טען... איבעריגענס, איז אין איהר פנים, דאַכט זיך, בלויז דאָס שען!.. און וואָס, ציינען האָט זי ווייסע? דאָס איז זעהר וויכ-טיג! אַ שאָד, וואָס זי האָט נישט אַ שמייכעל געטהאָן ביי דיין רייכער מליצה?

—די רעדסט וועגען אַ שענער פרוי, ווי וועגען אַנ'ענגלי-שען פערד,—האָט גרושניצקי געזאָגט מיט כּעס.

„מיין טייערער, איך שעץ גרינג די פרויען, כּדי נישט צו ליעבען זיי. אַנישט וואָלט דאָס לעבען געווען אַ משונה'דיגע מע-לאָדראַמע.

איך האָב מיך אומגעדרעהט און אַוועק פון איהם. ביי אַ האַלבער שעה האָב איך שפּאַצירט איבער די אַלעען פון וויינ-טרויבען, איבער די וואַפּנעפּעלזען און קוסטעס, וואָס זענען גע-האַנגען איבער זיי.

געוואָרען הייס, און איך האָב געאיילט אַהיים. פאַרבייגע-גאַנגען פאַרביי אַ קוואַל פון שוועבעלזויער, האָב איך מיך צוגע-שטעלט ביי אַ געדעקטער גאַלעריע, אַבצורוהען זיך אונטער

איהר שאָטען, און דאָס האָט מיר געגעבען די געלעגענהייט בייצוזעהן אַ גאַנץ טשיקאַווע סצענע: די עלטערע פירשטין איז מיט'ן מאָסקווער פראַנט געזעסען אויף אַ באַנק אין דער געדעקטער גאַלעריע און ביידע זענען, דאַכט זיך, געווען פערנומען מיט אַן ערנסטען שמועס. די יונגע פירשטין, האָט, אפנים, דערטרונקען איהר לעצט גלאָז און איז אַ פערטראַכטע אַרומגעגאַנגען ביים ברונים: גרושניצקי איז געשטאַנען סאַמע ביים ברונים; אויפ'ן ברונים-פּלאַץ איז מעהר קיינער נישט געווען.

איך בין נעהנטער צוגעגאַנגען און זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעל פון דער גאַלעריע. אין דער אייגענער מינוט האָט גרושניצקי פערלאָרען זיין גלאָז אויפ'ן זאַמד און מיט אַלע כחות זיך געסטאַרעט אויפצוהויבען עס, אָבער דער קראַנקער פוס האָט איהם געשטערט. אָרימער יונג! ווי האָט ער זיך געסטאַרעט, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף דער קוליע, און אַלץ אומזיסט. אויף זיין אויסדריקליכען פּנים איז באמת געלעגען גרויס צער.

פירשטין מערי האָט עס אַלץ געזעהן בעסער פון מיר.

לייכטער פון אַ פויגעלע איז זי צו איהם צוגעשפרונגען, זיך איינגעבויגען, אויפגעהויבען דאָס גלאָז און איהם דערלאַנגט מיט אַ בעוועגונג פון קערפּער, וואָס איז געווען פול אונבעשרייבליכען רייץ. דערנאָך איז זי שרעקליך רויט געוואָרען, זיך אומגעקוקט אויף דער גאַלעריע און, איבערצייגענדיג זיך, אַז די מאַמעשי האָט גאָרנישט בעמערקט, האָט זי זיך תיכף בערוהיגט. אַז גרושניצקי האָט געעפענט דאָס מויל, צו בעדאַנקען זי, איז זי שוין געווען ווייט. אין אַ מינוט אַרום איז זי אַרויסגעגאַנגען פון דער גאַלעריע מיט דער מוטער און מיט'ן פראַנט, אָבער אַז זי איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי גרושניצקי'ן, האָט זי אָנגענומען אַזאַ שטרענגע און ערנסטע מינע, אַז זי האָט זיך זאָגאַר נישט אָבגעקעהרט, זאָגאַר נישט בעמערקט זיין ליידענשאַפטליכען בליק, מיט וועלכען ער האָט זי לאַנג בעגלייט, ביז זי האָט זיך אַראָבגעלאָזט פון באַרג און איז פערשוואונדען געוואָרען הינטער די ליפּעס פון בולוואַר...

נאָר אָט האָט איהר היטעלע אַ פינטעל גְעָטהאָן איבער'ן גאַס: זי איז אַריינגעלאָפען אין אַ הויף, וואו עס האָט זיך געפונען, איינס פון די בעסטע הייזער אין פּיאַטיגאָרסק. נאָך איהר איז געגאַנגען די פירשטין און זיך ביים טויער צוזעגענט מיט ראַיעוויטש'ן.

ערשט דעמאָלט האָט דער אָרימער ליידענשאַפטליכער יונקער בעמערקט, אַז איך געפין מיך אויך דערביי.

—האָסטו געזעהן?—האָט ער געזאָגט און שטאַרק מיר געדריקט די האַנד,—דאָס איז פשוט אַ מלאך.

„פאַרוואָס?"—האָב איך געפרעגט זעהר תמימות'דיג.

—האָסטו נישט געזעהן?

„ניין, געזעהן: זי האָט אויפגעהויבען דיין גלאָז. ווען דאָ וואָלט געווען אַ שומר, וואָלט ער אויך געטהאָן דאָס אייגענע און נאָך אפשר שנעלער, מיינענדיג, אַז ער וועט בעקומען אויף שנאַפּס. איבריגענס, איז גאַנץ פערשטענדליך, וואָס זי האָט געהאַט מיט דיר מיטלייד: דו האָסט געמאַכט אַזאַ שרעקליכע גרימאַסע, בשעת דו האָסט געפּרובט געהן מיט'ן דורכגעשאָסענעם פוס."

—און דו ביזט גאָרנישט געווען געריהרט, קוקענדיג אויף איהר אין דערדאָזיגער מינוט, בשעת די נשמה האָט איהר געשטראַהלט אויפ'ן פנים?

„ניין."

איך האָב געלייגט; איך האָב אַנ'אָנגעבוירענע ליידענשאַפט סותר-צו-זיין. דאָס גאַנצע לעבען מיינס איז בלויז אַ קייט פון טרויעריגע און אונגעלונגענע סתירות בנוגע צום האַרץ אָדער צום פערשטאַנד. דער ענטוזיאַסט גיסט מיך אָב מיט קאַלטען וואַסער, און איך מיין, אַז די אָפטע בעציהונגען מיט אַ פלעגמאַטיקער וואָלטען געמאַכט פון מיר אַ ליידענשאַפטליכען טרוימער. און נאָך בין איך מיך מודה, אַז אַנ'אונאָנגענעהם, אָבער בעקאַנט געפיהל, איז אין דער אייגענער רגע מיר אַדורכגעלאָפען דורכ'ן האַרצען: דאָסדאָזיגע געפיהל איז געווען קנאה. איך זאָג זיכער „קנאה", ווייל איך בין געוועהנט זיך מודה-צו-זיין אין אַלץ. און עס איז

אַ ספק, צי עס וואָלט זיך געפינען אַ יונגערמאַן, וואָס זאָל אָנ־טרעפען אַ שענע פרוי און מאַכען אויף איהר עפּיס אַנ׳איינדרוק, נאָר פלוצלונג זאָל איהר געפעלען ווערען אַ צווייטער, וואָס איז איהר אויך אַזוי גלייך אונבעקאַנט—עס איז אַ ספק, זאָג איך, צי עס וועט זיך געפינען אַזאַ יונגערמאַן (פערשטעהט זיך, וואָס זאָל האָבען געלעבט אין דער גרויסער וועלט און וואָס איז געוועהנט צו באַלעווען זיין אייגענליעבע), וואָס זאָל פון אַזאַ זאַך נישט אי־בעררֿאַשט ווערען אונאָנגענעהם.

שווייגענדיג, האָב איך מיך אַראָבגעלאָזט מיט גרושניצקי׳ן פון באַרג און זענען אַוועק מיט׳ן בולוואַר, פאַרביי די פענסטער פונ׳ם הויז, וואו עס האָט זיך פערבאָרגען אונזער שענהייט. זי איז געזעסען ביים פענסטער. גרושניצקי האָט מיך אַ ציה־געטהאָן פאַר׳ן האַנד און געוואָרפען אויף איהר איינעם פון יענע מוטנע־צאַרטע בליקען, וואָס ווירקען אַזוי וועניג אויף פרויען. איך האָב אָנגעשטעלט אויף איהר דעם לאָרנעט און בעמערקט, אַז פון זיין בליק האָט זי אַ שמייכעל געטהאָן און מיין העזה׳דיגער לאָרנעט האָט זי בייז געמאַכט נישט אויף געלעכטער. און ווי דערוועגט זיך באמת אַ קאַווקאַזער אַרמעע־אָפיציר אָנצושטעלען זיין גלעזעל אויף אַ מאָסקווער פירשטין?..*)

---

13־טער מאַי.

היינט אינדערפריה איז אַריין צו מיר דער דאָקטאָר. ער הייסט ווערנער, אָבער ער איז אַ רוס. נאָר וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערן? איך האָב געקאָנט איינעם אַנ׳איוואַנאָוו, וואָס איז גע־ווען אַ דייטש.

---

*) אָבער איצט בין איך זיכער, אַז זי האָט ביי דער ערשטער בעלעגענהייט אַ פֿרעג געטהאָן: ווער בין איך און פאַרוואָס בין איך דאָ, אויף קאַווקאַז. ווער מען מסתמא דערצעהלען די געשיכטע פון דועל און איבערהויפּט די סבה פון דועל, וואָס איז דאָ מאַנכע בעקאַנט, און דעמאָלט... אָט וועל איך האָבען אַ גרויסאַרטיג מיטעל צו רייצען גרושניצקי׳ן.

ווערנער איז אַ מערקווירדיגער מענש צוליעב אַ סך זאַכען. ער איז אַ סקעפּטיקער און אַ מאַטעריאַליסט, ווי אַלע מעדיקער כמעט און צוזאַמען דערמיט אויך אַ פּאָעט—אָבער נישט אויף גע-לעכטער: אין די מעשים שטענדיג אַ פּאָעט און טיילמאָל אין ווערט, הגם ער האָט פאַר זיין גאַנץ לעבען נישט אָנגעשריבען קיין צוויי ליעדער. ער האָט אויסגעפאָרשט די אַלע לעבעדיגע סטרונעס פון מענשליכען האַרץ, ווי מען פאָרשט-אויס די אָדערן פון אַ טרופּ, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט בענוצען מיט זיינע קענטנישען: אַזוי קאָן טיילמאָל אַן אויסגעצייכענטער אַנאַטאָמיקער נישט אויסהיילען פון פיבער! געוועהנליך פלעגט ווערנער בגנבה חוזק'ן איבער זיינע קראַנקע, אָבער איך האָב אַמאָל געזעהן, ווי ער האָט געוויינט איבער אַ סאָלדאַט, וואָס האָט געהאַלטען ביים אַוועקשטאַרבען... ער איז געווען אָרים, האָט גע'חלומ'ט פון מיליאָנען, אָבער צו דערווערבען געלד האָט ער קיין איבעריגען שריט נישט געמאַכט. ער האָט מיר איינמאָל גע-זאָגט, אַז ער וואָלט גיכער געטהאָן אַ טובה זיין שונא, איידער אַ פריינד, ווייל דאָס ערשטע איז אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, בשעת די פיינטשאַפט פערשטאַרקט זיך לויט דער מאָס פון דעם שונא'ס גרויסמוטיגקייט. ער האָט געהאַט אַ בייזע צונג: אונטער דער שילד פון זיין עפּיגראַם איז נישט איין גוטער מענש פער-וואַנדעלט געוואָרען אין אַ היבשען פרא-אדם. זיינע געגנער, וואַ-סער-דאָקטוירים מיט אַ סך קנאה, האָבען פונאַנדערגעלאָזען אַ קלאַנג, אַז ער צייכענט קאַריקאַטורען אויף זיינע חולאים—זע-גען די קראַנקע אויפגערעגט געוואָרען און אַלע האָבען איהם כמעט אָבגעזאָגט. זיינע פריינד, דאָס הייסט די אַלע עכט-אָנ-שטענדיגע לייט, וואָס האָבען געדיענט אויף קאַווקאַז, האָבען זיך אומזיסט געפּרובט צוריקצושטעלען זיין געפאַלענעם קרעדיט.

זיין אויסערליכקייט איז געווען אַזאַ, וואָס מאַכט פון ערשטען קוק אַ שלעכטען איינדרוק, אָבער וואָס ווערט דערנאָך געפעלען, בשעת דאָס אויג לערנט זיך אויס צו לייענען אין די נישט-מעסיגע שטריכען דעם צייכען פון אַ געפּרובטער און הויכער נשמה. געווען פאַלען, ווען פרויען האָבען זיך פערליעבט

אין אַזוינע מענשען ביז משוגעת און וואָלטען נישט אויסגעביטען
זייער העסליכקייט אויף דער שענקייט פון סאַמע פרישע און ראָ-
זע ענדימיאָנעס. מען בעדאַרף די פרויען געבען גערעכט:
זיי האָבען אַ חוש פאַר נשמה-שענקייט, און דערפאַר אפשר
האָבען פרויען אַזוי ליידענשאַפטליך ליעב יענע לייט, וואָס זענען
עהנליך צו ווערנער'ן:

ווערנער איז געווען קורץ און מאָגער און שוואַך, ווי אַ
קינד. איין פוס האָט ער געהאַט אַ קירצערן פון צווייטען, ווי
בייראָן. אין פערגלייך מיט'ן גוף האָט זיין קאָפּ אויסגעוויזען
משונה-גרויס; די האָהר האָט ער געשאָרען אונטער'ן קעמעל,
און די בערגעלעך פון קאָפּ-שאַרבען, וואָס פלעגען אויפגע-
דעקט ווערען צוליעב אַזאַ מין שערען זיך, וואָלטען איבער-
ראַשט אַ פרענאָלאָג דורך דער מאָדנער נעץ פון פערשידענע בוי-
גונגען. זיינע קליינע שוואַרצע אויגען, שטענדיג אונרוהיגע, האָ-
בען זיך געסטאַרעט אַריינצודרינגען אין איערע רעיונות. אין זיין
קליידונג האָט זיך געלאָזט מערקען געשמאַק און ציכטיגקייט. זיי-
נע מאָגערע, אָדערדיגע און קליינטשקע הענדטלעך זענען געווען
בעדעקט מיט העל-געלבע האַנדשוה. זיין סורטוק, דער קראַוואַט און די
זשילעט זענען שטענדיג געווען פון אַ שוואַרצען פאַרב. די יוגענד
האָט איהם גערופען מעפיסטאָפעל. ער האָט געמאַכט אַנ'אָנשטעל,
ווי ער וואָלט זיין בייז פאַר דעמדאָזיגען צונאָמען, אָבער אין
דער ווירקליכקייט האָט עס איהם הנאה-געטהאָן. מיר האָבען איי-
נאַנדער באַלד פערשטאַנען און געוואָרען פריינד; צו חבר'-
שאַפט בין איך נישט פעהיג: פון צוויי חברים איז שטענדיג איי-
נער אַ קנעכט בייס צווייטען, הגם אָפטער וועט זיך קיין איינער
פון זיי דערין נישט מודה-זיין. קיין קנעכט קאָן איך נישט זיין
און זיין, ווידער, אַ האַר—איז אַ שווערע ארבייט, ווייל מען בע-
דאַרף גלייכצייטיג אויך נאַרען, און דערצו האָב איך אגב דיענער
און געלד! אָט ווי אַזוי מיר זענען געוואָרען פריינד: איך האָב
בעגעגענט ווערנער'ן אין ס... צווישען אַ גרויסען און אַ רוישיגען
יוגענד-קרייז. ביים סוף אָוועטד האָט אונזער שמועס אָנגענומען אַ
פילאָזאָפיש-מעטאַפיזישע ריכטונג. מען האָט גערעדט פון איבער-

ציייגונגען: יעדער איז געווען איבערצייגט אין כל-ערליי זאַכען.

—וואָס איז שייך צו מיר, בין איך איבערצייגט בלויז אין איין זאַך...—האָט געזאָגט דער דאָקטאָר.

„אין וואָס?—האָב איך אַ פרעג געטהאָן און געוואָלט ווי-סען די מיינונג פון אַ מענשען, וואָס האָט ביז איצט געשוויגען.

—דערין,—האָט ער געענטפערט,—וואָס פריהער אָדער שפע-טער, וועל איך אין איין שענעם פריהמאָרגען שטאַרבען.

„בין איך רייכער פאַר אייך!—האָב איך געזאָגט.—איך האָב, אויסערדעם, נאָך איין איבערצייגונג—נעמליך דאָס, אַז אין איין מאוס'ען אָווענד האָב איך געהאַט דאָס אומגליק געבוירען צו ווערען.

אַלע האָבען איינגעפונען, אַז מיר ריידען נאַרישקייטען, אָבער, כלעבען, קיין איינער פון זיי האָט קיין קליגערס דער-פון נישט געזאָגט. פון דערדאָזיגער מינוט אָן האָבען מיר אָנגעהוי-בען אויסצוטיילען איינאַנדער צווישען דעם עולם מענשען. עפטער פלעגען מיר זיך צוזאַמענקומען און אינאיינעם זעהר ערנסט שמו-עסען פון אַבסטראַקטע זאַכען, ביז מיר פלעגען ביידע נישט בע-מערקען, אַז מיר דרעהען איינאַנדער אַ קאָפּ. דעמאָלט פלעגען מיר אַריינקוקען איינער דעם צווייטען אין די אויגען אַריין, וואָס אַזוי פלעגען טהאָן, לויט ציצעראָ'ס ווערטער, די רוימישע אויגורען, און אָנהויבען קייכען פון געלעכטער; אָנגעלאַכט זיך איבערגענוג, פלעגען מיר זיך צושיידען, גאַנץ צופריעדען מיט'ן אָוועגד.

בשעת ווערנער איז אַריין צו מיר אין צימער, בין איך געלעגען אויפ'ן דיוואַן מיט אויסגעשטעלטע אויגען צום באַלקען און מיט פערלעגטע הענד אונטער דער פאַטילניצע. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין פאָטערשטוהל, אַוועקגעשטעלט דעם ראָהרשטע-קען אין ווינקעל, אַ געגעץ געטהאָן און געמאָלדען, אַז אין דרוי-סען איז זעהר הייס. איך האָב געענטפערט, אַז מיך בעאונרוהי-גען פליגען,—און ביידע זענען מיר אַנטשוויגען געוואָרען.

„בעמערקט-נאָר, ליעבער דאָקטאָר,—האָב איך געזאָגט,—אַז אָהן שוטים וואָלט זעהר לאַנגווייליג געווען צו לעבען אויף דער

וועלט. זעהט נאָר, נאָר זענען מיר צוויי קלוגע מענשען; מיר ווייסען פאָראויס, אַז מען קאָן זיך שפּאַרען אָהן אַנ'אויפהער וועגען אַלץ, און דעריבער שפּאַרען מיר זיך נישט. מיר ווייסען כמעט אַלע פערבאָרגענסטע רעיונות איינער ביים צווייטען. איין וואָרט איז פאַר אונז אַ גאַנצע געשיכטע. מיר זעהען דעם קערן פון יעדען געפיהל אונזערן דורך אַ דרייפייפיג הייטעל. דאָס טרויעריגע איז אונז לעכערליך, דאָס לעכערליכע טרויעריג, און בכלל זענען מיר, דעם אמת געזאָגט, גלייכגילטיג צו אַלץ, אויסער צו זיך. אַלזאָ, אַנ'אונטערשייד אין די געדאַנקען און געפיהלען קאָן נישט זיין צווישען אונז. מיר ווייסען איינער וועגען צווייטען אַלץ, וואָס מיר ווילען וויסען, און מעהר וויסען ווילען מיר נישט. בלייבט איין מיטעל: דערצעהלען נייעס. דערצעהלט-זשע מיר עפּיס נייעס.

מיד פון אַ סך ריידען, האָב איך פערמאַכט די אויגען און אַ געגעץ געטהאָן.

ער האָט אַ טראַכט געטהאָן און געענטפערט: אין אייער פלעטשערייע איז דאָך פאַרהאַן אַנ'אידעע.

„צוויי.—האָב איך געזאָגט.

—טאָ זאָגט מיר איינע, וועל איך אייך זאָגען די צווייטע.

„גוט, הויבט-אָן!—האָב איך געזאָגט, געקוקט אַלץ אויפ'ן באַלקען און אינערליך געשמייכעלט.

—איהר ווילט וויסען געוויסע פּרטים וועגען איינעם, וואָס איז געקומען אַהער, און איך שטויס מיך שוין אָן, וועמען איהר מיינט, ווייל מען האָט שוין דאָרטען געפרעגט אויף אייך.

„דאָקטאָר! מיר טאָרען לחלוטין נישט ריידען: מיר לייענען אין האַרץ איינער ביים צווייטען.

—איצט די צווייטע...

„די צווייטע אידעע איז אַזאַ: איך וואָלט אייך געוואָלט צווינגען צו דערצעהלען עפּיס—ערשטענס, דערפאַר, ווייל הערען מאַטערט-איין ווייניגער; צווייטענס, קאָן מען נישט אַדורכפאַלען מיט עפּיס אַ וואָרט; דריטענס, קאָן מען דערגעהן אַ פרעמדען

סוד; פיערטענס, דערפאַר, ווייל אַזוינע קלוגע מענשען, ווי מיר, האָבען בעסער ליעב דעם צוהערער, איידער דעם דערצעהלער. איצט צו דער זאַך: וואָס האָט אייך די עלטערע פירשטין ליגאָוו-סקאַ געזאָגט וועגען מיר?

—זענט איהר זעהר זיכער, אַז דאָס איז די עלטערע פיר-שטין און נישט די יונגע?..

„אַבסאָלוט איבערצייגט.

—פאַרוואָס?

„דערפאַר, ווייל די יונגע פירשטין האָט געפרעגט וועגען גרושניצקי'ן.

—איהר האָט אַ שטאַרקע פאָרשטעלונגסקראַפט. די יונגע פירשטין האָט געזאָגט, אַז זי איז זיכער, אַז דערדאָזיגער יונ-גערמאַן אין סאָלדאַטישען שינעל איז אָבגעגעבען געוואָרען אין סאָלדאַטען פאַר אַ דועל.

„איך פערהאָף, אַז איהר האָט זי איבערגעלאָזט ביי דעמ-דאָזיגען אָנגענעהמען טעות.

—נאַטירליך...

„אַ האַנדלונג איז פאַרהאַן!—האָב איך אויסגעשריען אין התפעלות,—איבער דעם פינאַל פון דערדאָזיגער קאָמעדיע וועלען מיר נאָך אַרבייטען. דער מזל סטאַרעט זיך אַליין, מיר זאָל זיין נישט לאַנגווייליג.

—איך פיהל פאָראויס,—האָט געזאָגט דער דאָקטאָר,—אַז דער אָרימער גרושניצקי וועט זיין אייער קרבן...

„ווייטער, דאָקטאָר.

—די עלטערע פירשטין האָט געזאָגט, אַז אייער געזיכט איז איהר בעקאַנט. איך האָב איהר בעמערקט, אַז זי האָט אייך מסתמא בעגעגענט אין פעטערבורג, ערגעץ-וואו אין די וועלטליכע קרייזען... איך האָב איהר אָנגערופען אייער נאָמען, ער איז איהר געווען בעקאַנט. דאַכט זיך, אייער געשיכטע האָט דאָרט אַרויס-גערופען אַ סך טומעל. די פירשטין האָט גענומען דערצעהלען פון אייערע קונץ-שטיקלעך און דערביי מסתמא צוגעלעגט איהרע איי-גענע בעמערקונגען צו די וועלטליכע רכילות'ן. דאָס טעכטערל האָט

געהערט מיט נייגיריגקייט. אין איהר פאַנטאַזיע זענט איהר גע-וואָרען אַ העלד פון אַ ראָמאַן אין נייעם געשמאַק... איך האָב דער פירשין נישט סותר-געווען, הגם איך האָב געוואוסט, אַז זי רעדט נאַרישקייטען.

„אַנ׳עכטער פריינד!—האָב איך געזאָגט און אויסגעצויגען איהם די האַנד. דער דאָקטאָר האָט זי וואַרים אַ דריק געטהאָן און ווייטער געזאָגט:

—אויב איהר ווילט, וועל איך אייך פאָרשטעלען...

„גאָט איז מיט אייך!—האָב איך אַ פּאַטש געטהאָן מיט די הענד,—שטעלט מען דען העלדען פאָר, זיי ווערען נישט אַנדערש, בעקאַנט ווי נאָר מציל-זייענדיג פון אַ זיכערן טויט זייער דאַמע.

—און ווילט איהר טאַקי באמת זיך אַ ביסעל טענטלען מיט דער יונגער פירשטין?..

„פערקעהרט, גאָרנישט אַזוי!.. דאָקטאָר, צולעצט, האָב איך געזיעגט: איהר פערשטעהט מיך נישט!.. איבעריגענס, איז עס מיך מצער, דאָקטאָר,—האָב איך ווייטער געזאָגט, נאָך אַ מי-נוט שווייגען,—איך אַליין זאָג קיינמאָל נישט אויס מיינע סודות, אָבער איך האָב שרעקליך ליעב, ווען מען שטויסט זיך אָן אויף זיי, וואָרום אויף אַזאַ אופן קאָן איך מיך שטענדיג אָבזאָגען פון זיי. דאָך בעדאַרפט איהר מיר בעשרייבען די מאַמעשי מיט׳ן טעכטערל. וואָס זענען זיי פאַר אַ מענשען?

—קודם די עלטערע פירשטין—אַ פרוי פון אַ יאָהר פינפאונ-פיערציג,—האָט ווערנער געזאָגט.—זי האָט אַ גרויסאַרטיגען מאָגען, נאָר דאָס בלוט איז איהר קאַליע: אויף די באַקען רויטע פלע-קען. די צווייטע העלפט פון איהר לעבען האָט זי פערבראַכט אין מאָסקווע און דאָ איז זי אין מנוחה זיך געוואָרען. זי האָט ליעב פיקאַנטע אַנעקדאָטען און רעדט טיילמאָל אַליין נישט אָנשטענ-דיגע זאַכען, בשעת די טאָכטער איז נישטאָ אין צימער. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איהר טאָכטער איז אונשולדיג, ווי אַ טויב. נאָר וואָס געהט עס מיך אָן? האָב איך איהר געוואָלט זאָגען, צו בערוהיגען זי, אַז איך וועל עס קיינעם נישט דערצעהלען. די עלטערע פירשטין היילט זיך פון רעוומאַטיזם און די טאָכטער

גאָט ווייס פון וואָס. האָב איך געהייסען ביידען טרינקען צו צוויי גלאָז אַ טאָג שוועבעלזויער-וואַסער און אַ פּאָר מאָל אין וואָך זיך באָדען אין אַ וואַנע מיט געמישטען וואַסער. די עלטערע פירשטין איז, דאַכט זיך, נישט געוועהנט צו בעפעהלען. זי האָט גרויס דרך-ארץ פאַר די קענטנישען און שכל פון דער טאָכטער, וואָס האָט געלייענט בייראָנ׳ען אין ענגליש און קאָן אַלגעברע: די מאָסקווער פרייליינס האָבען זיך, אפנים, אַריינגעלאָזט אין למדות און טהוען גוט, כלעבען! אונזערע מענער זענען בכלל אַזוי נישט העפליך, אַז אַ קלוגער פרוי מוז זיין נישט אָנגענעהם צו קאָקעטירען מיט זיי. די עלטערע פירשטין האָט ליעב יונגע-לייט; די יונגע קוקט אויף זיי מיט אַ געוויסער פעראַכטונג—אַ מאָסקווער געוועהנהייט! נעהרען זיי זיך טאַקי אין מאָסקווע בלויז מיט פיערציגיעהריגע וויצלער.

„און איהר זענט געוועזן אין מאָסקווע, דאָקטאָר?״

—יאָ, איך האָב דאָרט געהאַט אַ געוויסע פּראַקטיק.

„דערצעהלט ווייטער״.

—אָבער איך האָב, דאַכט זיך, שוין אַלץ געזאָגט... יאָ! נאָך וואָס: די יונגע פירשטין האָט ליעב צו שמועסען פון געפיהלען, תאוות און דערגלייכען... ווינטער-צייט איז זי געוועזן אין פעטער-בורג, אָבער די שטאָדט איז איהר נישט געפעלען געוואָרען, בעזונ-דערס די געזעלשאַפט: מען האָט זי, אפנים, קאַלט אויפגענומען.

„היינט האָט איהר ביי זיי קיינעם נישט געזעהן?״

—פערקעהרט: געוועזן אַן אַדיוטאַנט, אַן אָנגעצויגענער גוואַר-דיע-אָפיציר און עפּיס אַ דאַמע פון די ניי-געקומענע, אַ קרובה פון דער פירשטין פון מאַנס צד, זעהר אַ שענע, אָבער, דאַכט זיך, זעהר אַ קראַנקע... האָט איהר זי היינט נישט בעגעגענט ביים ברונים? זי איז פון מיטעלען וואוקס, אַ בלאָנדין, מיט מעסיגע געזיכטס-שטריכען; דער פאַרב פון פנים אַ טובערקולאָזער און אויף דער רעכטער באַק אַ שוואַרץ געבוירען פינטעלע. איהר גע-זיכט האָט מיך איבערראַשט מיט זיין אויסדריקליכקייט.

„אַ געבוירען פינטעלע?—האָב איך אַרויסגעמורמעלט.—קאָן עס זיין״?

דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר און פייערליך געזאָגט, אַרויפלעגענדיג מיר די האַנד אויפ׳ן האַרצען:—איהר קאָנט זי!..

מיין האַרץ האָט געקלאַפּט שטאַרקער, ווי געוועהנליך.

„איצט איז אייער צייט צו פייערן אַ נצחון!—האָב איך געזאָגט.—אָבער איך פערלאָז מיך אויף אייך: איהר וועט מיך נישט פערראַטען. איך האָב זי נאָך נישט געזעהן, אָבער איך בין זיכער, אַז איך וועל אין אייער פּאָרטרעט דערקענען אַ פרוי, וואָס איך האָב אַמאָל ליעב געהאַט... וועגען מיר זאָגט איהר קיין איין וואָרט נישט. אויב זי וועט פרעגען, זאָלט איהר קיין גוטס נישט זאָגען וועגען מיר.

—זאָל זיין אַזוי!—האָט ווערנער געזאָגט און געדריקט מיט די אַקסלען.

אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט אַ שרעקליכער אומעט גע־דריקט מיין האַרץ. האָט אונז דער מזל פון דאָסניי צוזאַמענגע־פיהרט אויף קאַווקאַז, אָדער זי איז אומישנע געקומען, וויסענ־דיג, אַז זי וועט מיך דאָ בעגעגענען?.. און ווי וועלען מיר זיך בעגעגענען?.. און צי איז זי דאָס טאַקי?.. מיין פּאָרגעפיהל האָט מיך קיינמאָל נישט גענאַרט. נישטאָ אין דער וועלט אַ מענש, אי־בער וועלכען דער עבר זאָלט האָבען אַזאַ מאַכט, ווי איבער מיר. יעדע ערינערונג וועגען פערגאַנגענעם טרויער אָדער פרייד רופט זיך מיר פיינליך אָב אין האַרצען און ציהט־אַרויס פון דאָרטען דיזעלבע קלאַנגען... איך בין נאַריש בעשאַפען: איך קאָן גאָרנישט פערגעסען—גאָרנישט!

נאָכ׳ן אָוועגדברויט, אַ זייגער זעקס, בין איך אַוועק אויפ׳ן בולוואַר: דאָרט איז געווען אַ מענגע מענשען. די עלטערע פיר־שטין מיט דער יונגערער זענען געזעסען אויפ׳ן באַנק, אַרומגע־רינגעלט פון דער יוגענד, וואָס איז געווען זעהר ליעבליך צו זיי. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט אויף אַ צווייטער באַנק, עטוואָס ווייטער פון זיי, אָבגעשטעלט צוויי בעקאַנטע דראַגונישע אָפיצי־רען און גענומען זיי עפּיס דערצעהלען, אפנים, זעהר קאָמישעס, ווייל זיי האָבען אָנגעהויבען לאַכען, ווי משוגעים. די נייגיריגקייט

האָט צוגעצויגען צו מיר אייניגע פון די, וואָס האָבען אַרומגע-רינגעלט די פירשטין; ביסלעכווייז האָבען זיי אַלע פערלאָזען און זיך בעהעפט צו מיין קרייזעל. איך האָב אַ רגע נישט גע-שוויגען: מיינע וויצען זענען געווען קלוג ביז נאַרישקייט, מיינע חוזק-ווערטלעך איבער די פאַרבייגעהענדיגע אָריגינאַלען זענען געווען שטעכיג ביז משוגעת... איך האָב אַלץ געוויילט דעם עולם, ביז די זון איז פערגאַנגען. עטליכע מאָל איז די יונגע פירשטין מיט דער מוטער אונטער דער תאַנד פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי מיר, בעגלייט פון עפּיס אַ הינקענדיגען זקן. עטליכע מאָל האָט איהר בליק, וואָס איז געפאַלען אויף מיר אויסגעדריקט פערדרוס, הגם ער האָט זיך געסטאַרעט אויסצודריקען גלייכ-גילטיגקייט.

— וואָס האָט ער אייך דערצעהלט? — האָט זי געפרעגט ביי איינעם פון די יונגע מענשען, וואָס האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו איהר פון העפליכקייט וועגען. — מסתמא זעהר אַנ׳אינטערעסאַנטע מעשה וועגען זיין העלדישקייט אין מלחמה?.. זי האָט עס געזאָגט גאַנץ הויך און, וואַרשיינליך, מיט דער כונה אַ שטאָך צו טהאָן מיך. „אַהאַ! — האָב איך אַ טראַכט געטהאָן, — זענט איהר בייז נישט אויף געלעכטער, ליעבע פירשטין. וואַרט-זשע נאָר, נישט דאָס אַליין וועט נאָך זיין!"

גרושניצקי האָט איהר נאָכגעקוקט, ווי אַ בלוטדורשטיגע היה און נישט אַראָבגענומען פון איהר דאָס אויג. איך געה אין גע-וועט, אַז מאָרגען בעט ער, מען זאָל איהם פאָרשטעלען דער פירשטין. זי וועט זיין זעהר צופרידען, ווייל עס איז איהר לאַנגווייליג.

---

## 16-טער מאַי.

אין אַ משך פון צוויי וואָכען האָבען זיך מיינע ענינים שטאַרק אַ רוק געטהאָן. מען האָט מיר שוין איבערדערצעהלט אַ צוויי-דריי עפּיגראַמען אויף מיין חשבון, אפילו גאַנץ שטעכעדיגע,

אָבער אויך זעהר שמייכלענדיגע פאַר מיר. איהר קומט אויס זעהר מאָדנע, וואָס איך, אַ מענש, וועלכער איז געוועהנט צו אַ גוטער געזעלשאַפט, וואָס געפינט זיך אין אַזויגע גוטע בעציהונגען מיט איהרע פעטערבורגער קרובים און מוהמעס, זאָל זיך נישט סטאַרען בעקאַנט צו ווערען מיט איהר. מיר טרעפען זיך אַלע טאָג ביים ברונים, אויפ'ן בולוואַר; איך שטרענג-אָן אַלע מיינע כחות דערויף, אָבצוציהען פון איהר די אַלע פערגעטערער, די גלאַנצפולע אַדיוטאַנטען, די בלאַסע לייט פון מאָסקווע און אַנדערע.— און דאָס געלינגט מיר כמעט שטענדיג. איך האָב שטענדיג פיינט געסט ביי מיר: איצט איז ביי מיר יעדען טאָג פול די שטוב—מען מיטאָגט, מען עסט אָווענדברויט, מען שפּיעלט— און או-וואַ!—מיין שאַמפּאַנער האָט די איבערהאַנד איבער דער מאַכט פון איהרע מאַגנעטישע אויגעלעך.

נעכטען האָב איך זי בעגעגענט ביי טשעלאַכאָוו'ן אין געשעפט; זי האָט געהאַלטען ביים קויפען אַ גרויסאַרטיגען פערסישען טעפּיך. די פירשטין האָט געבעטען די מוטער, זי זאָל נישט קאַרגען: דערדאָזיגער טעפּיך וועט אַזוי בעשענען איהר קאַבינעט!.. איך האָב געגעבען מיט פיערציג רובל מעהר און אויסגעדונגען דעם טעפּיך. דערפאַר בין איך בעלוינט געוואָרען מיט אַ בליק, אין וועלכען עס האָט זיך געשפּיגעלט דער סאַמע רייצענדיגסטער גרימצאָרן. צום מיטאָג האָב איך אומישנע געשיקט דורכפיהרען מיינע טשערקעסישע פערד פאַרביי איהרע פענסטער, בעדעקט מיט דעמדאָזיגען טעפּיך. אין דער אייגענער צייט איז ביי זיי געווען ווערנער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דער עפעקט פון דעמדאָזיגער סצענע איז געווען זעהר אַ דראַמאַטישער. די פירשטין וויל אויפהויבען געגען מיר אַן עולם מענשען; איך האָב אפילו בעמערקט, אַז די צוויי אַדיוטאַנטען, ווען זיי געהען מיט איהר, גריסען זיי זיך מיר זעהר טרוקען, הגם זיי מיטאָגען ביי מיר אַלע טאָג.

גרושניצקי האָט אַרויפגעצויגען אַ סוד אויפ'ן פּנים. געהט די הענד פערוואָרפען אויפ'ן רוקען און דערקאָנט קיינעם נישט. זיין פוס איז פלוצלונג אויסגעהיילט געוואָרען. ער הינקט נאָר

עטוואס צו. ער האט אויסגעפונען א געלעגענהייט צו כאפען א שמועס מיט דער עלטערער פירשטין און מאכען א קאמפלימענט דער יונגער. זי איז, אפנים, נישט קיין גרויסע אויסקלויבערין, ווארום פון דער צייט אן ענטפערט זי אויף זיינע גרוסען מיט זעהר א ליעבען שמייכעלע.

—דו ווילסט זיך גארנישט בעקאנען מיט די ליגאווסקים?— האט ער מיך נעכטען געפרעגט.

„ניין".

—גאט איז מיט דיר! די סאמע אנגענעהמסטע שטוב אויפ'ן וואסער! די בעסטע געזעלשאפט פון היע.

„מיין פריינד, מיר איז די נישט-היעגע געזעלשאפט אויך שרעקליך דערעסען. דו געהסט אריין צו זיי?"

—נאך נישט. א פאר מאל האב איך גערעדט מיט דער יונגער פירשטין, און נישט מעהר. ווייסט דאך, אליין זיך איינבעטען אין הויז אריין, איז עפיס נישט בעקוועם, הגם דא פיהרט מען זיך אזוי... גאר אנ'אנדער זאך, ווען איך וואלט געטראגען עפאלעטען...

„הער-נאר, אבער אזוי ביזטו דאך א סך אינטערעסאנטער! דו קאנסט זיך פשוט נישט בענוצען מיט דיין בעקוועמער לאגע... אין דעם סאלדאטישען שינעל זעהסטו דאך אויס ווי א העלד און א מערטירער ביי יעדען פיהלבארען מיידעל..."

גרושניצקי האט א צופרידענער געשמייכעלט.

—וואס פאר א נארישקייט!—האט ער געזאגט.

„איך בין זיכער,- האב איך ווייטער געזאגט,—אז די יונגע פירשין איז שוין פערליעבט אין דיר."

ער איז רויט געווארען ביז די אויערן און זיך אנגעבלאזען.

א, אייגענליעבע! דו ביזט די הויבמאשין, מיט וועלכער ארכימעד האט געוואלט אויפהויבען די וועלט!..

—דו האסט נאר אויף אלץ א וויצעל,—האט ער געזאגט און געמאכט אנ'אנשטעל, ווי ער וואלט בייז געווארען.—ערשטענס, קאן זי מיך אזוי ווייניג...

„פרויען האָבּען טאַקי ליעב די־יעניגע, וואָס זיי קאָנען נישט!"

אָבּער איך האָבּ גאָר קיין שום פּרעטענזיעס נישט צו געפעלען איהר: איך וויל פּשוט בּעקאַנט ווערען מיט אַנ'אָנגענעהמען הויז, און עס וואָלט געוועזן אַזוי לעכערליך, ווען איך וואָלט געהאַט עפּיס אַ האָפנונג... זעהסטו—דו בּיזט שוין גאָר עפּיס אַנדערש! דו בּיזט אַ פּעטערבּורגער זיעגער: דו דאַרפסט בּאַר איין קוק טהאָן—און פרויען ווערען צושמאָלצען... און, ווייסטו, פּעטשאָרין, וואָס זי האָט געזאָגט וועגען דיר?..

„ווי? זי האָט שוין מיט דיר גערעדט וועגען מיר?"

—פרעה זיך נישט פונדעסטוועגען. צופעליג האָבּ איך מיך מיט איהר איינמאָל פונאַנדערגעשמועסט ביים בּרונים. דאָס דריטע וואָרט איהרס איז געוועזן: „ווער איז דאָס דער הער, וואָס האָט אַזאַ נישט־אָנגענעהמען שווערען בּליק? ער איז דעמאָלט געוועזן מיט אייך..." זי איז רויט געוואָרען און נישט געוואָלט אָנרופען דעס טאָג. דעמאָלט האָט זי מיר אויפגעהויבּען דאָס גלאָז.—איהר בּעדאַרפט נישט אָנרופען דעם טאָג.—האָבּ איך איהר געזאָגט,—איך וועל איהם אייבּיג געדענקען... מיין פריינד פּעטשאָרין! איך קאָן דיך נישט גראַטולירען: זי האָט פון דיר אַ שלעכטע מיינונג: און, כלעבּען, אַ שאָד, וואָרום די מערי איז זעהר אַ ליעב קינד!..

כּדאי צו בּעמערקען, אַז גרושניצקי געהערט צו יענע מענשען, וואָס אַז זיי ריידען וועגען אַ פרוי, מיט וועלכער זיי האָבּען זיך נאָר־וואָס בּעקאָנט, רופען זיי זי אָן מיין מערי, מיין סאָפיע, אויבּ זי האָט געהאַט דאָס גליק זיי צו געפעלען.

איך האָבּ געמאַכט אַנ'ערנסטע מינע און איהם געענטפערט:

„יאָ, זי איז נישט מאוס... אָבּער היט זיך, גרושניצקי! רוסישע מיידלעך נעהרען זיך על־פּי־רוב בּלויז מיט פּלאַטאָנישער ליעבּע, פון חתונה־האָבּען טראַכטען זיי נישט. אָבּער די פּלאַטאָנישע ליעבּע איז די סאַמע אונרוהיגסטע. די פּירשטין איז, דאַכט זיך, פון יענע פרויען, וואָס ווילען, מען זאָל זיי פרעהליך מאַכען; אויבּ אַ פּאַר מינוט וועט איהר זיין לאַנגווייליג נעבּען דיר,

ביזטו שוין אַ פערפאַלענער אויף אייביג. דיין שווייגען דאַרף דערוועקען איהר נייגיר, דיין געשפרעך וועט זי קיינמאָל נישט צופרידענשטעלען אינגאַנצען; דו בעדאַרפסט זי אַלע מינוט פער-אינטערעסירען. אַ מאָל צעהן וועט זי זיך פאַר דיר נישט רעכענען מיט דער מיינונג פון דער געזעלשאַפט און וועט עס אָנרופען קרבן, אָבער כדי צו בעלוינען זיך דערפאַר, וועט זי דיך נעהמען מוטשען—און דערנאָך וועט זי פשוט זאָגען, אַז זי האָט דיך פיינט, ווי דעם טויט. אויב דו וועסט נישט בעקו-מען קיין מאַכט איבער איהר, וועט דיר אפילו איהר ערשטער קוש נישט געבען קיין רעכט אויף אַ צווייטען. זי וועט זיך אָנ-קאָקעטירען מיט דיר איבער'ן האַלז און אין אַ יאָהר צוויי אַרום וועט זי חתונה-האָבען מיט עפּיס אַ קאַליקע אויס געהאָרכזאַמקייט צו דער מאַמישי און וועט דיך אָנהויבען פערזיכערן, אַז זי איז אונגליקליך, אַז זי האָט בלויז נאָר איין מענשען ליעב געהאַט, דאָס הייסט דיך, אָבער דער הימעל האָט זי נישט געוואָלט בע-העפטען מיט דיר, ווייל דו האָסט געטראָגען אַ סאָלדאַטישען שי-נעל, כאָטש אונטער דעמדאָזיגען גרויען דיקען שינעל האָט גע-שלאָגען אַ הייס און איידעלמוטיג האַרץ..."

גרושניצקי האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פויסט איבער'ן טיש און גענומען געהן אויף-און-אָב איבער'ן צימער.

איך האָב אינערליך שטאַרק געלאַכט און אַ צוויי מאָל זאָ-גאַר אַ שמייכעל געטהאָן, אָבער צום גליק האָט ער עס נישט בעמערקט. עס איז קלאָר, אַז ער איז פערליעבט, וואָרום ער האָט זיך מיר נאָכמעהר אָנגעטרויט, ווי פריהער. ער האָט שוין אפילו אָנגעטהאָן אַ זילבערן פינגערל פון היעגער אַרבייט: דאָס פינגערל האָט מיר אויסגעוויזען פאָרדעכטיג. האָב איך עס אָנגע-הויבען בעקוקען, און וואָס מיינט איהר? מיט קליינינקע אותיות-לעך איז דער נאָמען מ ע ר י אויסגעקריצט געווען אויף דער אינ-ווענינסטער זייט, און דערביי—די דאַטע פון טאָג, ווען זי האָט אויפגעהויבען דאָס בעריהמטע גלאָז. איך האָב פערבאָרגען מיין ענטדעקונג; איך וויל איהם נישט צווינגען, ער זאָל זיך מיר מודה-זיין. איך וויל, אַז ער אַליין זאָל מיך אויסוועהלען פאַר

זיין פערטרויטען פריינד—און דאָ וועל איך ערשט קלויבען נחת!..

. . . . . . . . . . . . . . . .

היינט בין איך שפעט אויפגעשטאַנען; קום איך צום ברונים, איז קיינער נישטאָ: עס ווערט הייס; ווייסע האָהריגע וואָלקענדלעך לויפען שנעל פון די שניי-בערג און פערשפרייטען אַ געוויטער; דער קאָפּ פון מאַשוק האָט זיך געדרויכערט, ווי אַנאויסגעלאָשענער פאַקעל; אַרום איהם האָבען זיך געדרעהט און געקראָכען, ווי שלאַנגען, גרויע שטיקער וואָלקען, וואָס זענען פערהאַלטען געוואָרען אין זייער גאַנג און האָבען זיך אַזוי ווי פערטשעפעט אָן זיינע שטעכיגע קוסטעס. די לופט איז אָנגעטרונקען מיט עלעקטריציטעט. איך האָב מיך פערטיעפט אין דער אַלעע פון וויינטרויבען, וואָס האָט געפיהרט אין גראָט; מיר איז געווען אומעטיג; איך האָב געטראַכט פון יענער יונגער פרוימיט'ן געבאָרען פינטעלע אויפ'ן באַק, וועגען וועלכער דער דאָקטאָר האָט מיט מיר גערעדט... צו וואָס איז זי דאָ? און צי איז זי דאָס? און פאַרוואָס מיין איך, אַז דאָס איז זי? און פאַרוואָס בין איך עס אפילו זיכער דערין? וועניג פרויען זענען דאָ מיט געבוירענע פינטעלעך אויפ'ן באַק? טראַכטענדיג אויף אַזאַ אופן, בין איך צוגעגאַנגען סאַמע צום גראָט. זעה איך, אין דעם קיהלען שאָטען פון זיין באַלקען זיצט אַ פרוי אויף אַ שטיינערנער באַנק, אין אַ שטרויענעם הוט, פערוויקעלט אין אַ שוואַרצען שאַרף, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט אויף דער ברוסט; דאָס היטעלע האָט איהר פערדעקט דאָס געזיכט. איך האָב מיך שוין געוואָלט אומקעהרן, נישט צו שטערען איהר אין איהר חלום'ען, נאָר דאָ האָט זי אויף מיר אַ קוק געטהאָן.

„ווערא!"—האָב איך נישט-ווילענדיג אויסגעשריען.

זי האָט אַ ציטער געטהאָן און איז בלאַס געוואָרען.

—איך האָב געוואוסט, אַז איהר זענט דאָ,—האָט זי געזאָגט.

איך האָב מיך אַנידערגעזעצט נעבען איהר און גענומען זי פאַר דער האַנד. אַ לאַנג-פערגעסענער ציטער איז אַדורכגעלאָפען איבער מיינע אָדערן ביי דעם קלאַנג פון דעמדאָזיגען ליע-

בען קול. זי האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגען אַריין מיט איהרע טיעפע רוהיגע אויגען. אין זיי איז אויסגעדריקט געוואָרען אונצוטרוי און עפּיס אַזוינס, עהנליך צו אַ פאָרוואורף.

„מיר האָבען זיך שוין לאַנג נישט געזעהן,"—האָב איך געזאָגט.

—לאַנג, אוןביידע האָבען זיך שטאַרק פערענדערט!

„הייסט עס, אַז דו האָסט מיך שוין נישט ליעב?.."

—איך האָב אַ מאַן!..—האָט זי געזאָגט.

„ווידער? אָבער דידאָזיגע סבה איז דאָך נאָך געווען מיט עטליכער יאָהר צוריק, פונדעסטוועגען..."

זי האָט אַרויסגעריסען איהר האַנד פון מיינער און די באַקען האָבען איהר געברענט.

„האָסטו אפשר ליעב דיין צווייטען מאַן?.."

זי האָט נישט געענטפערט און זיך אָבגעקעהרט.

„אָדער ער איז אויפעריג?.."

זי שווייגט.

„נו, וואָס? איז ער יונג, שען, איבערהויפּט רייך מסתמא, און דו שרעקסט זיך..." איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר און זיך דערשראָקען: איהר געזיכט האָט אויסגעדריקט טיעפע פערצווייפלונג, אויף די אויגען האָבען געלויכטען טרעהרען.

—זאָג מיר,—האָט זי צולעצט אַרויסגעמורמעלט,—דו האָסט גרויס הנאה מיך צו פייניגען? איך האָב דיך בעדאַרפט פערהאַסען. פון יענער צייט אָן, וואָס מיר האָבען זיך דערקענט, האָסטו מיר מעהר ווי אַנגסטען נישט געגעבען...—איהר פנים האָט אַ ציטער געטהאָן, זי האָט זיך אָנגעבויגט צו מיר און אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף מ... ברוסט.

„מעגליך,—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן,—אַז דו האָסט מיך בלויז דערפאַר ליעב געהאַט, ווייל פרייד פערגעסט זיך און צער קיינמאָל נישט..."

איך האָב זי פעסט אַרומגענומען און אַזוי זענען מיר לאַנג געזעסען. צולעצט, האָבען זיך דערנעהנט אונזערע ליפּען און זיך צונויפגעגאָסען אין אַ הייס.. זיסען קוש; איהרע הענד זענען גע-

וועך קאַלט, ווי אייז, דער קאָפּ האָט געברענט. דאָ האָט זיך אָנ־געהויבען ביי אונז איינער פון יענע שמועסען, וואָס האָבען אויפ׳ן פּאַפּיר קיין שום זין נישט, וואָס מען קאָן זיי נישט ווידערהאָ־לען און אפילו געדענקען: דער קלאַנג דערפילט דאָס וואָרט אין דער איטאַליענישער אָפּערע.

זי וויל נישט בשום אופן, איך זאָל מיך בעקאָנען מיט איהר מאַן—מיט׳ן הינקענדיגען זקן, וואָס איך האָב געזעהען פאַר־בייגעהענדיג אויפ׳ן בולוואַר: זי האָט חתונה־געהאַט מיט איהם צוליעב דעם זוהן. ער איז רייך און איז קראַנק אויף רעוומאַ־טיזם. איך האָב מיר קיין איין חוזק־ווערטעל נישט דערלויבט אויסצוברענגען אויף זיין חשבון. זי שעצט איהם, ווי אַ פאָטער, און גענאַרט איהם, ווי אַ מאַן... אַ מאָדנע זאַך דאָס מענשליכע האַרץ: בכלל און דאָס פרויענהאַרץ בפרט!..

וועראַס מאַן, סעמיאָן וואַסיליעוויטש ג...ב, איז אַ ווייטער קרוב פון דער פירשטין ליגאָווסקאַ. ער וואוינט דערביי נעבען איהר. וועראַ קומט גאַנץ אָפט צו דער פירשטין. איך האָב איהר געגעבען אַ וואָרט צו בעקאָנען זיך מיט די ליגאָווסקיס און פּרו־בען ראָמאַנסירען מיט דער יונגער פירשטין, כדי דער עולם זאָל נישט בעמערקען מיינע בעציהונגען צו ווערא׳ן. אויף אַזאַ אופן זענען מיינע פּלאַנען אויף אַ האָהר נישט געשטערט געוואָרען און מיר וועט זיין פרעהליך...

פרעהליך?.. יאָ, איך בין שוין אַדורכגעגאַנגען יענעם פּע־ריאָד פון גייסטיגען לעבען, בשעת עס ווערט געזוכט בלויז גליק, בשעת דאָס האַרץ שפּירט אַ נויטווענדיגקייט צו ליעבען עמיצען ליידענשאַפטליך און שטאַרק; איצט וואָלט איך געוואָלט נאָר גע־ליעבט זיין, און דאָס נישט פון אַ סך. מיר דאַכט זיך אפילו, אַז איין בעשטענדיג געפיהל וואָלט פאַר מיר גענוג געווען: אַנ׳עלענ־דע טבע פונ׳ם האַרץ!..

איינס איז מיר נאָר שטענדיג אויסגעקומען משונה: ביי אַ געליעבטער פרוי בין איך קיינמאָל קיין קנעכט נישט געווען; פערקעהרט, מיט׳ן ווילען און האַרץ האָב איך שטענדיג געהאַט איבער זיי אַ געוואַלטיגע מאַכט און דערביי זיך גאַרנישט גע־

סטאַרעט וועגען דעם; פאַרוואָס איז עס אַזוי? צי דערפאַר, ווייל קיין זאַך איז מיר בעזונדערס קיינמאָל נישט טייער און זיי האָבען זיך געשראָקען אַרויסצולאָזען מיך פון די הענד? אָדער דאָס איז אַ מאַגנעטישע ווירקונג פון אַ שטאַרקען אָרגאַניזם? אָדער מיר איז פשוט נישט געלונגען צו טרעפען אַ פרוי מיט אַ האַרטען, איינגעשפאַרטען כאַראַקטער?

מען בעדאַרף זיך מודה־זיין, אַז איך האָב באמת נישט ליעב אַ פרוי מיט אַ כאַראַקטער: איז עס דען איהר זאַך?..

אמת, איך האָב מיך איצט דערמאָהנט: איין מאָל, בלויז איין מאָל האָב איך ליעב געהאַט אַ פרוי מיט אַ שטאַרקען ווילען, און איך האָב זי קיינמאָל נישט געקאָנט בעזיעגען... מיר האָבען זיך צושיידט, ווי פיינד—און דאָך, ווען איך וואָלט זי בעגעגענט מיט אַ פינף יאָהר שפּעטער, וואָלטען מיר אפשר זיך צושיידט אויף אַנ׳אַנדער אופן...

ווערע איז קראַנק, זעהר קראַנק, הגם זי איז זיך דערין נישט מודה. איך האָב מורא, אַז זי ליידט אויף שווינזוכט אָדער אויף יענער קראַנקהייט, וואָס ווערט אָנגערופען fiure tente—אַ מחלה, וואָס איז נישט קיין רוסישע און האָט אויף אונזער רוסישען לשון קיין נאָמען נישט.

דאָס געוויטער האָט אונז פערכאַפּט אין גראָט און האָט אונז פערהאַלטען אַנ׳איבעריגע האַלבע שעה. זי האָט מיך נישט געצוואונגען, איך זאָל מיך איהר שווערען אין טרייהייט, זי האָט מיך אויך נישט געפרעגט, צי איך האָב געליעבט אַנ׳אנדערע פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבען זיך צושיידט... זי האָט מיר פון דאָסניי געגומען גלויבען מיט דער אַלטער זאָרגלאָזיגקייט, און איך וועל זי נישט נאַרען: זי איז די איינציגע פרוי אויף דער וועלט, וואָס איך וואָלט נישט געוועזען בכח אָפּצונאַרען. איך ווייס, אַז מיר וועלען זיך גיך צושיידען פון דאָסניי און, מעגליך, אויף אייביג; ביידע וועלען מיר אַוועק צום קבר מיט פערשידענע וועגען; אָבער די ערינערונג וועגען איהר וועט פערבלייבען אין מיין נשמה אונבעריהרליך און איך האָב עס איהר שטענדיג געזאָגט און זי האָט מיר געגלויבט, הגם זאָגען זאָגט זי נישט אַזוי.

צולעצט האָבען מיר זיך צושיידט. איך האָב איהר לאַנג נאָכגעקוקט ביז וואַנען איהר הוט איז פערשוואונדען געוואָרען הינטער די קוסטעס און פעלזען. מיין האַרץ האָט זיך פיינליך צוזאַמענגעדריקט, ווי נאָכ׳ן שיידען זיך צום ערשטען מאָל. אָ, ווי איך האָב מיך דערפרעהט מיט דעמדאָזיגען געפיהל! אפשר קעהרט זיך אום צוריק די יוגענד מיט איהרע געבענשטע געוויטערס, אָדער דאָס איז בלויז איהר לעצטער אָבשייד-בליק, די לעצטע מתנה צום אָנדענק?.. און ווי קאָמיש דאָס איז, וואָס אויפ׳ן פנים זעה איך אויס, ווי אַ יונגעל: דאָס געזיכט איז אפילו בלאַס, אָבער נאָך פריש: די אברים זענען בויגזאַם און שלאַנק, די געדיכטע לאָקען בויגלען זיך, די אויגען ברענען, דאָס בלוט קאָכט...

געקומען אַהיים, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן פערד און אַוועקגעשפרונגען אין סטעפ אַריין. איך האָב ליעב צו רייטען אויף אַ הייסען פערד איבער הויכען גראָז געגען ווינד פון דער סטעפ. דורשטיג שלינג איך די מחיה׳דיגע לופט און קוק אין דער בלויער ווייטקייט אַריין און סטאַרע מיך צו טרעפען די נעבעלהאַפטע קאָנטורען פון זאַכען, וואָס ווערען מינוטענווייז אַלץ דייטליכער און דייטליכער. וואָס פאַר אַ צער עס זאָל נישט דריקען דאָס האַרץ, וואָס פאַר אַ נויט עס זאָל נישט פייניגען דעם מח—אַלץ ווערט צווייהט אין אַנ׳אויגענבליק; אויפ׳ן האַרצען ווערט לייכט, די מידקייט פון קערפער איז מנצח די שווערע מחשבות פון קאָפּ. נישטאָ קיין פרויענאויג, וואָס איך זאָל נישט פערגעסען, בשעת איך קוק אויף די קרייזלענדיגע בערג, בעלויכטען דורך דער דרום-זון, בשעת איך קוק אויפ׳ן בלויען הימעל אָדער בשעת איך הער מיך צו צום קלאַנג פון אַ טייכעל, וואָס פאַלט פון פעלז אויף פעלז.

איך מיין, אַז די קאָזאַקען, וואָס האָבען געגענעצט אין זייערע אויבערשטיבלעך און האָבען מיך געזעהן רייטענדיג סתם אין דער וועלט אַריין אָהן אַ שום ציעל, האָבען לאַנג נישט פערשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, וואָרום לויט די זאַכען האָבען זיי מיך זיכער אָנגענומען פאַר אַ טשערקעס. מען האָט טאַקי

געזאָגט, אַז אין די טשערקעסישע קליידער בין איך מעהר עהנליך צו אַ קאַבאַרדינער, איידער פיעל קאַבאַרדינער גופא צו זייער שטאַם. און באמת, וואָס איז שייך צו דידאָזיגע איידעלע קאַמפּסקליידער, בין איך אַנ׳עכטער דענדי: קיין שום איבעריגער גאַלון, טייער געוועהר אין אַנ׳איינפאַכער איינפאַסונג, די האָהר אויפ׳ן טשערקעסען-היטעל נישט צו-לאַנג, נישט צו-קורץ, דער בעשמעט ווייס, די טשערקעסקע טונקעל-ברוין. איך האָב לאַנג שטודירט, ווי אַזוי עס האַלטען זיך די בערגלייט אויף די פערד: מיט קיין איין זאַך קאָן מען אַזוי נישט צופרידענשטעלען מיין שטאָלץ, ווי מיט דער בעמערקונג, אַז איך בין אַנ׳אויסגעצייכענטער רייטער אויפ׳ן שטייגער פון די קאַווקאַזער. איך האָב פיער פערד: איינס פאַר זיך, דריי פאַר די חברים — עס זאָל נישט זיין לאַנגווייליג צו וואַנדלען אַליין איבער די פעלדער; זיי נעהמען מיט פערגעניגען מיינע פערד און פאָהרען קיינמאָל נישט אינאיינעם מיט מיר. שוין געווען זעקס אַ זייגער נאָך האַלבען טאָג, בשעת איך האָב מיך דערמאָהנט, אַז עס איז שוין צייט צו מיטאָגען; מיין פערד איז שוין געווען אויסגעמאַטערט. בין איך אַרויסגעפאָהרען אויפ׳ן שליאַך, וואָס פיהרט פון פּיאַטיגאָרסק אין דער דייטשער קאָלאָניע, וואוהין די קור-געזעלשאַפט פאָהרט עפטער אויף פּיקניקעס. דער וועג שלענגעלט זיך צווישען קוסטעס און לאָזט זיך אַראָב אין קליינע טהאָלען, וואו עס לויפען רוישיגע טייכלעך אין שאָטען פון הויכען גראָז; אַרום און אַרום הויבען זיך, ווי אַנ׳אַמפיטעאַטער, די בלויע ריזען פון בעטשו, פון דעם שלאַנג-באַרג, אייזענבאַרג און גלאַט-באַרג. אַז איך האָב מיך אַריינגעלאָזט אין איינעם פון דידאָזיגע טהאָלען, וואָס הייסען אויף דעם היגען לשון באַלקעס, האָב איך מיך צוגעשטעלט אָנצוטרינקען דאָס פערד. אין דער אייגענער צייט האָט זיך בעוויזען אויפ׳ן וועג אַ רוישיגע און אַ גלאַנצפולע קאַוואַלקאַדע: דאַמען אין שוואַרצע און בלויע אַמאַזאָנקעס, קאַוואַלערן אין קאָסטיומען, וואָס זענען אַ געמיש פון טשערקעסישען מיט׳ן ניזשעגאָראָדישען; פאָראויס איז געפאָהרען גרושניצקי מיט דער פירשטין מערי

די קור-דאַמען גלויבען נאָך, אַז טשערקעסען קאָנען זיי איבערפאַלען אין מיטען העלען טאָג. און דעריבער, אפנים, האָט גרושניצקי פון אויבען, אויפ'ן סאָלדאַטישען שינעל אויפגעהאַנגען אַ שווערד און צוויי פּיסטאָלעטען: ער איז געווען גאַנץ לעכערליך אין דערדאָזיגער העלדישער אָנקליידונג. אַ הויכער קוסט האָט מיך פערבאָרגען פון זיי. אָבער דורך די צווייגען האָב איך אַלץ געקאָנט זעהן, און לויט'ן אויסדרוק פון זייערע פּנים'ער האָב איך פערשטאַנען, אַז דער שמועס איז אַ סענטימענטאַלער. אָט האָבען זיי זיך דערנעהנט צום טהאָל. גרושניצקי האָט גענומען פאַר'ן צוים דער פּירשטינס פערד, און דעמאָלט האָב איך דערהערט די לעצטע ווערטער פון זייער געשפּרעך:

„און איהר ווילט דאָס גאַנצע לעבען פערבלייבען אויף קאַווקאַז?" האָט די פּירשטין געזאָגט.

—וואָס איז מיר רוסלאַנד?—האָט איהר געענטפערט דער קאַוואַלער.—אַ לאַנד, וואו טויזענדער מענשען וועלען קוקען אויף מיר מיט פעראַכטונג דערפאַר, ווייל זיי זענען רייכער פון מיר, אָבער דאָ—דאָ האָט אָט דער גראָבער סאָלדאַטישער שינעל נישט געשטערט מיין בעקאַנטשאַפט מיט אייך...

„פערקעהרט..."—האָט געזאָגט די פּירשטין, רויט ווערענדיג. גרושניצקי האָט געשיינט פון תענוג. ער האָט ווייטער געזאָגט:

—דאָ געהט-דורך מיין לעבען רוישיג, אונבעמערקט און שנעל, אונטער די קוילען פון ווילדע מענשען, און ווען גאָט וואָלט מיר יעדען טאָג צוגעשיקט איין ליכטיגען פרויענבליק, עהנליך צו דעם...

אין דער צייט האָבען זיי זיך אויסגעגלייכט מיט מיר; איך האָב אַ שמיץ געטהאָן דאָס פערד און אַרויסגעפאָהרען פון קוסט.

„מיין גאָט, אַ טשערקעס!.." האָט די פּירשטין אַ דערשראָקענע אויסגעשריען אויף פראַנצויזיש.

צו בערוהיגען זי, האָב איך מיך לייכט אָנגעבויגט און געזאָגט אויף פראַנצויזיש:

„שרעקט זיך נישט: איך בין נישט וועניגער געפעהרליך, ווי אייער פריינד.

זי האָט זיך עטוואָס פערלאָרען, אָבער פון וואָס? צי פון איהר גרייז, אָדער פון מיין ענטפער, וואָס האָט איהר אויסגעוויזען צו העזה׳דיג? איך וואָלט וועלען, אַז די לעצטע השערה זאָל זיין אַ ריכטיגע. גרושניצקי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שווערען בליק.

שפּעט אין אָווענד, דאָס הייסט אַ זייגער עלף, בין איך אַוועק שפּאַצירען איבער דער ליפּען-אַלעע. די שטאָדט האָט געשלאָפען, בלויז אין עטליכע פענסטער האָבען זיך אַרויסגעזעהן פייערלעך. פון דריי זייטען האָבען שוואַרץ געקוקט די שפּיציגע פעלזען פון מאַשוק, וואָס אויף זיין שפּיץ איז געלעגען אַ טריבער וואָלקען. די לבנה האָט זיך אויפגעהויבען אין מזרח. פון ווייטען האָבען געגלאַנצט שנייאיגע בערג, ווי אַ זילבערנער פרוכת. די אויסגעשרייען פון די וואַכסאָלדאַטען האָבען זיך צוזאַמענגעמישט מיט׳ן גערויש פון די הייסע קוואַלען, וואָס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרען אויף דער נאַכט. צייטענווייז האָט זיך דערהערט אויף דער גאַס אַ טופּעריי פון פערד, בעגלייט פון אַ וואָגען-סקריפּ און אַ טרויעריגען טאָטערשען ניגונ׳דעל. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט אויף דער באַנק און זיך פערטראַכט... איך האָב דערשפּירט אַ בעדערפעניש אויסצוגיסען מיינע געדאַנקען אין אַ פריינדליכען שמועס... אָבער מיט וועמען? „וואָס טהוט איצט ווערא?" האָב איך געטראַכט... טייער וואָלט איך בעצאָהלט, ווען איך וואָלט אין דעדדאָזיגער מינוט געקאָנט אַ דריק טהאָן איהר האַנד.

פּלוצלונג האָב איך דערהערט שנעלע און נישט-מעסיגע טריט... מסתמא גרושניצקי... דאָס איז ער טאַקי!

„פון וואַנען?"

—פון דער פירשטין ליגאָווסקאַ,—האָט ער געזאָגט מיט קראַזש.—ווי מערי זינגט!

„דו ווייסט וואָס?—האָב איך געזאָגט.—לאָמיר געהן אין געוועט, אַז זי ווייס נישט, אַז דו ביזט אַ יונקער... זי מיינט, אַז מען האָט דיך אַראָבגעזעצט..."

—מעגליך! אָבער וואָס געהט עס מיר אָן!..—האָט ער זיך אָנגערופען אַ צווייהטער.

„ניין, איך זאָג סתּם אַזוי..."

—אָבער ווייסטו, אַז דו האָסט זי היינט שרעקליך אויפגע-רעגט. זי האָט איינגעפונען, אַז דאָס איז זעהר גראָב. איך האָב זי קוים געקאָנט איבערצייגען, אַז דו ביזט אַזוי גוט דערצויגען און קאָנסט אַזוי גוט דעם עטיקעט, אַז דו האָסט בשום אופן נישט געהאַט אין זינען צו בעליידיגען זי. זי זאָגט, אַז דו קוקסט חוצפּה'דיג, אַז דו האַלסט מסתּמא זעהר שטאַרק פון זיך.

„זי איז זיך גאָרנישט טועה... אפשר ווילסטו זי פערטיי-דיגען?"

—עס טהוט מיר באַנג, וואָס איך האָב נאָך דערויף נישט קיין רעכט...

„אָהאָ!—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן.—ער האָט שוין, אפנים, אַ האָפנונג..."

—איבעריגענס, איז עס פאַר דיר גופא אַ רעה,—האָט ער ווייטער געזאָגט.—עס וועט דיר זיין שווער צו בעקאָנען זיך מיט זיי—אַ שאָד; דאָס איז איינס פון די סאַמע אָנגענעהמסטע היי-זער, וואָס איך קאָן אין מיין לעבען...

איך האָב אינערליך אַ שמייכעל געטהאָן.

„דאָס סאַמע אָנגענעהמסטע הויז איז מיר איצט מיין אייגען הויז,"—האָב איך געגעצענדיג געזאָגט און זיך אויפגעהויבען, אַוועקצוגעהן.

—אָבער דו האָסט חרטה, זיי זיך מודה?..

„עס, נאַרישקייטען! ווען איך זאָל נאָר ווילען, בין איך מאָרגען אין אָווענד ביי דער פירשטין..."

—מיר ווילען זעהן...

„און צו פערשאַפען דיר אַ נחת-רוח, וועל איך מיך פּרובען דאָמאַנסירען מיט דער פירשטין..."

—יאָ, אויב זי וועט ווילען ריידען מיט דיר...

„איך וועל נאָר צו-וואַרטען ביז יענער מינוט, בשעת דו וועסט איהר דערעסען מיט דיינע געשפּרעכען... אַדיע..."

—און איך וועל נאָך אַרומבלאָנקען—איך וועל בשום אופן נישט אַנטשלאָפען ווערען... פאָלג מיך, קום אין רעסטאָראַן בע־סער, מען שפּילט דאָרט אין קאָרטען... איך בעדאַרף איצט האָבען שטאַרקע שפּירונגען...

„איך ווינש דיר פערשפּיעלען..."

איך בין אַוועק אַהיים.

---

21-טער מאַי.

אַוועק אַ וואָך צייט, און איך האָב מיך נאָך אַלץ נישט בעקאָנט מיט די ליגאָווסקיס. איך וואַרט אויף אַ בעקוועמער גע־לעגענהייט. גרושניצקי קריכט-נאָך נאָך דער פּירשטין, ווי אַ שאָ־טען; זיי ריידען אָהן אַנ'אויפהער. ווען-זשע אָבער וועט ער איהר אָנהויבען דערעסען?.. די מוטער לעגט דערויף קיין שום אַכט נישט, ווארום ער איז נישט קיין חתן. דאָס איז די לאָ־גיק פון אַ מוטער! איך האָב בעמערקט אַ צוויי-דריי צאַרטע בלי־קען—מען בעדאַרף מאַכען אַ סוף דערמיט.

נעכטען האָט זיך ווערא דאָס ערשטע מאָל געוויזען ביים ברונים... פון יענער צייט אָן, וואָס מיר האָבען זיך געטראָפען אין גראָט, איז זי נישט אַרויס פון שטוב. מיר האָבען גלייכציי־טיג אַראָבגעלאָזט די גלעזער, און, אַנ'אָנגענויגטע צו מיר, האָט זי מיר איינגערוימט אויפ'ן אויער:

—ווילסטו זיך נישט בעקאָנען מיט די ליגאָווסקיס?.. נאָר דאָרט קאָנען מיר זיך זעהן...

אַ פאָרוואורף!.. לאַנגווייליג! אָבער איך האָב איהם פער־דיענט...

צום וואָרט געזאָגט: מאָרגען איז אַ באַל אין רעסטאָראַן־זאַל. מען פערשרייבט זיך פאַראויס, און איך וועל טאַנצען מאַ־זורקע מיט דער פּירשטין.

---

### 29-טער מאַי.

דער זאַל פון רעסטאָראַן האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ זאַל פון אַנ׳אַדעל-קלוב. ניין אַ זייזער אין אָווענד זענען זיך אַלע צונויפגעפאָהרען. די פירשטין מיט דער טאָכטער זענען געקומען פון די לעצטע. אַ סך דאַמען האָבען געקוקט אויף איהר מיט קנאה און שנאה, ווייל פירשטין מערי טהוט זיך אָן מיט געשמאַק. די, וואָס האַלטען זיך פאַר היגע אַריסטאָקראַטען, האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן איהר און פערבאָרגען אין האַרצען די קנאה. ווי-זשע אַנדערש זאָל זיין? וואו עס איז דאָ אַ געזעלשאַפט פון פרויען, דאָרטען בעווייזט זיך באַלד אַ העכערער און אַ נידעריגערער קרייז. אונטער׳ן פענסטער, צווישען אַנ׳עולם מענשען, איז געשטאַנען גרושניצקי, דאָס פנים צוגעדריקט צו דער שויב און נישט אַראָבגענומען די אויגען פון זיין געטין. אַז זי איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי איהם קוים אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ. האָט ער אויפגעשיינט, ווי די זון... די טענץ האָבען זיך אָנגעהויבען מיט אַ פוילישען טאַנץ. דערנאָך האָט מען געשפּיעלט אַ וואַלס. עס האָבען געקלונגען שפּאָרען, קליידער האָבען זיך אויפגעהויבען און געדרעהט.

איך בין געשטאַנען הינטער אַ דיקער דאַמע, בעפוצט מיט ראָזע פעדערן. דאָס רייכע קלייד איהרס האָט דערמאָהנט די צייטען פון די פיזשמעס און די נישט-גלאַטע הויט איהרע—אָן דער גליקליכער עפּאָכע פון מושקעס פון שוואַרצען טאַפט. די סאַמע גרעסטע באָראָדאַווקע אויף איהר האַלז איז געווען בעדעקט מיט אַ פערמואַר. זי האָט געזאָגט צו איהר קאַוואַלער, אַ דראַגונער אָפיציר:

—די פירשטין ליגאָווסקאַ איז גאָר אַ נישטיג מיידעלע! שטעלט אייך פאָר, זי האָט מיך אַ שטויס געטהאָן און זיך נישט ענטשולדיגט; פערקעהרט, זי האָט זיך נאָך אָבגעקעהרט און אַ קוק געטהאָן אויף מיר אין לאָרנעט. און וואָס איז זי אַזוי גרויס? מען האָט זי נויטיג בעדאַרפט אָנלערנען...

—מיר וועלען שוין זעהן!—האָט געענטפערט דער גוטער

קאַפּיטאַן און איז אַוועק אין צווייטען צימער.

איך בין באַלד צוגעגאַנגען צו דער פירשטין און זי איינ־געלאַדען אויף אַ וואַלס; איך האָב מיך בענוצט מיט דער פריי־הייט פון די היגע מנהגים, וואָס דערלויבען צו טאַנצען מיט אונבעקאַנטע דאַמען.

זי האָט קוים געקאָנט בעהאַלטען איהר שמייכעל און פער־באָרגען איהר נצחון. אָבער דאָך איז איהר געלונגען צו מאַכען תיכף אַ גלייכגילטיגע און אפילו אַ שטרענגע מינע. זי האָט גלייכ־גילטיג אַראָבגעלאָזט די האַנד אויף מיין אַקסעל, לייכט אָנגע־בויגט דעם קאָפּ אויף אַ זייט און מיר האָבען זיך אַוועקגעלאָזט. איך קאָן נישט אַ מעהר־ליידענשאַפטליכע און אַ מעהר־שלאַנקע טאַליע, ווי איהרע! איהר פרישער אָטעם האָט בעריהרט מיין געזיכט; טיילמאָל האָט אַ לאָק, וואָס האָט אין ווינד פון וואַלס זיך אָבגעטיילט פון זיינע חברים, געגליטשט איבער מיין הייסער באַק... איך האָב געמאַכט דריי טורען (זי וואַלסירט וואונ־דערליך גוט). איהר האָט פערכאַפּט דער אָטעם, די אויגען זע־נען טונקעלער געוואָרען און די האַלב־אָפענע ליפּלעך האָבען קוים געקאָנט אַרויסשעפּטשען: מערסי, מיין הער.

נאָך עטליכע מינוט שווייגען האָב איך געזאָגט, מאַכענדיג פריהער זעהר אַ געהאָרכזאַמע מינע:

„איך האָב געהערט, פירשטין, אַז נאָך איידער איך בין אייך בעקאַנט געווען, האָב איך שוין געהאַט דאָס אומגליק נישט צו געפעלען אייך... אַז איהר האָט איינגעפונען, אַז איך בין צו־העזה'דיג... איז עס ווירקליך אַזוי?"

—און איהר וואָלט מיך איצט געוואָלט איבערצייגען אין דערדאָזיגער מיינונג?—האָט זי געענטפערט מיט אַן'איראָנישען תנועה'לע, וואָס האָט זיך, איבעריגענס, זעהר געפּאַסט צו איהר בעוועגליכער פיזיאָנאָמיע.

„אויב איך האָב געהאַט די העזה צו בעליידיגען אייך מיט עפּיס, טאָ דערלויבט נאָך אַ גרעסערע העזה: בעטען ביי אייך ענטשולדיגונג... און איך וואָלט אייך באמת געוואָלט בעווייזען, אַז בנוגע צו מיר האָט איהר זיך טועה־געווען."

—דאָס וועט אייך זיין גאַנץ שווער...

„פאַרוואָס ?..״

—דערפאַר, וואָס איהר קומט נישט צו אונז, און די דראַזיגע בעלער וועלען זיך מסתמא נישט אָפּט ווידערהאָלען.

„דאָס הייסט,—האָב איך אַ טראַכט געטהאָן—אַז זייערע טהירען זענען פערהאַקט פאַר מיר אויף אייביג.״

„ווייסט איהר, פירשטין,—האָב איך געזאָגט מיט פערדרוס,—איהר זאָלט קיינמאָל נישט אָבשטויסען אַ בעל-תשובה, אַ פערברעכער. פון פערצווייפלונג קאָן ער ווערען נאָכמעהר פערברעכעריש... און דעמאָלט...״

אַ גרויס געלעכטער און אַ שעפּטשעריי האָבען מיך געצוואונגען זיך אומצוקעהרען און איבעררייסען מיין פראַזע... ביי עטליכע טריט פון מיר איז געשטאַנען אַ גרופּע מענער, צווישען זיי דער דראַגונישער אָפיציר, וואָס האָט אַרויסגעוויזען פיינדליכע כונות געגען דער ליעבער פירשטין. ער איז געווען עפּיס בעזונדערס זעהר צופרידען, זיך געריבען די הענד, געקייכט פון געלעכטער און זיך איבערגעוואונקען מיט זיינע חברים. פּלוצלונג איז פון זייער קרייז אַרויס איינער אין אַ פראַק מיט לאַנגע וואָנסען און אַ רויטען פרצוף און איז מיט נישט-זיכערע טריט אַוועק צו דער פירשטין: ער איז געווען שכור. געבליבען שטעהן געגען דער צומישטער פירשטין און פערלעגט די הענד הינטער׳ן רוקען, האָט ער אויסגעשטעלט אויף איהר זיינע מוטנע בלויע אויגען און אַרויסגעזאָגט מיט אַ הייזעריגען דיסקאַנט:

—פּערמעטע... נו, מילא, וואָס איז דאָ!.. פּשוט איך אַנגאַזשיר אייך אויף דער מאַזורקע...

—וואָס ווילט איהר?—האָט זי געזאָגט זעהר אַ צושראָקענע און זיך גענומען אַרומקוקען מיט צאַפּלענדיגע בליקען—אָבער ליידער! איהר מוטער איז געווען ווייט און דערביי איז קיין איינער פון איהרע בעקאַנטע קאַוואַלערן נישט געווען; איין אַדיוטאַנט האָט עס אפילו יאָ צוגעזעהן, אָבער ער האָט זיך בעהאַלטען הינטער׳ן עולם, כדי ער זאָל דאָ נישט פערמישט ווערען אין אַ סקאַנדאַל.

—נו, וואָס?—האָט געפרעגט דער שכור׳ער הער און אַ וואונק געטהאָן דעם דראַגונישען קאַפּיטאַן, וואָס האָט איהם אויפ־געמונטערט דורך סימנים.—ווילט איהר אפשר נישט?.. נעהם איך מיר ווידער דעם כבוד איינצולאַדען אייך פון דאָסנייא אויף מאָ־זורקע... מיינט איהר אפשר, אַז איך בין שכור? דאָס איז גאָר־נישט!.. אַ סך בעקוועמער, איך קאָן אייך פערזיכערן...

איך האָב געזעהן, אַז זי האַלט ביים פאַלען אין חלשות פון שרעק און האַס.

איך בין צוגעגאַנגען צום שכור׳ען הער, אָנגענומען איהם גאַנץ פעסט ביי דער האַנד, אַריינגעקוקט איהם שאַרף אין די אויגען אַריין און געבעטען, ער זאָל זיך אָבטראָגען.—„ווייל די פירשטין, האָב איך מוסיף־געווען, האָט מיר שוין לאַנג פערשפּראָ־כען צו טאַנצען מאַזורקע מיט מיר.״

—נו, פערפאַלען!.. אַנ׳אַנדערש מאָל!—האָט ער געזאָגט און איז אַוועק צו זיינע פערשעמטע חברים, וואָס האָבען איהם אַוועק־געפיהרט אין אַ צווייטען צימער.

איך בין בעלוינט געוואָרען מיט אַ טיפען כשוף׳דיגען בליק.

די פירשטין איז צוגעגאַנגען צו איהר מוטער און איהר אַלץ דערצעהלט; האָט מיך יענע אָבגעזוכט צווישען עולם און בעדאַנקט. זי האָט מיר דערביי דערקלערט, אַז זי האָט נאָך גע־קאָנט מיין מוטער און איז געשטאַנען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט אַ האַלבען טוץ פון מיינע מוהמעס.

—איך ווייס נישט, ווי אַזוי איז דאָס געשעהן, וואָס מיר זענען נאָך ביז איצט מיט אייך נישט בעקאַנט,—האָט זי צוגעגע־בען.—אָבער זענט זיך מודה: שולדיג זענט איהר. איהר וויכט פון אונז אַזוי, אַז עס איז גאָרנישט שען. איך פערהאָף, אַז די לופט פון מיין גאַסטצימער וועט צויאָגען אייער שווערע שטי־מונג... נישט וואָהר?

דערויף האָב איך איהר געענטפערט מיט איינער פון יענע פראַזעס, וואָס יעדער בעדאַרף זיי האָבען גרייט צו יעדער גע־לעגענהייט.

די קאַדרילען האָבען זיך געצויגען שרעקליך לאַנג.

אַט האָט דער אָרקעסטער אַ דונער-געטהאָן די מאַזורקע:
איך האָב מיך אַנידערגעזעצט מיט דער פּירשטין.

איך האָב קיין איין מאָל נישט מרמז-געווען—נישט וועגען דעם שכור׳ען הער און נישט וועגען גרושניצקי׳ן און נישט וועגען מיין פריהערדיגער אויפפיהרונג. דער איינדרוק, וואָס די אונאַנגענעהמע סצענע האָט אויף איהר געמאַכט, איז בּיסלעכווייז צורונגען געוואָרען; זי האָט זעהר חנ׳עודיג געשפּאַסט; איהר געשפּרעך איז געווען גאַנץ שאַרפזיניג, לעבּעדיג און פריי, אָהן פּרעטענזיעס אויף וויציגקייט. זי האָט טיילמאָל געמאַכט גאַנץ טיעפע בעמערקונגען. איך האָב איהר געגעבּען צו פיהלען דורך זעהר אַ פערוויקעלטער פראַזע, אַז זי איז מיר שוין לאַנג זעהר געפעלען. זי האָט אַנגעבויגט דאָס קעפּעל און האָט זיך לייכט צוצוויקט.

—אַ מאָדנער מענש זענט איהר!—האָט זי דערנאָך געזאָגט און, אויפגעהויבּען איהרע סאַמעטענע אויגען, האָט זי זיך עטוואָס צולאַכט.

„איך האָב מיך נישט געוואָלט בעקאַנען מיט אייך,—האָב איך ווייטער געזאָגט,—ווייל איהר זענט שטענדיג אַרומגערינגעלט דורך אַ גרויסען קרייז אַנהענגער, און איך האָב מורא, איך זאָל מיך אינגאַנצען פערלירען צווישען זיי.״

—אומזיסט שרעקט איהר זיך! זיי זענען אַלע זעהר און זעהר לאַנגווייליג...

„אַלע? שוין-זשע אַלע?״

זי האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און דערביי זיך אַזוי ווי געסטאַרעט צו דערמאָהנען עפּיס, דערנאָך האָט זי זיך פון דאָסניי פעררויטעלט און צולעצט ענדגילטיג אַרויסגעזאָגט:—אַ ל ע!

„אפילו מיין פריינד גרושניצקי!״

—איז ער אייער פריינד?—האָט זי געזאָגט און אַרויסגעוויזען אַ מין ספקות.

„יאָ.״

—ער געהט, פערשטעהט זיך, נישט אַריין אינ׳ם קרייז פון לאַנגווייליגע...

„נאָר אין דעם קרייז פון שלים-זל׳ס״,—האָב איך געזאָגט מיט געלעכטער.

—געוויס! און אייך לאַכט זיך דערפון? איך וואָלט געוואָלט, אַז איהר זאָלט זיין אויף זיין אָרט...

„נו, וואָס? איך בין אַליין געווען אַמאָל אַ יונקער, און, כלעבען, דאָס איז די סאַמע בעסטע צייט פון מיין לעבען!״

—איז ער דען געווען אַ יונקער?—האָט זי געשווינד בעזאָגט און דערנאָך צוגעגעבען:—און איך האָב געמיינט...

„וואָס האָט איהר געמיינט?״

—גאָרנישט!.. ווער איז די דאַמע?

דאָ האָט שוין דער שמועס אָנגענומען אַן׳אַנדער ריכטונג און זיך שוין מעהר נישט צוריקגעקעהרט צום פריהערדיגען.

אָט האָט מען געענדיגט די מאַזורקע און מיר האָבען זיך צושיידט. די פרויען זענען זיך צופאָהרען... איך בין אַוועק עסען אַווענדברויט און געטראָפען וזערנער׳ן.

—אַהאַ!—האָט ער געזאָגט.—זענט איהר דאָס אַזאַ וואָרטסמאַן? איהר האָט זיך נישט געוואָלט אַנדערש בעקאָנען מיט איהר, וואו איהר וועט זי פריהער נישט מציל-זיין פון טויט.

„איך האָב געטהאָן בעסער,—האָב איך איהם געענטפערט—איך האָב זי געראַטעוועט פון חלשות אויפ׳ן באַל.״

—ווי אַזוי? דערצעהלט!

„ניין, שטויסט זיך אָן! אָ, איהר, וואָס איהר שטויסט זיך אָן וועגען אַלץ אין דער וועלט!״

---

30-טער מאַי.

אַרום זיבען אַ זייגער אין אָוונעד האָב איך שפּאַצירט איבער׳ן בולוואַר. גרושניצקי האָט מיך דערזעהן פון ווייטען און איז צוגעגאַנגען צו מיר. אַ מין קאָמישער עקסטאַז האָט אַרויסגעלויכטען פון זיינע אויגען. ער האָט מיר פעסט געדריקט די האַנד און געזאָגט מיט אַ טראַגישען קול:

—איך דאַנק דיר, פעטשאָרין... דו פערשטעהסט מיך?

„ניין. אָבער קיין דאַנקבאַרקייט בין איך יעדענפאַלס נישט ווערט", — האָב איך געענטפערט, ווייל איך האָב אויפ'ן געוויסען באמת נישט געהאַט קיין שום טאַט, וואָס זאָל ווערט זיין בע־דאַנקט צו ווערען.

—ווי? און נעכטען? האָסטו דען פערגעסען? מערי האָט מיר אַלץ דערצעהלט...

„נו, איז וואָס? אַלץ געהערט שוין היינט צו אייך ביידען? אפילו דאַנקבאַרקייט?

—הער-נאָר, — האָט גרושניצקי זעהר ערנסט געזאָגט. — איך בעט דיך, וויצעל זיך נישט איבער מיין ליעבע, אויב דו ווילסט בלייבען מיין פריינד. זעהסט דאָך: איך האָב זי ליעב ביז משוגעת... און איך רעכען, איך פערהאָף, אַז זי האָט מיך אויך ליעב... איך האָב צו דיר אַ בקשה. דו וועסט היינט אין אָוועגד זיין ביי זיי. זאָגט מיר צו, אַז דו וועסט אַלץ בעמערקען: איך ווייס, אַז דו ביזט פראַקטיש אין אַזוינע ענינים, דו קאָנסט בע־סער פון מיר פרויען... פרויען! פרויען! ווער קאָן זיי פער־שטעהן! זייערע שמייכלען זענען סותר די בליקען, זייערע ווער־טער זאָגען-צו און ציהען, אָבער דער קלאַנג פון זייער קול שטויסט-אָב... דאָ בעגרייפען זיי אין אַ מינוט דעם סאַמע פערבאָרגענסטען געדאַנק אייערן און דאָ פערשטעהען זיי נישט דעם קלאָרסטען רמז... נו, אָט אַ שטייגער, די פירשטין: נעכטען האָבען איהרע בליקען געפלאַמט מיט ליידענשאַפט און זי האָט נאָר אויף מיר געקוקט, היינט זענען זיי שטאַר און קאַלט...

„דאָס קאָן אפשר זיין צוליעב דער ווירקונג פון וואַסער," — האָב איך געענטפערט.

—דו זעהסט נאָר אין אַלץ די שלעכטע זייט... מאַטעריאַ־ליסט! — האָט ער צוגעגעבען מיט פעראַכטונג. — איבעריגענס, לאָמיר איבערטוישען די מאַטעריע. — און, צופרידען מיט דעם שלעכטען קאַלאַמבור, איז ער פרעהליכער געוואָרען.

אַ זייגער נייען זענען מיר צוזאַמען אַוועק צו דער פירשטין. פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי ווערעאַס הויז, האָב איך זי דער־

זעהן ביים פענסטער. מיר האָבען איינאַנדער שנעל אָנגעקוקט. באַלד נאָך אונז איז זי געקומען אין גאַסטצימער פון די ליגאָווסקיס. די פירשטין האָט מיך פאָרגעשטעלט איהר, ווי איהרער אַ קרובה. מען האָט געטרונקען טיי. געסט זענען געווען אַ סך; דער געשפרעך איז געווען אַנ׳אַלגעמיינער. איך האָב מיך געסטאַרעט צו געפעלען דער עלטערער פירשטין, געזאָגט וויצען און זי עטליכע מאָל געצוואונגען צו לאַכען פון גאַנצען האַרצען. דער יונגער פירשטין האָט זיך אויך עטליכע מאָל געוואָלט רעכט פונאַנדערלאַכען, אָבער זי האָט זיך איינגעהאַלטען: זי האָט נישט געוואָלט אַרויסגעהן פון דער אָנגענומענער ראָל. זי האַלט, אַז אַנ׳ערנסט-זיסע מינע פּאַסט איהר צום געזיכט, און מעגליך, אַז זי איז זיך נישט טועה. גרושניצקי איז, דאַכט זיך, זעהר צופרידען, וואָס מיין פרעהליכקייט שטעקט זי נישט אָן.

נאָכ׳ן טיי געהען אַלע איבער אין זאַל.

„ביזטו צופרידען מיט מיין געהאָרזאַמקייט, ווערא?“—האָב איך געזאָגט, פאַרבייגעהענדיג פאַרביי איהר.

זי האָט מיר צוגעוואָרפען אַ בליק, פול ליעבע און דאַנקבאַרקייט. איך בין געוועהנט צו אַזוינע בליקען. אָבער אַמאָל זענען זיי געווען מיין איינציגער תענוג. די פירשטין האָט אַוועקגעזעצט איהר טאָכטער פאַר׳ן קלאַוויר. אַלע האָבען געבעטען, זי זאָל עפּיס זינגען—איך האָב געשוויגען, און, בענוצענדיג זיך מיט דער מהומה, בין איך צוגעגאַנגען מיט ווערא׳ן צום פענסטער. זי האָט מיר געוואָלט זאָגען עפּיס זעהר וויכטיגעס פאַר אונזביידען, אָבער אַרויסגעקומען איז אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט...

די יונגע פירשטין האָט אָבער געהאַט פערדרוס פון מיין גלייכגילטיגקייט: איך האָב עס פערשטאַנען פון איהר שאַרפען גלאַנציגען בליק. אָ, איך פערשטעה אויסגעצייכענט דעמדאָזיגען שטומען, אָבער אויסדרוקפולען, קורצען, אָבער שטאַרקען אויגען-געשפרעך!..

זי האָט אָנגעהויבען זינגען: נישט קיין שלעכט שטימעלע, אָבער זינגען זינגט זי שלעכט... דערפאַר אָבער האָט גרושניצקי, וואָס איז געזעסען אַנגעשפּאַרט מיט די עלענבויגענס אַן

קלאַוויר, זי געגעסען מיט די אויגען און ווײַלעווייז שטיל אַרויס-געזאָגט: „אויסגעצייכענט, וואונדערליך!"

—הער!—האָט וועראַ געזאָגט.—איך וואָלט נישט געוואָלט דו זאָלסט זיך בעקאָנען מיט מיין מאַן, אָבער דו מוזט דורכאויס געפעלען ווערען דער אַלטער פירשטין. די איז דאָס לייכט: דו קאָנסט אַלץ, וואָס דו ווילסט נאָר. דאָ וועלען מיר זיך בלויז זעהן,

„בלויז?.."

זי איז רויט געוואָרען און ווייטער געזאָגט: דו ווייסט, אַז איך בין דיין שקלאַפין. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקאָנט װעהרען מיט דיר... און איך וועל דערפאַר בעשטראָפט ווערען: וועסט מיך אויפהערען צו ליעבען. וויל איך כאָטש אָבהיטען מיין רעפוטאַציע... נישט פאַר זיך: דו ווייסט עס זעהר גוט!.. אָ, איך בעט דיך, מאַטער מיך נישט, ווי פריהער, מיט נאַרישע ספקות און געמאַכטער קאַלטקייט. איך וועל אפשר באַלד שטאַרבען, וואָרום איך פיהל, אַז איך ווער שוואַכער פון טאָג צו טאָג... און דאָך קאָן איך נישט טראַכטען וואָס מיט מיר וועט זיין שפּע-טער,—איך טראַכט נאָר פון דיר... איהר, מענער, פערשטעהט נישט דעם רייץ פון אַ בליק, פון דריקען אַ האַנד... און איך, שווער איך דיר, הער מיך צו צו דיין קול און פיהל דערביי אַזאַ שטאַרקען תענוג, וואָס אפילו די סאַמע הייסעסטע קושען וואָלטען עס מיר נישט געקאָנט געבען.

פירשטין מערי האָט דערווייל אויפגעהערט צו זינגען. אַ גערויש פון שבחים האָט זיך גענומען טראָגען אַרום איהר. איך בין צוגעגאַנגען דער לעצטער און געזאָגט עפּיס וועגען איהר קול גאַנץ גלייכגילטיג.

זי האָט געמאַכט אַ תנועה'לע, אַרויסגערוקט די אונטערשטע ליפּ און זיך זעהר קאָמיש אַנידערגעזעצט.

—מיר שמייכעלט עס בעזונדער,—האָט זי געזאָגט,—וויל איהר האָט מיך נישט געהערט. נאָר איהר האָט אפשר נישט ליעב מוזיק?..

„פערקעהרט... איבערהויפּט נאָך מיטאָג."

—גרושניצקי איז געדעכט: ער זאָגט, אַז איהר האָט סאַמע פּראָזאַאישע געשמאַקען... און איך זעה, אַז איהר האָט ליעב מו־זיק אין גאַסטראָנאָמישען זין.

„איהר האָט ווידער אַ טעות: איך בין גאָרנישט קיין גאַ־סטראָנאָם. איך האָב זעהר אַ צרה׳דיגען מאָגען. אָבער מוזיק שלע־פערט - איין נאָך מיטאָג, און שלאָפען נאָך מיטאָג איז געזונד. הייסט עס, איך האָב ליעב מוזיק אין מעדיצינישען זין. פערד־קעהרט, אין אָוועגד רעגט זי צופיעל אויף מיינע נערווען: עס ווערט מיר אָדער צו-טרויעריג, אָדער צו-פרעהליך. סיי דאָס, סיי יענץ מאַטערן-איין, ווען עס איז נישטאָ קיין אמת׳ע סבה צו טרויערן אָדער צו פרעהען זיך; דערביי איז טרויער אין אַ גע־זעלשאַפט לעכערליך און אַ צו-שטאַרקע פרעהליכקייט—נישט אָנ־שטענדיג...״

זי האָט מיך נישט געהערט, אַוועק פון מיר און זיך אָני־דערגעזעצט נעבען גרושניצקי׳ן, און צווישען זיי האָט זיך אָנגע־הויבען עפּיס אַ סענטימענטאַלער שמועס: דאַכט זיך, אַז די פּיר־שטין האָט געענטפערט אויף זיינע שכל׳דיגע פראַזען גאַנץ צו־זייהט און נישט געלונגען, הגם זי האָט זיך געסטאַרעט צו בע־ווייזען, אַז זי הערט איהם אויפמערקזאַם, וואָרום ער האָט טייל־מאָל געקוקט אויף איהר מיט פערוואונדערונג און זיך געסטאַרעט צו פערשטעהן די סבה פון דער אינערליכער אויפרעגונג, וואָס האָט זיך עפּטער געזעהן אין איהר אונרוהיגען בליק...

אָבער איך האָב אייך פערשטאַנען, ליעבע פּירשטין, היט זיך! איהר ווילט מיר בעצאָהלען מיט דער אייגענער מטבע. איהר ווילט אַ שטאָך טהאָן מיין אייגענליעבע—דאָס וועט אייך אָבער נישט געלינגען! און אויב איהר וועט מיר יאָ דערקלערן קריעג, וועל איך זיין אונדערבאַרמליך.

פאַר דער צייט פון אָוועגד האָב איך מיך עטליכע מאָל געסטאַרעט אַריינצומישען אין זייער שמועס, אָבער זי האָט גאַנץ טרוקען בעגעגענט מיינע בעמערקונגען, און מיט כלומר׳שטען פערדרוס האָב איך מיך, צולעצט, דערווייטערט פון זיי. די פּיר־שטין האָט געפייערט אַ נצחון. גרושניצקי אויך. פרעהט זיך, מיינע

פריינד, אָבער איילט זיך... נישט לאַנג וועט איהר זיך פרעהען!.. ווי וועט עס זיין? איך האָב אַ פאָרגעפיהל... אַז איך בעקאָן מיך מיט אַ פרוי, טרעף איך שטענדיג ריכטיג, צי זי וועט מיך ליעבען אָדער נישט...

די איבעריגע צייט האָב איך פערבראַכט נעבען ווערא׳ן און זיך ביז׳ן האַלז אָנגערעדט פאַר אַלע צייטען... איך ווייס, כלעבען, נישט, פאַרוואָס זי האָט מיך ליעב! בפרט נאָך, אַז דאָס איז די איינציגע פרוי, וואָס האָט מיך אינגאַנצען פערשטאַנען מיט אַלע מיינע קליינישקע שוואַכקייטען און מאוס׳ע ליידענשאַפטען... שוין-זשע איז דאָס שלעכטע אַזוי רייצענדיג?

מיר זענען אַוועק צוזאַמען מיט גרושניצקי׳ן. און דרויסען האָט ער מיך גענומען אונטער׳ן אָרעם און נאָך אַ לאַנגען שווייגען געזאָגט:

—נו, וואָס?

„דו ביזט אַ נאַר”,—האָב איך איהם געוואָלט ענטפערן, אָבער איך האָב מיך איינגעהאַלטען און בלויז אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען.

---

6-טער מאַי.

אין די אַלע טעג בין איך אויף קיין איין מאָל נישט אָבגעטראָטען פון מיין סיסטעם. דער פירשטין האָט אָנגעהויבען געפעלען צו ווערען מיין אַרט ריידען. איך האָב איהר דערצעהלט מאַנכע אויסטערלישע צופאַלען פון מיין לעבען און זי הויבט-אָן זעהן אין מיר אַן׳אונגעוועהנליכען מענשען. איך לאַך פון אַלץ אין דער וועלט, איבערהויפט פון געפיהלען און דאָס שרעקט זי עטוואָס. פאַר מיר בעוועגט זי זיך נישט אַריינצולאָזען זיך מיט גרושניצקי׳ן אין סענטימענטאַלע וכּוחים און עטליכע מאָל האָט זי שוין געענטפערט אויף זיינע מעשים מיט אַ חוזק-שמייכעלע. אָבער יעדעס מאָל, בשעת גרושניצקי געהט-אונטער צו איהר, מאַך איך מיך כלומרשט זעהר שטיל און ערנסט און לאַז זיי איבער זאַל-

בענאַנד. דאָס ערשטע מאָל איז זי געווען צופרידען דערמיט אָדער זי האָט זיך געסטאַרעט אַזוי אויסצעווייזען; דאָס צווייטע מאָל איז זי אויפגעבראַכט געוואָרען אויף מיר; דאָס דריטע מאָל אָבער איז זי שוין אין כעס געווען אויף גרושניצקי'ן.

—איהר האָט זעהר וועניג אייגענליעבע!—האָט זי מיר נעכ־טען געזאָגט.—פאַרוואָס מיינט איהר, אַז מיר איז פרעהליכער מיט גרושניצקי'ן?

איך האָב איהר געענטפערט, אַז פאַר'ן גליק פון מיין פריינד אָפפער איך מיין פערגעניגען...

—און מיינס,—האָט זי צוגעגעבען.

איך האָב זי שאַרף אָנגעקוקט און געמאַכט אַן ערנסטע מי־נע. דערנאָך האָב איך אַ גאַנצען טאָג קיין שום וואָרט נישט אויסגערעדט מיט איהר. אין אָווענד איז זי געווען פערטראַכט, און היינט אינדערפריה ביים ברונים—נאָך פערטראַכטער. אַז איך בין צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זי אַ צווייהטע געהערט, וואָס גרו־שניצקי רעדט; דאַכט זיך, אַז ער האָט געכאַפט התפעלות פון דער נאַטור. אָבער באַלד ווי זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי אָנ־געהויבען לאַכען (און זעהר נישט אין אַ פאַסענדיגען אָרט), בע־ווייזענדיג דערמיט, אַז זי בעמערקט מיך נישט. בין איך אַוועק ווייטער און הינטעראַרום זי נאָכגעקוקט: זי האָט זיך אָבגעקעהרט פון גרושניצקי'ן און אַ פאָר מאָל אַ געגעץ געטהאָן. גרושניצקי איז איהר לחלוטין דערעסען געוואָרען. נאָך אַ פאָר טעג וועל איך מיט איהר נישט ריידען.

---

11-טער יוני.

עפטער שטעל איך מיר די פראַגע, צו וואָס וויל איך אַזוי פער'עקשנ'ט געווינען די ליעבע פון אַ יונג מיידעלע, וואָס פער־פיהרען זי וויל איך נישט און חתונה-האָבען מיט איהר וועל איך אויך קיינמאָל נישט? צו וואָס דידאָזיגע פרויען-קאָקעטעריע? וועראַ האָט מיך ליעבער, איידער די פירשטין. מערי וועט ערשט ווען-עס-איז ליעב האָבען. ווען זי וואָלט אויסגעוויזען ווי אַ שענ־

הייט, וואָס איז נישט צום בעזיעגען, דעמאָלט וואָלט מיך אפשר געווייַלט די שווייריגקייט פון דער אונטערנעהמונג...

אָבער דאָס הויבט זיך גאָרנישט אָן! הייסט עס, אַז דאָס איז נישט יענע אונרוהיגע בעדערפניש צו ליעבען, וואָס פייניגט אונז אַזוי אין דער יוגענד, וואָס וואַרפט אונז פון איין פרוי צו אַ צווייטער, ביז מיר געפינען יענע, וואָס קאָן אונז פאַר די אויגען נישט זעהן: דאָ הויבט זיך אָן אונזער בעשטענדיגקייט—די אמת'ע אונענדליכע ליידענשאַפט, וואָס קאָן מאַטעמאַטיש אויסגעדריקט ווערען דורך אַ ליניע, וועלכע פאַלט פון אַ פונקט אין שטח אַריין. דער סוד פון דערדאָזיגער אונענדליכער בעשטענדיגקייט ליעגט בלויז דערין, וואָס מען קאָן נישט דערגרייכען דאָס ציעל, דאָס הייסט דעם סוף.

צוליעב וואָס טאַנץ איך דאָ אַרום? צוליעב קנאה צו גרושניצקי'ן? בידנער! ער האָט עס גאָרנישט פערדיענט! אָדער דאָס איז אפשר אַ רעזולטאַט פון יענעם מאוס'ען, אָבער אונבעזיעגבאַרען געפיהל, וואָס צווינגט אונז צו טויטען די זיסע חלומות פון דעם נאָהנטען, אַבי צו האָבען דאָס קליינליכע פערגעניגען און צו ענטפערן איהם, ווען ער ווערט אייך אין גרויס יאוש פרעגען, אין וואָס זאָל ער גלויבען:

—מיין פריינד, מיט מיר איז אויך געווען דאָס אייגענע, אָבער דו זעהסט דאָך, איך עס מיטאָג, אָוועגדבריט און שלאָף גאַנץ רוהיג, און איך פערהאָף, אַז איך וועל קאָנען שטאַרבען אָהן געשרייען און טרעהרען!

אָבער פאַרהאַן אַנ'אונגעהויער פערגניגען אין בעהערשען אַ יונגע נשמה, וואָס האָט זיך ערשט צובליהט. זי איז ווי אַ בלימעל, וואָס זיין אַראָמאַט ווערט אויסגעדאַמפט אַנטקעגען דעם ערשטען זון-שטראַהל. אין דערדאָזיגער מינוט בעדאַרף מען אויסרייסען דאָס בלימעל און, זיך גוט אָנגעאָטעמט מיט איהם, אַוועקוואַרפען עס אויפ'ן וועג: אפשר וועט נאָך עמיצער אויפהויבען! איך שפיר אין זיך דידאָזיגע אונגעזעטיגטע דורשטיגקייט, וועלכע שלינגט-איין אַלץ, וואָס עס קומט אויפ'ן וועג. איך קוק אויף פרייד און צער פון אַנדערע נאָר אין בעצוג צו מיר, איך קוק דערויף, ווי אויף שפייז, וואָס

דערהאַלט מיינע גייסטיגע קרעפטען. אַליין בין איך נישט מעהר פעהיג אַרויסצוזעהן פון די כּלים אונטער דער ווירקונג פון ליידענשאַפט. די אומשטענדען האָבּען דערשטיקט אין מיר די גאוה, אָבער זי ווייזט זיך דאָך אַרויס אין אַנדער פאָרם, וואָרום גאוה איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי דורשט צו געוועלטיגען — און מיין גרעסטער תענוג איז: אונטערוואַרפען מיין ווילען דאָס אַלץ, וואָס רינגעלט מיך אַרום. אַרויסרופען צו זיך אַ געפיהל פון ליעבע, טרייהייט און שרעק—איז עס אפשר נישט דער ערשטער צייכען און דער גרעסטער נצחון פון מאַכט? זיין פאַר אַנדערע אַ סבה פון לייד און פרייד און נישט האָבּען דערביי קיין שום רעכט דערויף—איז עס אפשר נישט די סאַמע זיסטע נעהרונג פאַר אונזער שטאָלץ? און וואָס איז אַזוינס גליק? בעזעטיגטער שטאָלץ. ווען איך וואָלט זיך געקאָנט האַלטען פאַר בעסער און מעכטיגער פון אַלע מענשען אויף דער וועלט, וואָלט איך געווען גליקליך. ווען אַלע וואָלטען מיך ליעב געהאַט, וואָלט איך געפונען אין זיך אונענדליכע קוואַלען פון ליעבע. שלעכטס פיהרט צו שלעכטס. דער ערשטער וועהטאָג גיט דעם בעגריף פון דעם, אַז עס איז אָנגענעהם צו פייניגען אַ צווייטען; די אידעע פון שלעכטס קאָן נישט קומען צו אַ מענשען אין קאָפּ אַריין אָהן דעם, ער זאָל זי נישט וועלען צופאַסען צו דער ווירקליכקייט: אידעען זענען אָרגאַנישע ברואים, הגם עמיץ זאָגט—זייער קומען אויף דער וועלט גיט זיי שוין אויף אַ פאָרם, און אָט די פאָרם איז די טאַט. דער, אין וועמעס קאָפּ עס ווערען געבוירען מעהר אידעען, ווירקט מעהר פון אַנדערע. און טאַקי דעריבּער בעדאַרף דער געניע, וואָס איז צוגעשמידט צו זיין אַמט-טישעל, אַוועקשטאַרבּען אָדער אַראָבּ פון זינען, פונקט דאָס אייגענע, ווי דער מענש מיט אַ פעסטען קערפּערבוי מוז אַוועקשטאַרבּען פון אַפּאָפּלעקסיע ביי אַ פערגליווערטען לעבּען און ביי אַ בעשיידענער אויפפיהרונג.

ליידענשאַפטען זענען נישט עפּיס אַנדערש, ווי אידעען אין זייער ערשטער ענטוויקלונג: זיי געהערען דעם יונגען האַרץ, און אַ נאַר איז יענער, וואָס מיינט, אַז מען קאָן אַ גאַנץ לעבּען זיך

צאַפּלען מיט זיי. פיעל טייכען הויבען זיך אָן מיט רוישיגע וואַסערפאַלען, אָבער קיין איינער פון זיי שפּרינגט נישט און שוימט נישט ביז׳ן סאַמע ים. אָבער דידאָזיגע רוהיגקייט איז טיילמאָל אַ צייכען פון אַ גרויסען, נאָר אַ פערבאָרגענעם כח. פולע, טיעפע געפיהלען דערלאָזען נישט צו ווילדע אויסברוכען: די נשמה, ביי לייד און פרייד, גיט זיך אין אַלץ אָב אַ שטרענגען דין-וחשבון און איבערצייגט זיך דערין, אַז אַזוי בעדאַרף צו זיין, די נשמה ווייס, אַז אָהן געוויטערס וועט די שטענדיגע היץ פון דער זון זי אויסטריקענען; זי דרינגט זיך דורך מיט׳ן אייגענעם לעבען, זי צערטעלט און בעשטראָפט זיך, ווי אַ הייסגעליעבט קינד. נאָר אין אָט דעם הויכען צושטאַנד פון אַליינדערקערקענונג איז אַ מענש ביוכלת אָבצושאַצען גאָטס משפט.

איבערגעלייענט דאָסדאָזיגע זייטעל, האָב איך דערזעהן, אַז איך האָב מיך שטאַרק דערווייטערט פון מיין ענין... אָבער וואָס מאַכט עס אויס?.. דידאָזיגע בלעטלעך שרייב איך דאָך פאַר זיך אליין און דעריבער וועט דאָס אַלץ, וואָס איך נעהם אַהער אַריין, מיט דער צייט זיין פאַר מיר אַ טייערע ערינערונג.

. . . . . . . . . . . . . . . .

געקומען גרושניצקי און זיך געוואָרפען מיר אויפ׳ן האַלז— ער איז געוואָרען אַנ׳אָפיציר. מיר האָבען געטרונקען שאַמפּאַניער. דאָקטאָר ווערנער איז געקומען באַלד נאָך איהם.

—איך וועל אייך קיין מזל-טוב נישט אָבגעבען,—האָט ער געזאָגט צו גרושניצקי׳ן.

—פאַרוואָס?

—דערפאַר, וואָס דער זעלנערישער שינעל האָט אייך זעהר געפּאַסט. זענט זיך מודה, אַז דער אַרמעאישער פעכאָטנער שינעל, גענייהט דאָ אויפ׳ן וואַסער, וועט אייך קיין שום אינטערעסאַנטעס נישט צוגעבען... זעהט איהר, ביז אַהער זענט איהר געווען אַנ׳אויסנאַהם, איצט פאַלט איהר אַרונטער אונטער׳ן כלל.

—רעדט, רעדט, דאָקטאָר! איהר וועט מיר אָבער נישט שטערען זיך צו פרעהען. ער ווייס נישט,—האָט ער מיר געזאָגט אויפ׳ן אויער,—וויפיעל האָפנונגען האָבען מיר צוגעגעבען דידאָ-

זיגע עפּאָלעטען... אָ, עפּאָלעטען, עפּאָלעטען!.. אייערע שטערענ-דלעך זענען וועגווייזערישע שטערענדלעך... ניין, איצט בין איך פּאָלקאָם גליקליך.

„וועסטו מאַכען מיט אונז אַ שפּאַציר צו דער גרוב?" האָב איך איהם געפרעגט.

—איך? איך וועל מיך בשום אופן נישט ווייזען דער פיר-שטין, ביז וואַנען עס וועט נישט זיין פאַרטיג דער מונדיר.

„ווילסטו אפשר איך זאָל איהר אויסזאָגען פון דיין שמחה?"

—ניין, איך בעט דיך, רייד גאָרנישט... איך וויל זי אי-בערראַשען...

„זאָג מיר דאָך, ווי שטעהען דיינע ענינים מיט איהר?"

ער איז געבליבען פערלעגען און זיך פערטראַכט. ער האָט זיך געוואָלט בעריהמען, זאָגען אַ ליגען, נאָר עס איז עפּיס געווען שווער, און דעם אמת איז אויך געווען שווער צו זאָגען.

„ווי מיינסטו, זי האָט דיך ליעב?"

—צי האָט זי ליעב? דערבאַרם זיך, פּעטשאָרין, וואָס פאַר אַ בעגריפען האָסטו? ווי קאָן מען דאָס אַזוי שנעל?.. און אויב זי ליעבט אפילו, וועט עס דאָך אָבער אַנ'אָנשטענדיגע פרוי נישט זאָגען.

„גוט! אָבער דו האַלסט, אַז אַנ'אָנשטענדיגער מענש בע-דאַרף מסתמא אויך שווייגען וועגען זיין ליידענשאַפט?..

—עך, ברודערל! אַלץ האָט זיין מאַניר. אַ סך זאַכען ווע-רען נישט גערעדט, נאָר זיי ווערען פערשטאַנען...

„דאָס איז אַנ'אמת... אָבער די ליעבע, וואָס מיר לייענען-אַרויס פון די אויגען, פערפּליכטעט גישט דער פרוי, בשעת ווער-טער... היט זיך, גרושניצקי, זי וועט דיר אָנפייפען..."

—זי?—האָט ער געזאָגט און אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל מיט אַ צופרידענעם שמייכעל.—איך בעדויער דיך, פּע-טשאָרין!..

ער איז אַוועק.

ביינאַכט איז אַ גרויסע געזעלשאַפט אַוועק צו דער ערד-

לויט דער מיינונג פון די היעגע געלעהרטע איז די ערדגרוב נישט מעהר ווי אַ פערלאָשענער קראַטער, וואָס געפינט זיך אויף דער משופּע׳דיגקייט פון מאַשוק, ביי אַ ווייאָרסט פון דער שטאָדט. קלעטערענדיג אויפ׳ן באַרג, האָב איך דערלאַנגט די האַנד דער פירשטין און זי האָט זי נישט אָבגעלאָזט פאַר דער גאַנצער צייט פונ׳ם שפּאַציר.

דער שמועס אונזערער האָט זיך אָנגעהויבען פון בעריידען מענשען. איך האָב גענומען צולעגען אויף טעלערלעך אונזערע בעקאַנטע, וואָס זענען געוועזן און וואָס האָבען געפעהלט; פון אָנהויב האָב איך אָנגעוויזען אויף זייערע לעכערליכע זייטען און דערנאָך אויף די מאוס׳ע. אין מיר האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט די גאַל. איך האָב אָנגעהויבען מיט שפּאַס און געענדיגט מיט אמת׳ער פערביטערונג. לכתחילה האָט עס זי געוויילט, דערנאָך געשראָקען.

—איהר זענט אַ געפעהרליכער מענש!—האָט זי געזאָגט.— איך וואָלט גערנער געוואָלט אַרויספאַלען אויפ׳ן מעסער פון אַ וואַלד-גזלן, איידער צו אייך אויף דער צונג... איך בעט אייך אָהן שפּאַס: אַז אייך וועט איינפאַלען צו ריידען וועגען מיר שלעכט, טאָ נעהמט בעסער אַ מעסער און שעכט מיך. איך מיין, אַז עס איז נישט זעהר שווער.

„בין איך דען עהנליך צו אַ גזלן?״

—איהר זענט ערגער...

אויף אַ מינוט האָב איך מיך פערטראַכט און דערנאָך געזאָגט, מאַכענדיג אַנ׳ערנסטע מינע:

„יאָ, דאָס איז געוועזן דער גורל פון מיין קינדהייט-אָן! אַלע האָבען אַרויסגעלייענט אויף מיין געזיכט שטריכען פון שלעכטע אייגענשאַפטען, וואָס איך האָב גאָרנישט געהאַט אין זיך. אָבער מען האָט גערעכענט, אַז זיי זענען דאָ—און זיי זענען געקומען. איך בין געוועזן בעשיידען, האָט מען מיך בעשולדיגט אין מאַכען אָנשטעלעגישען: האָב איך אויפגעהערט צו זיין אָפענהערציג; איך האָב טיעף געשפּירט גוטס און שלעכטס; קיינער האָט מיך נישט געצערטעלט, אַלע האָבען מיך בעליידיגט, הא

איך אָנגעהויבען צו געדענקען דאָס שלעכטע, וואָס מען האָט מיר געטהאָן. איך בין געווען בייז, אַנדערע קינדער זענען פרעהליך און ריידעוודיג. איך האָב מיך געפיהלט העכער פון זיי, האָט מען מיך געשטעלט נידעריגער; בין איך געוואָרען אַ בעל-קנאה. איך בין געווען גרייט ליעב צו האָבען די גאַנצע וועלט, האָט מיך קיינער נישט פערשטאַנען, און איך האָב מיך אויסגעלערנט פיינט צו האָבען. מיין פאַרבלאָזע יוגענד איז אַדורכגעגאַנגען אין אַ קאַמף מיט זיך און דער וועלט. איך האָב מיך געשראָקען פאַר חוזק און האָב טיעף ביי זיך אין האַרצען בעגראָבען מיינע בע-סטע געפיהלען: זיי זענען דאָרט אויסגעשטאָרבען. איך האָב גערעדט דעם אמת, האָט מען מיר נישט געגלויבט. האָב איך אָנגעהויבען לייגען. דערקאָנט גוט די וועלט און די שרייפעלעך פון דער געזעלשאַפט, בין איך געוואָרען שטאַרק געשיקט אין דער קונסט פון לעבען; אָבער איך האָב געזעהן, ווי אַנדערע זענען גליקליך אָהן דערדאָזיגער קונסט און זיי בענוצען זיך מיט יענע בעקוועמליכקייטען, איבער וועלכע איך האָב מיך אַזוי שטאַרק געמיהט. און דעמאָלט איז געקומען די פערצווייפלונג — נישט יענע פערצווייפלונג, וואָס ווערט געהיילט דורכ'ן שאָס פון אַ פיסטאָלעט, נאָר די קאַלטע מאַכטלאָזע פערצווייפלונג, וואָס איז בעדעקט מיט העפליכקייט און גוטמוטיגען שמייכעל. איך בין געוואָרען אַ גייסטיגער קאַליקע. אַ העלפט פון מיין נשמה האָט נישט עקזיסטירט; זי איז אויסגעטריקענט געוואָרען, זיך אויסגעדאַמפט, געשטאָרבען, איך האָב זי אָפּגעשניטען און אַוועקגעוואָרפען — און אין דער אייגענער צייט האָט זיך די צווייטע העלפט בעוועגט און געלעבט לטובת אַנדערע, און דאָס האָט אויך קיינער נישט בעמערקט, ווייל קיינער האָט נישט געוואוסט פון איהר טויטער העלפט. אָבער איהר האָט איצט דערוועקט אין מיר די ערינערונגען וועגען איהר און איך האָב אייך איבערגעלייענט איהר עפּיטאַפּיע. אַ סך מענשען ווייזען בכלל אויס לעכערליך אַלע עפּיטאַפּיעס, אָבער מיר נישט. בעזונדערס ווען איך דערמאָהן מיך וועגען דעם, וואָס עס רוהט אונטער זיי. איבעריגענס, בעט איך אייך גאַרנישט, איהר זאָלט איינשטימען מיט מיר: אויב מיי-

נע ווערסער ווייזען אייך אויס לעכערליך, טאָ לאַכט, איך בעט אייך. אָבער איך בין אייך מתרה, אַז דאָס וועט מיך גאָר ווע-ניג קימערן.

אין דער אייגענער מינוט האָבען זיך מיינע אויגען אָנגע-טראָפען מיט איהרע: זיי זענען פערלאָפען געוואָרען מיט טרעה-רען; איהר האַנד, אָנגעלעהנט אָן מיינע, האָט געציטערט; די באַקען האָבען געפלאַמט: עס האָט איהר באַנג געטהאָן אויף מיר! דאָס געפיהל פון מיטלייד—אַ זאַך, וואָס אַלע פרויען גיבען זיך איהר לייכט אונטער—האָט אַריינגעלאָזט זיינע נעגעל אין איהר נישט-דערפאַהרען האַרץ. פאַר דער גאַנצער צייט פון'ם שפּאַציר איז זי געווען צוזייהט און מיט קיינעם נישט קאָקעטירט—און דאָס איז זעהר אַ וויכטיגער סימן!

מיר זענען געקומען צו דער ערד-גרוב; די דאַמען האָבען איבערגעלאָזט זייערע קאַוואַלערן, אָבער זי האָט נישט אָבגעלאָזט מיין האַנד. די וויצען פון די היגע פראַנטען האָבען זי נישט געוויילט. דער משופע'דיגער ברעג פון'ם תהום, ביי העלכען זי איז געשטאַנען, האָט זי נישט געשראָקען, אָבער אַנדערע פריי-ליינס האָבען געקוויטשעט און פערמאַכט די אויגען.

צוריקוועגס האָב איך נישט בענייט דעם טרויעריגען גע-שפּרעך, אָבער אויף מיינע פוסטע פראַגען און וויצלעך האָט זי געענטפערט קורץ און צוזייהט.

„האָט איהר געליעבט?"—האָב איך זי, צולעצט, געפרעגט.

זי האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט, אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און זיך ווידער פערטראַכט: געווען קלאָר, אַז זי האָט גע-וואָלט עפּיס זאָגען און נישט געוואוסט פון וואַנען אָנצוהויבען. איהר ברוסט האָט זיך שטאַרק בעוועגט... ווי זאָל אַנדערש זיין! דער דורכזיכטיגער אַקסעל איז אַ קנאַפּע שוץ, און אַנ'עלעקטרי-שער פונק איז דורכגעלאָפען פון מיין האַנד צו איהרער. כמעט אַלע ליידענשאַפטען הויבען זיך אָן אַזוי, און טיילמאָל נאַרען מיר זיך גופא, מיינענדיג, אַז די פרוי האָט אונז ליעב צוליעב אונזערע פיזישע אָדער מאָראַלישע מעלות. נאַטירליך, זיי גריי-טען-צו, מאַכען פעהיג איהר האַרץ אויפצונעהמען דאָס הייליגע

ייער, אָבער פונדעסטוועגען ווערט די זאַך בעשלאָסען דורך דער ערשטער אָנריהרונג.

—נישט וואָהר? איך בין היינט געווען זעהר העפליך?—האָט די פירשטין געזאָגט מיט אַ געצוואונגענעם שמייכעל, בשעת מיר האָבען זיך צוריקגעקעהרט פונ׳ם שפּאַציר.

מיר האָבען זיך צושיידט.

זי איז נישט צופרידען מיט זיך; זי בעשולדיגט זיך אין קאַלטקייט... אָ, דאָס איז דער ערשטער, היבשער נצחון! מאָרגען וועט זי מיר וועלען מהנה-זיין. איך קאָן דאָס שוין אַלץ אויס-וועניג—אָט ווי דאָס איז לאַנגווייליג.

---

12-טער יוני.

היינט האָב איך געזעהן ווערא׳ן. זי האָט מיך פערמוטשעט מיט איהר אויפעריגקייט. דער פירשטין איז, דאַכט זיך, איינגע-פאַלען צו פערטרויען איהר די אינטימע סודות איהרע: מען בע-דאַרף מודה-זיין—אַנ׳אויסגעצייכענטער אויסוואַהל!

—איך פערשטעה שוין, צו וואָס דאָס פיהרט אַלץ!—האָט ווערא געזאָגט.—זאָג מיר פשוט איצט, אַז דו האָסט זי ליעב.

„אָבער אויב איך האָב זי נישט ליעב?"

—טאָ צו וואָס בעדאַרפסטו אויפיהרען, בעאונרוהיגען דער-היצען איהר פאַנטאַזיע?... אָ, איך קאָן דיך גוט! הער-נאָר, ווילסט איך זאָל דיר גלויבען, טאָ קום אין אַ וואָך אַרום אין קיסלאָ-וואָדסק. איבערמאָרגען פאָהרען מיר אַרויס אַהין. די פירשטין וועט נאָך אויף ווייטער פערבלייבען דאָ. דינג-אָן אַ וואוינונג דערביי. מיר וועלען וואוינען אין גרויסען הויז, נעבען קוואַל, אין אַ פלי-געל; אונטען וועט וואוינען די פירשטין ליגאָווסקאַ; דערזעלבער פירט האָט דערביי אַ הויז, וואָס איז נאָך נישט פערדונגען... וועסטו קומען?..

איך האָב צוגעזאָגט—און טאַקי דעם אייגענעם טאָג אַוועק-געשיקט אָנדינגען דידאָזיגע וואוינונג.

גרושניצקי איז געקומען צו מיר זעקס אַ זייגער און אָנגע-

זאָגט די בשורה, אַז מאָרגען וועט זיין פאַרטיג דער מונדיר— אַקוראַט צום באַל.

—ענדליך וועל איך טאַנצען מיט איהר אַ גאַנצען אָווענד.... און צוגעגעבען—אָט וועל איך מיר גרינגער מאַכען עטוואָס דאָס האַרץ!

„ווען איז דער באַל?"

—מאָרגען! ווייסטו דען נישט? אַ גרויסער יום-טוב און די היעגע נאַטשאַלסטוואָ האָט גענומען אויף זיך דאָס איינאָרדנען איהם...

„קום אויפ'ן בולוואַר..."

—פאַר קיין פאַל נישט אין דעמדאָזיגען פאַסקודנעם שינעל...

„ווי, דו האָסט איהם שוין פיינט געקראָגען?.."

איך בין אַוועק אַליין, בעגעגענט די פירשטין מערי און זי איינגעלאַדען אויף מאַזורקע. זי האָט אויסגעוויזען פערוואונדערט און דערפרעהט.

—איך האָב געמיינט, אַז איהר טאַנצט געצוואונגענערהייד, ווי דעמאָלט,—האָט זי געזאָגט און זעהר ליעב געשמייכעלט...

זי בעמערקט, דאַכט זיך, גאָרנישט, אַז גרושניצקי פעהלט.

„איהר וועט מאָרגען זיין זעהר אָנגענעהם איבערראַשט", האָב איך איהר געזאָגט.

—פון וואָס?..

„דאָס איז אַ סוד... אויפ'ן באַל וועט איהר זיך אַליין אָנ־שטויסען."

איך האָב געענדיגט דעם אָווענד מיט דער פירשטין. קיין געסט זענען נישט געווען, אויסער ווערנע'ן און עפּיס זעהר אַ קאָמישען אַלטיטשקען. איך בין געווען אויפגעלעגט רון האָב אימ־פּראָוויזירט פערשידענע אונגעוועהנליכע מעשיות. די פירשטין איז געזעסען קעגען מיר און אויסגעהערט מיינע נאַרישקייטען מיט אַזויפיל [illegible]שטרענגטער און אב[illegible]ערט[illegible]יכער אויפמערקזאַמ־קייט, אַז איך האָב מיך עפּיס דערשפּירט נישט העכטיג. וואו איז אַהינגעקומען איהר ריהרעוודיגקייט, איהר קאָקעטעריע, איהרע דרייסטע תנועה'לעך, איהר קאַלטער שמייכעל און צוזייהטער בליק?

ווערא האָט עס אַלץ בעמערקט. אויף איהר קרענקליכען געזיכט האָט זיך בעוויזען אַ טיעפער אומעט. זי איז געזעסען אין שאָטען ביים פענסטער, פערזונקען אין דעם ברייטען פאָטער-שטוהל... זי האָט מיר באַנג געטהאָן.

דעמאָלט האָב איך דערצעהלט די גאַנצע דראַמאַטישע געשיכטע פון מיין בעקאַנטשאַפט מיט איהר, פון אונזער ליעבע, עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב אַלץ בעדעקט מיט אויסגעטראַכטע נעמען.

איך האָב אַזוי לעבעדיג געמאָלט מיינע צאַרטע שפּירונגען, מיינע אונרוהיגע מינוטען, מיין עקסטאַז; איך האָב אין אַזאַ מינוטען שיין אַרויסגעשטעלט איהרע מעשים, איהר כאַראַקטער, אַז זי האָט נישט-ווילענדיג בעדאַרפט מיר מוחל-זיין מיין קאָקעטירען מיט דער פירשטין.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, אַנידערגעזעצט זיך נעבען אונז, איז ריהרעוודיגער געוואָרען—און ערשט אַרום צוויי אַ זייגער ביינאַכט האָבען מיר זיך דערמאָהנט, אַז דאָקטוירים הייסען זיך לעגען שלאָפען עלף אַ זייגער.

---

13-טער יוני.

אַ האַלבע שעה פאַר'ן באַל קומט צו מיר גרושניצקי סאַמע אין רעכטען גלאַנץ פון אַרמעאישען פעכאָטנעם מונדיר. צו דעם דריטען קנעפּעל איז צוגעשפּילעט אַ בראָנזען קייטעלע, אויף וועלכען עס איז געהאָנגען אַ צווייענדיגער לאָרנעט. די משונה'דיגגרויסע עפּאָלעטען זענען געווען פערבויגט אַרויף, ווי די פליגעלעך פון אַמאָר; די שטיוועל האָבען געסקריפּעט; אין דער לינקער האַנד האָט ער געהאַלטען דאָס היטעל צוזאַמען מיט די טונקעל-ברוינע הענטשקעס פון ציגענפעל, און מיט דער רעכטער האָט ער וויילעוויין איינגעשלאָגען אין קליינע לאָקענדלעך די געקרייזעלטע פריזור. אויף זיין פנים איז געלעגען אויסגעגאָסען צופרידענקייט מיט זיך און עפּיס אַ זיכערקייט. זיין יום-טוב'דיגע אויסערליכקייט, זיין שטאָלצער טריט וואָלטען מיר געצוואונגען צו

קייכען פון געלעכטער, ווען דאָס וואָלט געשטימט מיט מיינע כוונות.

ער האָט אַ וואָרף-געטהאָן דאָס היטעל מיט די הענטשקעס אויפ׳ן טיש און גענומען איינציהען די פאַלדען, זיך שענער מאַכען פאַר׳ן שפּיגעל. דאָס שוואַרצע גרויסע טיכעל, מיט וועלכען עס איז געווען אַרומגעוויקעלט דאָס מיליטערישע האַלזטיכעל, האָט ביי אַ האַלבער צאָהל אַרויסגעשטעקט פון קאָלנער. דאָס האָט איהם אָבער אויסגעוויזען וועניג, האָט ער עס אַרויסגעשלעפּט ביז די אויערן. פון דערדאָזיגער שווערער אַרבייט איז זיין פּנים אָנגעגאָסען געוואָרען מיט בלוט, וואָרום דער קאָלנער פון זיין מונדיר איז געווען אַנ׳איינגער און האָט געדריקט.

—מען שמועסט, אַז פאַר די לעצטע טעג האָסטו שטאַרק אַרומגעטאַנצט אַרום מיין פירשטין,—האָט ער געזאָגט גאַנץ גלייכגילטיג און נישט געקוקט אויף מיר.

„ווי קומען מיר, נאַראָנים, צו טרינקען טהיי!“ האָב איך איהם געענטפערט, איבער׳חזר׳ענדיג דאָס געליעבטע שפּריכוואָרט פון איינעם, וואָס איז אַמאָליגע יאָהרען געווען פון די סאַמע געשיקטסטע לעב-יונגען און איז בעזונגען געוואָרען דורך פּושקינ׳ען.

—זאָג נאָר, זיצט גוט אויף מיר דער מונדיר?.. אַך, דער פערשאָלטענער זשיד... ווי עס שניידט אונטער די פאַכוועס... האָסטו אפשר פאַרפומען?

„און וואָס וואָלסטו נאָך געוואָלט, איך בעט דיך! פון דיר שלאָגט שוין אַזוי אויך גענוג מיט שמירעכטס...“

—ניש׳קשה, גיב נאָר אַהער...

אַ האַלב פלעשעל האָט ער זיך אויסגעגאָסען הינטער׳ן האַלזטוך, אין נאָזטיכעל, אין די אַרבעל.

—וועסטו טאַנצען?—האָט ער געפרעגט.

„איך רעכען נישט.“

„איך האָב מורא, אַז מיר וועט אויסקומען צו טאַנצען מיט דער פירשטין מאַזורקע און איך קאָן כמעט נישט קיין איין פיגור...“

„און דו האָסט זי איינגעלאַדען אויף מאַזורקע?“

—נאָך נישט...

„זעה, מען זאָל זי דיר נישט אויסכאַפּען..."

—ווירקליך,—האָט ער געזאָגט און אַ קלאַפּ געטהאָן זיך אין שטערען אַריין.—אַדיע, איך וועל געהן זי אויפוואַרטען ביי דער טהיר.

ער האָט געכאַפּט דאָס היטעל און איז אַרויסגעלאָפען.

אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך אויך אַוועק. אויף דער גאַס איז געוועזען טונקעל און לער; אַרום קלוב אָדער שענק—ווי עס געפעלט—האָבען זיך אַרומגעדרעגנגט מענשען. דער אָוועָנד-ווינד האָט דערטראָגען צו מיר די קלאַנגגען פון מיליטערישען אָרקעסטער. איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם; מיר איז געוועזען אומע-טיג... שוין-זשע, האָב איך געטראַכט, איז דאָס מיין איינציגע מיסיע אויף דער ערד—צובערעכען פרעמדע האָפנונגען? זינט איך לעב און אַרבייט, האָט מיך דער מזל עפּיס שטענדיג דערפיהרט צום פינאַל פון פרעמדע דראַמעס, פונקט ווי אָהן מיר וואָלט קיי-נער נישט געקאָנט שטאַרבען אָדער אַריינפאַלען אין פערצווייפלונג! איך בין געוועזען די נויטיגע פּערזאָן פון פינפטען אַקט. נישט-ווילענדיג האָב איך געשפּיעלט די שלעכטע ראָל פון אַ תלין אָדער אַ פעררעטער. צו וואָס פאַר אַ צוועק האָט עס דער מזל מיט מיר געטהאָן? צי האָט מיך דער מזל אַמאָל נישט בע-שטימט פאַר אַ מחבר פון בעל-הבית'ישע טראַגעדיעס און פאַמיליען-ראָמאַנען? ווער קאָן וויסען? נישט וועניג מענשען הויבען-אָן דאָס לעבען מיט'ן געדאַנק, אַז זיי וועלען ענדיגען ווי אַלע-קסאַנדער דער גרויסער אָדער ווי לאָרד בייראָן און פערבלייבען בלויז „טיטולאַרנע סאָוועטניקעס"...

אַריין אין זאַל, האָב איך מיך בעהאַלטען הינטער אַ מחנה מענער און אָנגעהויבען אָבסערווירען. גרושניצקי איז געשטאַנען נעבען דער פירשטין און מיט גרויס היץ עפּיס גערעדט. זי האָט איהם אויסגעהערט אַ צווייהטע, געקוקט אויף אַלע זייטען, צוגע-לעגט דעם פעכער צו די ליפּען. זי האָט אויסגעזעהן נישט צו-פרידען, די אויגען האָבען עמיצען געזוכט. איך בין שטילערהייד צוגעגאַנגען פון הינטען, אונטערצוהערען זייער געשפּרעך.

—איהר פייניגט מיך, פירשטין!—האָט גרושניצקי געזאָגט.—

איהר האָט זיך שטאַרק געביטען פון יענער צייט, זינט איך האָב אייך נישט געזעהן...

—איהר האָט זיך אויך געביטען,—האָט זי געענטפערט און אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם אַ שנעלען בליק, אין וועלכען ער האָט געקאָנט בעמערקען פערבאָרגענעם חוזק.

—איך? איך האָב מיך פערענדערט?.. אָ, קיינמאָל נישט! איהר ווייסט, אַז דאָס איז אונמעגליך! דער, וואָס האָט אייך נאָר איין מאָל געזעהן, דער וועט שוין אויף אייביג אַוועקטראָגען מיט זיך אייער געטליכע געשטאַלט...

—הערט-אויף...

—פאַרוואָס ווילט איהר איצט נישט אויסהערען דאָס, וואָס איהר האָט נאָך גאָר נישט לאַנג אַזוי אָפט און גערן אויס-געהערט?..

—דערפאַר, ווייל איך האָב נישט ליעב קיין איבערגע'-חזר'טע זאַכען,—האָט זי לאַכענדיג געענטפערט.

—אָ, איך האָב מיך ביטער גענאַרט!.. איך, פון זינען גע-ריהרט, האָב געמיינט, אַז דידאָזיגע עפּאָלעטען וועלען מיר אפשר געבען דאָס רעכט צו האָפען... ניין, בעסער וואָלט מיר שוין געווען צו בלייבען אין דעם פערהאַסטען זעלנערישען שינעל, וואָס איך האָב איהם אפשר בעדאַרפט דאַנקבאַר זיין פאַר אייער אויפ-מערקזאַמקייט...

—דער שינעל פּאַסט אייך ווירקליך בעסער...

איצט בין איך צוגעגאַנגען און זיך פערגרויגט פאַר דער פירשטין. זי איז עטוואָס רויט געוואָרען און שנעל אַרויסגעזאָגט:

—נישט וואָהר, מוסיע פּעטשאָרין. דער גרויער שינעל פּאַסט זיך אַ סך מעהר צום הער גרושניצקי?..

„איך בין מיט אייך נישט איינשטימיג—האָב איך געענט-פערט,—אין מונדיר איז ער דאָך יונגער.“

גרושניצקי האָט נישט איבערגעטראָגען דעמדאָזיגען קלאַפּ. ווי אַלע יונגלעך, האָט ער פּרעטענדירט אויף אַלטקייט. ער מיינט, אַז די טיעפע שפּורען פון ליידענשאַפטען פערבייטען אויף זיין

פנים דעם אויסדרוק פון יאָהרען. ער האָט מיך ווילד אָנגעקוקט, אַ טופּע געטהאָן מיט׳ן פוס און אַוועק.

„אָבער זענט זיך מודה,—האָב איך געזאָגט דער פירשטין,— אַז נאָך גאָר נישט לאַנג האָט ער אייך אויסגעוויזען אינטערע-סאַנט... אין דער גרויען שינעל..."

גרושניצקי האָט אַ גאַנצען אָוונד פערפאָלגט די פירשטין, האָט געטאַנצט מיט איהר אָדער קעגען איהר; ער האָט זי גע-געסען מיט די אויגען, וויילעוויז אָבגעזיפצט און איהר איז נמאס-געוואָרען מיט זיין בעטען זיך און זיינע פאָרוואורפען. נאָך דעם דריטען קאַדריל האָט זי איהם שוין פיינט געהאַט.

—איך האָב מיך גאָרנישט געריכט אויף דיר,—האָט ער געזאָגט, צוגעהענדיג צו מיר, און מיך אָנגענומען ביי דער האַנד.

„וואָס?"

—דו טאַנצט מיט איהר מאַזורקע?—האָט ער פייערליך גע-פרעגט.—זי האָט זיך מיר מודה-געווען...

„נו, איז וואָס? איז עס דען אַ סוד?"

—נאַטירליך... פון אַ קליין מיידעל... אַ קאָקעטין... האָב איך עס בעדאַרפט דערוואַרטען... אָבער איך וועל איהר שוין בעצאָהלען!

„זיי אין כעס אויף דיין שינעל אָדער אויף דיינע עפּאָ-לעטען, אָבער צו וואָס זאָלסטו זי בעשולדיגען? וואָס איז זי שולדיג, אַז דו געפעלסט איהר נישט מעהר?.."

—טאָ צו וואָס האָט זי מיר געגעבען האָפנונג?

„אָבער פאַרוואָס האָסטו געהאָפט? פערלאַנגען און דער-שלאָגען זיך צו עפּיס, דאָס פערשטעה איך, אָבער ווער האָפט?"

—דו האָסט געוואונען דעם געוועט, אָבער נישט אינגאַנ-צען,—האָט ער אַ פערגאַלטער געשמייכעלט.

די מאַזורקע האָט זיך אָנגעהויבען. גרושניצקי האָט אויס-געוועהלט בלויז די פירשטין, דאָס אייגענע האָבען וויילעוויז גע-טהאָן מאַנכע קאַוואַלערן: געווען קענטיג, אַז מען האָט געמאַכט געגען מיר אַ פעַרשווערונג. נאָך בעסער: זי וויל ריידען מיט מיר און מעז שטערט איהר, ועט זי נאָך אין צווייען וועלען.

צוויי מאָל האָב איך איהר געדריקט די האַנד; דאָס צווייטע מאָל האָט זי די האַנד אַרויסגענומען פון מיינער אָהן אַ וואָרט צו ריידען.

—איך וועל שלאָפען שלעכט די נאַכט,—האָט זי געזאָגט, בשעת מען האָט געענדיגט די מאַזורקע.

„דערין איז שולדיג גרושניצקי."

—אָ, ניין!—און זי איז געוואָרען אַזוי פערטראַכט און אַזוי אומעטיג, אַז איך האָב מיר געגעבען אַ וואָרט דורכאויס אַ קוש צו טהאָן איהר די האַנד אין דעמדאָזיגען אָוועגד.

מען האָט זיך אָנגעהויבען פונאַנדערצופאָהרען. אַריינגעזעצט די פירשטין אין קאַרעט, האָב איך געשווינד צוגעפרעסט איהר קליין הענדטעל צו מיינע ליפען. עס איז געווען פינסטער, און קיינער האָט עס נישט געקאָנט בעמערקען.

איך האָב מיך אומגעקעהרט צוריק אין זאַל זעהר צופרידען מיט זיך.

פאַר'ן גרויסען טיש האָט די יוגענד געגעסען אָוועגדברויט און צווישען זיי אויך גרושניצקי. אַז איך בין צוגעגאַנגען, זענען אַלע אַנטשוויגען געוואָרען. מען האָט, אַפנים, געשמועסט וועגען מיר. אַ סך בלאָזען זיך אויף מיר נאָך פון יענעם באַל אָן, בעזונדערט דער דראַגונישער קאַפיטאַן און איצט, ווייזט-אויס, אָרגאַניזירט זיך געגען מיר אַ באַנדע אונטער דער אָנפיהרונג פון גרושניצקי'ן... ער זעהט-אויס שטאָלץ און דרייסט.

איך בין זעהר צופרידען. איך האָב ליעב פיינד, הגם נישט על-פי-קריסט. פיינד ווילען מיך, בעוועגען אין מיר דאָס בלוט. זיין שטענדיג אויף דער וואַך, אויפכאַפען יעדען בליק און די בעדייטונג פון יעדען וואָרט, פערשטעהן פאָראויס די כונות, צוטומלען דידאָזיגע כונות, מאַכען אַנ'אָנשטעל פון אַ גענאַרטען, און פלוצלונג, מיט איין שטויס אומוואַרפען דעם גאַנצען בנין פון כיטרע שפיצלעך און פערבאָרגענע פלענער, אויף וועלכע עס איז אַזויפיעל מיה אָוועקגעלעגט געוואָרען,—אָט וואָס איך רוף אַן לעבען.

פאַר דער צייט פון אָוועגדברויט האָט זיך גרושניצקי אי-בערגעשעפּטשעט און איבערגעוויאונקען מיט'ן דראַגונישען אָפיציר.

## 14-טער יוני.

היינט אינדערפריה איז ווערא מיט'ן מאַן אַוועקגעפאָהרען קיין קיסלאָוואָדסק. איך האָב אָנגעטראָפען אויף זייער עקיפאַזש, בשעת איך בין געגאַנגען צו דער פירשטין ליגאָווסקאַ. זי האָט מיר אַ שאָקעל-געטהאָן מיט'ן קאָפּ: אין איהר בליק איז געלעגען פאָרוואורף.

ווער איז שולדיג? פאַרוואָס גיט זי מיר נישט די געלע-גענהייט צו זעהן זיך מיט איהר אויג אויף אויג? ליעבע איז, ווי פייער—אָהן נאַהרונג ווערט זי אויסגעלאָשען. אפשר וועט די אויפעריגקייט אויפטהאָן דאָס, וואָס איך האָב נישט געקאָנט פועל'ן מיט מיינע בקשות.

איך בין געזעסען ביי דער פירשטין אַ גאַנצע שעה. מערי איז נישט אַרויסגעגאַנגען—קראַנק. אין אָוועגד איז זי נישט גע-וועןאויפ'ן בולוואַר. דאָס באַנדעלע, וואָס איז אָקאָרשט אָרגאַני-זירט געוואָרען, האָט באמת אָנגענומען אַ שרעקליכע מראה. איך בין צופרידען, וואָס די פירשטין איז קראַנק: אַזוי וואָלטען זיי מסתמא בעגאַנגען עפּיס אַ גראָבקייט געוועז איהר. ביי גרושניצקי'ן איז צושויבערט די פריזור און ער זעהט-אויס פערצווייפעלט. קענ-טיג, אַז ער איז באמת געערגערט. בעזונדערס איז בעליידיגט זיין אייגענליעבע. אָבער פאַרהאַן מענשען, וואָס זייער פערצווייי-פלונג איז אפילו קאָמיש!..

געקומען אַהיים, האָב איך בעמערקט, אַז מיר פעהלט עפּיס. **איך האָב זי נישט געזעהן! זי איז קראַנק! בין איך** ווירקליך נישט פערליעבט אין איהר?.. וואָס פאַר אַ נאַרישקייט!

## 15-טער יוני.

אַ זייגער עלף אינדערפריה—די שעה, ווען די אַלטע פּיר-

שטין שוויצט געוועהנליך אין יערמאָלאָווס וואַנע—בין איך פאַר־ביייגעגאַנגען פאַרביי איהר הויז. די פירשטין איז פערטראַכט גע־זעסען ביים פענסטער. דערזעהן מיך, איז זי אויפגעשפּרונגען.

איך בין אַריין אין פּאָרצימער. קיין דיענער זענען נישט געווען, האָב איך מיך בענוצט מיט דער פרייהייט פון די היעגע מנהגים און אָהן מעלדונג אַריין אין גאַסטצימער.

אַ שטאַרע בלאַסקייט האָט בעדעקט דער פירשטינס ליעב פּנים׳ל. זי איז געשטאַנען פאַר׳ן קלאַוויר מיט דער האַנד אָנגע־שפּאַרט אָן פּאָטערשטוהל: דידאָזיגע האַנד האָט קוים-קוים געצי־טערט. איך בין שטיל צוגעגאַנגען צו איהר און געזאָגט:

„איהר זענט בייז אויף מיר?..“

זי האָט אויפגעהויבען אויף מיר וועלך-שאָטענדיגע טיעפע אויגען און אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ. איהרע ליפּען האָבען געוואָלט עפּיס זאָגען און נישט געקאָנט. די אויגען זענען פער־לאָפען געוואָרען מיט טרעהרען. זי האָט זיך אַראָבגעלאָזט אויפ׳ן לעהנשטוהל און פערדעקט מיט די הענד דאָס געזיכט.

„וואָס איז אייך?“—האָב איך געפרעגט און זי אָנגענומען ביי דער האַנד.

—איהר אַכט מיך נישט!.. אָ, לאָזט מיך!..

איך האָב געמאַכט עטליכע טריט... זי האָט זיך אויסגע־גלייכט אין לעהנשטוהל, די אויגען האָבען גענומען גלאַנצען...

איך בין געבליבען שטעהן, אָנגענומען דאָס הענדטעל פון טהיר און געזאָגט:

„ענטשולדיגט, פירשטין! איך בין מיך בעגאַנגען ווי אַ וואַהנזיניגער... אַ צווייט מאָל וועט עס שוין נישט געשעהן... צו וואָס זאָלט איהר וויסען דאָס, וואָס עס קומט-פאָר ביז אַהער אין מיין נשמה. דאָס וועט איהר קיינמאָל נישט וויסען און דאָס איז פאַר אייך גלייכער. אַדיע.“

אַוועקגעהענדיג, האָב איך, דאַכט זיך, געהערט, ווי זי האָט געוויינט.

דערנאָך האָב איך געבלאָנקעט צופוס איבער דער אומגע־בונג פון מאַשוק ביז עס איז פינסטער געוואָרען. איך בין שרעק־

ליך מיעד געוואָרען און, געקומען אַז ים, האָב איך מיך אַ וואָרף געטהאָן אין בעט אַריין, איינגאַנצען אַנ'אויסגעמוטשעטער.

אַריינגעגאַנגען ווערנער.

—איז אמת,—האָט ער געפרעגט,—אַז איהר האָט חתונה מיט פירשטין ליגאָווסקאַ?

„נו, איז וואָס?"

—די גאַנצע שטאָדט רעדט. אַלע מיינע פּאַציענטען זענען פערנומען בלויז מיט דעמדאָזיגען נייעס, און פּאַציענטען זענען שוין איין מאָל אַ פאָלק: אַלץ ווייסען זיי!

„דאָס זענען גרושניצקיס וויצען!" האָב איך אַ טראַכט געטהאָן.

„צו בעווייזען אייך, אַז דידאָזיגע קלאַנגען זענען פאַלש, זאָג איך אייך על-פּי-סוד, דאָקטאָר, אַז איך פאָהר מאָרגען אַרויס קיין קיסלאָוואָדסק..."

—און די פירשטין אויך?

„זי בלייבט נאָך דאָ ביי אַ וואָך..."

—האָט איהר, הייסט עס, נישט חתונה!..

„דאָקטאָר, דאָקטאָר! גיט אַ קוק אויף מיר: בין איך דען עהנליך צו אַ חתן אָדער צו עפּיס עהנליכעס?"

—איך זאָג עס נישט... אָבער איהר ווייסט, עס טרעפט אַמאָל...—האָט ער צוגעגעבען און כיטרע געשמייכעלט,—ווען אַנ'-איידעלער מאַן איז געצוואונגען חתונה-צו-האָבען און פאַרהאַן מאַמעשיס, וואָס שטעלען-אונטער אַ פּיסעל ביי אַזאַ מין געלעגענ-הייט... אַלזאָ, איך ראַט אייך, ווי אַ פריינד, צו זיין וואָס פאָר-זיכטיגער. דאָ, אויף די קור-וואַסערן, איז די לופט זעהר גע-פערהליך. וויפיעל האָב איך געזעהן שענע יונגעלייט, וואָס האָבען פערדיענט אַ בעסערן גורל, און דאָך זענען זיי אַוועקגעפאָהרען פון דאַנען גלייך אונטער דער חופּה... אפילו מיך, ווער איהר גלויבען, האָט מען אויך געוואָלט חתונה-מאַכען! דאָס איז געווען אַ קליינשטעדטעלדיגע מאַמעשי, וואָס האָט געהאַט זעהר אַ בלאַסע טאָכטער. איך האָב געהאַט דאָס אומגליק צו זאָגען, אַז איהר גע-וויכט וועט בעקומען מעהר פאַרב נאָך דער חתונה. דעמאָלט האָט

זי מיט טרעהרען פון דאַנקבאַרקייט פאָרגעלעגט מיר איהר טאָבל-טערס האַנד צוזאַמען מיט איהר גאַנץ פערמעגען—פינפהונדערט נפשות, דאַכט זיך. אָבער איך האָב געענטפערט, אַז איך בין דערצו נישט פעהיג.

ווערנער איז אַוועק אין דער פולשטענדיגער איבערצייגונג, אַז ער האָט מיך אויסגעהיט.

פון זיינע ווערטער האָב איך בעמערקט, אַז וועגען מיר און דער פירשטין זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרען איבער דער שטאָדט פערשיעדענע מאוס׳ע קלאַנגען: גרושניצקי׳ן וועט עס אומזיסט נישט אַדורכגעהן.

---

18-טער יוני.

שוין דריי טעג, ווי איך בין אין קיסלאָוואָדסק. יעדען טאָג זעה איך וועראַ׳ן ביים ברונים. איינדערפריה, אַז איך שטעה-אויף, שטעל איך אָן דעם לאָרגנעט אויף איהר באַלקאָן. זי איז שוין לאַנג אָנגעטהאָן און וואַרט אויף דעם בעשטימטען צייכען. מיר בעגעגענען זיך אַזוי ווי צופעליג אין גאָרטען, וואָס ציהט זיך פון אונזערע הייזער צום ברונים. די מחיה׳דיגע לופט פון די בערג האָט איהר צוריק אומגעקעהרט דעם פאַרב פון געזיכט און די כחות. נישט אומזיסט ווערט דער נאַרזאַן גערופען ריזען-קוואַל. די היעגע איינוואוינער זאָגען, אַז די לופט פון קיסלאָ-וואָדסק נייגט צו ליעבע, אַז דאָ קומען די פינאַלען פון אַלע ראָמאַנען, וואָס האָבען זיך ווען-עס-איז אָנגעהויבען ביים פוס פון מאַשוק. און ווירקליך—דאָ אָטעמט אַלץ מיט אינטימליכקייט. אַלץ איז דאָ אָנגעפילט מיט סוד-סודות: די געדיכטע שאָטענס פון די ליפּעס-אַלעען, וואָס שטעהען איבערגעבויגט איבער׳ן שטראָם, וועל-כער שניידט זיך דורך אַ וועג מיט גערויש און שוים צווישען די גרינע בערג, פאַלענדיג פון שטיין אויף שטיין; די באַרג-היילען, וואָס זענען פול מיט שוואַרצע שאָטענס און מיט שטיל-שווייגען, און וואָס זייערע שפּאַלטען צולויפען זיך פון דאַנען אין אַלע זייטען; די פרישקייט פון דער בשמים׳דיגער לופט, וואָס

איז פול מיט די ריחות פון די הויכע דרום׳דיגע גראָזען און ווייסע אַקאַציעס; דער שטענדיגער, זיס-איינשלעפענדיגער גערויש פון די קיהלע קוואַלען, ביים עק טהאָל, וואָס לויפען פרעהליך צוזאַמען אין פּאָדקומאָק אריין. פון דערדאָזיגער זייט איז דער הייל ברייטער און ווערט פערוואַנדעלט אין אַ גרינעם טהאָל. איבער׳ן טהאָל שלענגעלט זיך אַ שטויביגער וועג. יעדעס מאָל, בשעת איך קוק אויף איהם, ווייזט זיך מיר אויס, אַז עס פאָהרט אַנ׳עקיפּאַזש און פון פענסטער קוקט-אַרויס אַ ראָז פנים׳ל. שוין אַ סך קאַרעטען דורכגעפאָהרען מיט דעמדאָזיגען וועג—אָבער זי איז נאָך אַלץ נישטאָ. דאָס פאָרשטעדטעל, וואָס ליעגט הינטער דער פעסטונג, איז בעזעצט; אינ׳ם רעסטאָראַן, וואָס איז אויסגעבויט אויף אַ באַרג, עטליכע טריט פון מיין וואוינונג, שימערירען ביינאַכט פייערן דורך צוויי שורות טאָפּאָלבוימער; דער גערויש און קלאַפעריי פון גלעזער הערט זיך ביז שפעט אין דער נאַכט אריין.

אין ערגעץ טרינקט מען נישט אַזויפיעל קאכעטייער וויין און מינעראַל-וואַסער, ווי דאָ.

מען בעדאַרף די צוויי מלאכות נישט צוזאַמענמישען.

עס טהוען דאָס אַ סך, נאָר איך בין נישט פון זיי.

גרושניצקי מיט זיין באַנדע בושעוועט אַלע טאָג אין שענק. מיט מיר גריסט ער זיך כמעט נישט.

ער איז ערשט נעכטען געקומען און האָט זיך שוין צוקריגט מיט דריי אַלטע לייט, וואָס האָבען זיך געוואָלט אריינזעצען אין וואַנע פריהער פאַר איהם. דאָס, וואָס איהם געלינגט נישט, רופט איז איהם ממש אַרויס אַ קריגערישע שטימונג.

---

22-טער יוני.

צולעצט, זענען זיי געקומען. איך בין געזעסען ביים פענסטער, בשעת איך האָב דערהערט די קלאַפעריי פון זייער עקיפּאַזש: דאָס האַרץ האָט מיר אויפגעציטערט... וואָס איז עס אַזוינס? בין איך טאַקי פערליעבט?.. איך בין אַזוי נאַריש בעשאַפען, אַז מען קאָן דאָס פון מיר דערוואַרטען.

איך האָב ביי זיי געמיטאָגט, די אַלטע פירשטין האָט אויף מיר געקוקט זעהר צערטליך, אָבער זי געהט נישט אַוועק פון דער טאָכטער... שלעכט! דערפאַר אויפערט ווערע צו דער פירשטין: איך האָב פאָרט דערגרייכט דידאָזיגע מציאה! וואָס וועט אַ פרוי נישט טהאָן צו ערגערן איהר קאָנקורענטין? איך געדענק, אַז איינע האָט מיך ליעב געהאַט דערפאַר, ווייל איך האָב ליעב געהאַט אַ צווייטע. נישטאָ עפּיס פאַראַדאָקסאַלעס פון אַ פרויען-שכל: שווער פרויען איבערצוצייגען אין עפּיס, מען מוז זיי דערפיהרען צו דעם, אַז זיי זאָלען זיך אַליין איבערצייגען; די פאָרם פון זייערע ראיות, מיט וועלכע זיי ווילען בעזיגען זייערע איינריידענישען, איז זעהר אַנ'אָריגינעלע. אַז מען זאָל זיך וועלען אויסלערנען זייער דיאַלעקטיק, בעדאַרף מען פריהער אומוואַרפען אין קאָפּ די אַלע לעהר-כללים פון לאָגיק. אָט איז, צום ביישפּיעל, אַ געוועהנליכע לאָגיק:

דערדאָזיגער מענש האָט מיך ליעב; אָבער איך האָב אַ
מאַן: בעדאַרף איך, אַלזאָ, דעם מענשען נישט ליעבען.
אָט איז די לאָגיק פון אַ פרוי:
איך בעדאַרף איהם נישט ליעבען, ווייל איך האָב אַ מאַן;
אָבער ער האָט מיך ליעב, אַלזאָ...

דאָ קומען עטליכע פּינטעלעך, וואָרום דער שכל קאָן דאָ גאָרנישט ריידען. אָבער מעהרסטענטייל ריידען: די צונג, די אויגען און באַלד נאָך זיי — דאָס האַרץ, אויב דאָס איז פאַרהאַן.

וואָס, למשל, ווען דידאָזיגע בלעטער וועלען קומען פאַר די אויגען פון אַ פרוי? רכילות! וועט זי אויסשרייען מיט פעראַכטונג.

זינט פּאָעטען שרייבען און פרויען לייענען זיי (פאַרוואָס עס קומט זיי אַ גרויסען יישר-כח), האָט מען זיי אַזויפיעל מאָל אָנגערופען מלאכים, אַז זיי האָבען, ביי זייער גאַנצער תמימות, ווירקליך אָנגעהויבען גלויבען אין דידאָזיגע קאָמפּלימענטען, פערגעסענדיג, אַז די אייגענע פּאָעטען האָבען פאַר געלד דערהויבען נעראָנ'ען צו אַ האַלבען גאָט...

מיר וואָלט גאָרנישט געפּאַסט צו ריידען וועגען זיי מיט

אַזאַ פערביטערטקייט,—מיר, וואָס אויסער זיי האָב איך אויף דער וועלט גאָרנישט ליעב,—מיר, וואָס איז שטענדיג גרייט מקריב-צו-זיין פאַר זיי מיט מיין רוה, מיט מיין כבוד, מיט'ן לעבען... אָבער נישט אין אַ מינוט פון ערגערניש און בעליידיגטער איי-גענליעבע סטאַרע איך מיך אַראָבצורייסען פון זיי יענעם כשופ'-דיגען שלייער, וואָס דורך איהם קאָן דורכדרינגען נאָר אַ געניט אויג. ניין, אַלץ, וואָס איך רייד וועגען זיי, איז בלויז אַ רעזולטאַט—

פון שכל-אָבסערוואַציעס

און מיינונגען פון הארץ.

פרויען מעגען אַליין וועלען, אַז אַלע מענער זאָלען זיי אַזוי גוט קאָנען, ווי איך, ווארום זינט איך האָב מיך אויפגע-הערט צו שרעקען פאַר זיי און איך האָב משיג-געווען זייער קליינינקע שוואַכקייט, האָב איך זיי הונדערט מאָל ליעבער געקראָגען.

דרך אגב: ווערנער האָט נישט לאַנג פערגלייכט די פרויען מיט אַ פער'כשופ'טען וואַלד, וועגען וועלכען טאַסאָ דערצעהלט אין זיין „בעפרייטען ירושלים". „דו הויב נאָר אָן,—האָט ער געזאָגט,—וועלען זיך באַלד נעהמען שיטען אויף דיר אַזוינע פורעניות'ן, אַז גאָט זאָל אויסהיטען: פליכט, שטאָלץ, אָנשטענדיגקייט, אַלגעמיי-נע מיינונג, חוזק, פעראַכטונג... מען בעדאַרף אָבער נישט קוקען, נאָר געהן פאָראויס. ביסלעכווייז ווערען פערשוואונדען די אַנג-סטען און פאַר דיר ווערט פונאַנדערגעעפענט אַ שטילע און ליכ-טיגע וויזע, וואו עס בליהט דער גרינער מירטענבוים. דערפאַר אָבער איז שלעכט, ווען דאָס האַרץ כאַפּט אַ ציטער ביי די ער-שטע שריט און דו קוקסט זיך אום אַהינטער!

דער היינטיגער אָווענד איז געווען רייך אין געשעהענישען. ביי אַ ווערסט דריי פון קיסלאָוואָדסק, אינ'ם באַרגהייל, וואו עס פליסט דער טייך פאָדקומאָק, איז פאַרהאַן אַ פעלז, וואָס הייסט רינג. דאָס איז אַ מין טויער, בעשאַפען פון דער נאַטור גופא. דערדאָזיגער טויער שטעהט אויף אַ הויכען באַרג, און די אונ-טערגעהענדיגע זון וואַרפט דורך איהם אויף דער וועלט איהר לעצטען פייערדיגען קוק. אַ היבשער עולם איז אַהין אַוועק צו

זעהן דורך דעם שטיינערנעם טויער ווי אַזוי עס פערגעהט די זון. דעם אמת געזאָגט, האָט קיין איינער פון זיי נישט געטראַכט פון דער זון. איך בין געפאָהרען נעבען דער פירשטין. אומקעהרענדיג זיך צוריק, האָט מען בעדאַרפט אַדורכפאָהרען דעם פאָדקומאָק אין אַ פלאַכען אָרט. די בערגטייכלעך—אפילו די סאַמע קלענסטע, זענען געפעהרליך, איבערהויפט דערמיט, וואָס דער גרונד זייערער איז אַנ'אמת'ער קאַליידאָסקאָפּ: אַלע טאָג ווערט ער געענדערט צוליעב דעם דרוק פון וואַסער—דאָרט, וואו עס איז נעכטען געלעגען אַ שטיין, איז היינט אַ גרוב. איך האָב גענומען דער פירשטינס פערד פאַר'ן צוים און אַריינגעפיהרט עס אין וואַסער, וואָס איז נישט געווען העכער פון די קניה. מיר האָבען זיך פאַוואָליע בעוועגט אין דער-קרים געגען שטראָם. עס איז בעקאַנט, אַז ווען מען פאָהרט אַריבער שטאַרק-שטראָמיגע טייכען, בעדאַרף מען נישט קוקען אין וואַסער אַריין, וואָרום באַלד הויבט-אָן שווינדלען דער קאָפּ. איך האָב אָבער גראָד פערגעסען אויפמערקזאַם צו מאַכען דער פירשטין וועגען דעם.

מיר זענען שוין געווען אין מיטען טייך, וואו דאָס וואַסער יאָגט בעזונדערס שנעל. אָבער די פירשטין האָט זיך פּלוצלונג אַ וואַקעל-געטהאָן אויפ'ן זאָטעל.—מיר איז נישט גוט!—האָט זי געזאָגט מיט אַ שוואַכען קול... איך האָב מיך באַלד אָנגעבויגט צו איהר און אַרומגעכאַפּט מיט דער האַנד איהר בויגזאַמע טאַליע.

„קוקט אַרויף!—האָב איך איהר איינגערוימט.—דאָס איז גאָרנישט, שרעקט זיך נישט, איך בין מיט אייך.“

איהר איז געוואָרען לייכטער. זי האָט זיך געוואָלט בעפרייען פון מיין האַנד, אָבער איך האָב נאָך פעסטער אַרומגעכאַפּט איהר איידעלע ווייכע טאַליע. מיין באַק האָט כמעט בעריהרט איהר באַק. פון איהר איז אויפגעגאַנגען אַ פלאַם.

—וואָס טהוט איהר מיט מיר?.. גאָט מיינער!

איך האָב גאָרנישט געקוקט אויף איהר ציטער און פערלעגענהייט, און מיינע ליפּען האָבען בעריהרט איהר צאַרט בעקעל. זי האָט אויפגעציטערט, אָבער גאָרנישט געזאָגט. מיר זענען געפאָהרען פון די לעצטע: קיינער האָט נישט געזעהן. אַז מיר זע-

נען געקומען אויפ'ן ברעג, האָבען מיר זיך שנעלער אַוועקגע-לאָזט. די פירשטין האָט איינגעהאַלטען איהר פערד. איך בין גע-פאָהרען דערבײַ. געוועזען קענטיג, אַז מיין שוויינען האָט זי בע-אונרוהיגט, אָבער איך האָב מיך געשוואָרען נישט אַרויסצוברעכען קיין שום וואָרט פון מויל—אויס נייגיריגקייט. איך האָב געוואָלט זעהן, ווי אַזוי זי וועט זיך אַרויסדרעהען פון דערדאָזיגער שווע-רער לאַגע.

—אָדער איהר פערהאַסט מיך, אָדער איהר האָט מיך זעהר ליעב!—האָט זי, צולעצט, געזאָגט מיט אַ קול, אין וועלכען עס האָבען זיך געפיהלט טרעהרען.—מעגליך, אַז איהר ווילט שפּאַסען פון מיר, אויפרעגען מיין נשמה און דערנאָך אַוועקוואַרפען... דאָס וואָלט אָבער געווען אַזוי געמיין, אַזוי נידעריג, אַז בלויז די פאָרשטעלונג אַליין... אָ, ניין, נישט וואָהר?—האָט זי צוגעגעבען מיט צערטליכער פערטרויאונג.—נישט וואָהר, איך האָב נישט אין זיך עפּיס אַזוינס, וואָס מען זאָל נישט קאָנען אַכטען? דאָס, וואָס איהר האָט העזה'דיג געטהאָן... בעדאַרף איך, בעדאַרף איך אייך פערגעבען, ווייל איך האָב דערלויבט... ענטפערט, רעדט אַמאָל, איך וויל הערען אייער קול!.. אין די לעצטע ווערטער איז גע-לעגען אַזויפיעל ווייבערשע אונגעדולדיגקייט, אַז איך האָב נישט-ווילענדיג אַ שמייכעל געטהאָן. צום גליק, האָט שוין אָנגעהויבען ווערען פינסטערליך... איך האָב גאָרנישט געענטפערט.

—איהר שווייגט?—האָט זי ווייטער געזאָגט און זיך גע-שווינד אומגעקעהרט צו מיר... אין איהר ענטשלאָסענעם בליק און אין קול איז געלעגען עפּיס שרעקליכעס.

„צו וואָס?"—האָב איך געפרעגט און אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען.

זי האָט אַ שמיץ געטהאָן דאָס פערד מיט'ן בייטשעל און זיך הענדום-פענדום אַוועקגעלאָזט איבער דעם שמאָלען געפעהר-ליכען וועג. דאָס איז געשעהן אַזוי שנעל, אַז איך האָב זי קוים געקאָנט דעריאָגען, און דעריאָגט האָב איך זי ערשט, ווען זי האָט שוין דערגרייכט די איבעריגע געזעלשאַפט. סאַמע ביז דער שטוב האָט זי וויילעווייז גערעדט און געלאַכט. אָבער אין איהרע

בעוועגונגען האָט זיך געלאָזט מערקען, עפּיס פיבערל־כעס. איך מיר האָט זי קיין איין מאָל נישט אַ קוק געטהאָן. אַלע האָבען בעמערקט דידאָזיגע אונגעוועהנליכע פרעהליכקייט איהרע. אויך די אַלטע פירשטין האָט זיך אינערליך געפרעהט, קוקענדיג אויף איהר טעכטערל. אָבער דאָסדאָזיגע טעכטערל האָט פּשוט אַ נער־ווען־אַטאַק: ביינאַכט וועט זי נישט שלאָפען און וויינען. דער־דאָזיגער געדאַנק פערשאַפט מיר געוואַלטיג פערגעניגען: פאַרהאַן מינוטען, בשעת איך פערשטעה וואַמפּירען... און נאָך האַלט מען מיך פאַר אַ גוטער נשמה, און איך סטאַרע מיך צו דערגרייכען אַזאַ מין שם!

אַראָב פון די פערד, זענען די דאַמען אַריין צו דער פּיר־שטין. איך בין געווען אויפגערעגט און אַוועקגעפאָהרען אין די בערג צוזייהען די רעיונות, וואָס האָבען זיך מיר געפלאָנטערט אין קאָפּ. דער טויאיגער אָוועגד איז געווען מחיה'דיג קיהל. די לבנה האָט זיך אויפגעהויבען הינטער די טונקעלע בערג־שפּיצען. יעדער טריט פון מיין נישט־געשמידטען פערד האָט טעמפּ אָבגע־קלונגען אין די שווייגענדיגע היילען. ביים וואַסערפאַל האָב איך אָנגעטרונקען מיין פערד, דורשטיג איינגעאָטעמט אין זיך די פרי־שע לופט פון דער דרומ'דיגער נאַכט און זיך געלאָזט צוריק. איך בין געפאָהרען פאַרביי אַ פאָרשטעדטעל. די פייערן אין די פענסטער האָבען אָנגעהויבען גוסס'ן. די וואַכסאָלדאַטען אויפ'ן פעסטונגסוואַל און די קאָזאַקען אויף די אַרומיגע וואַך־פּאָסטענס האָבען זיך סמוטנע אָנגערופען צווישען אייגאַנדער.

אין אַ הייזעל פון דער פאָרשטאָדט, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג פון טאָל, האָב איך בעמערקט, אַז דאָרט איז שטאַרק ליכטיג. צייטענווייז האָבען זיך פון דאָרטען דערטראָגען צעוואָר־פענע קולות און אויסגעשרייען, פון וועלכע מען האָט געקאָנט פערשטעהן, אַז מיליטערלייט בייסען דאָרט צו. בין איך אַראָב פון פערד און זיך צוגע'גנב'עט צום פענסטער. די נישט גוט צו־געמאַכטע לאָדענס האָבען מיר געגעבען די מעגליכקייט צו זעהן, ווער עס בעטייליגט זיך דאָרט און הערען, וואָס מען רעדט. און גערעדט האָט מען פון מיר.

דער דראַגונישער קאַפּיטאַן, דערהיצט פון'ם שנאַפּס, האָט געקלאַפּט מיט'ן פויסט איבער'ן טיש און געפּאָדערט, מען זאָל איהם הערען.

—מיינע הערן!—האָט ער געזאָגט.—דאָס איז ווילד. פּעטשאָרינ'ען מוז מען אָנלערנען! דידאָזיגע פּעטערבורגער פּראַנטען זענען שטענדיג גרויס ביי זיך, כּל-זמן דו גיסט זיי נישט איבער דער נאָז! ער מיינט, אַז נאָר ער איינער לעבט אויף דער וועלט, דערפאַר ווייל ער טראָגט שטענדיג ריינע הענטשקעס און אויסגעפּוצטע שיך.

—און וואָס פאַר אַ גאוה'דיגער שמייכעל! אָבער פונדעסטוועגען בין איך זיכער, אַז ער איז אַ טרוס, יאָ, אַ טרוס!

—איך מיין אויך דאָס אייגענע,—האָט זיך אָבגערופען גרושניצקי,—ער האָט זיך ליעב אַרויסצודרעהען דורך אַ שפּאַס. איך האָב איהם איינמאָל געזאָגט אַזוינע זאַכען, וואָס אַנ'אַנדערער וואָלט מיך צוריסען אויפ'ן אָרט, אָבער פּעטשאָרין האָט זיך געמאַכט אַ שפּאַס דערפון. איך האָב איהם, פערשטעהט זיך, נישט אַרויסגערופען, דערפאַר, ווייל דאָס איז זיין זאַך. אגב האָט איך מיך נישט געוואָלט פערדרעהען...

—גרושניצקי טראָגט אויף איהם אַ הארץ, ווייל ער האָט איהם צוגענומען די פירשטין,—האָט עמיץ געזאָגט.

—און וואָס נאָך וועט איהר אויסטראַכטען! איך האָב, אמת, אַ ביסעל אַרומגעטאַנצט אַרום דער פירשטין, אָבער איך האָב עס באַלד אַוועקגעוואָרפען, ווייל איך וויל נישט חתונה-האָבען, און סתם קאָמפּראָמעטירען אַ מיידעל איז נישט אין מיין כאַראַקטער.

—אָבער איך פערזיכער אייך, אַז ער איז דער גרעסטער פּחדן, ער, דאָס הייסט פּעטשאָרין און נישט גרושניצקי. גרושניצקי איז אַ כוואַט. אגב איז ער מיין אמת'ער פריינד!—האָט ווידער געזאָגט דער דראַגונישער קאַפּיטאַן.—מיינע הערן! קיינער פערטיידיגט איהם דאָ נישט? קיינער? אויסגעצייכענט! ווילט איהר אויספּרובען זיין דרייסטקייט? דאָס ווערט אייך וויילען...

—מיר ווילען. אָבער ווי אַזוי?

—אָט ווערט איהר הערען. גרושניצקי איז אויף איהם בעזונ-

דערס בייז—זיין ראָל איז די ערשטע! וועט ער אויסנוצען עפּיס אַ נאַרישקייט און אַרויסרופען פּעטשאָרינ׳ען אויף אַ דועל... וואַרט־נאָר צו. אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען... וועט ער איהם אַרויסרופען אויף אַ דועל: גוט! דאָס אַלץ ווידער: דאָס אַרויס־רופען, די הכנות, די בעדינגונגען—בעדאַרפען זיין וואָס פייערלי־כער און שרעקליכער. דאָס איז שוין מיין זאַך. איך וועל זיין דיין סעקונדאַנט, מיין אָרימער פריינד! גוט! אָבער אָט וואו עס ליעגט דאָס פעפערל: אין די פּיסטאָלעטען וועלען מיר נישט אַריינלעגען קיין קוילען. איך בין אייך ערוב, אַז פּעטשאָרין וועט זיך דערשרעקען—אויף זעקס טריט וועל איך זיי אַוועק־שטעלען, צו אַלדע רוחות! זענט איהר איינשטימיג?

—גרויסאַרטיג צוגעטראַכט!.. איינשטימיג! פאַרוואָס נישט?—האָט מען גענומען שרייען פון אַלע זייטען.

—און דו, גרושניצקי?

איך האָב מיט האַרצקלאַפּעניש געוואַרט אויף גרושניצקיס ענטפער. אַ קאַלטע רציחה איז מיך בעפ...לען ביים געדאַנק, אַז ווען נישט דערדאָזיגער צופאַל, וואָלט מיך דידאָזיגע שוטים געקאָנט אויפהויבען צו חוכה וטל... ווען גרושניצקי וואָלט נישט איינגעגאַנגען, וואָלט איך מיך איהם געוואָרפען אויפ׳ן האַלז. אָבער נאָך אַ קליינער הפסק איז ער אויפגעשטאַנען פון אָרט, אויסגעצויגען דעם קאַפּיטאַן די האַנד און מיט פּאַראַד געזאָגט:

—גוט, איך בין מסכים.

שווער צו בעשרייבען די שמחה פון דעם גאַנצען שענעם כנופיא׳לע.

איך האָב מיך אומגעקעהרט אַהיים אַן׳אויפגערעגטער דורך צוויי פערשידענע שפּירונגען. דאָס ערשטע איז געווען—א ו מ ע ט. „פאַרוואָס האָבען זיי מיך פיינט? האָב איך געטראַכט.—פאַרוואָס? האָב איך דען עמיצען בעליידיגט? ניין. שוין־זשע געהער איך צו יענע מענשען, וואָס זייער פּנים רופט־אַרויס פיינטשאַפט?” און איך האָב געפיהלט, ווי גיפטיגער גאַל פילט ביסלעכווייז אָן מיין נשמה. „היט זיך, הער גרושניצקי!” האָב איך געזאָגט, גע־הענדיג אויף־און־אָב איבער׳ן צימער. מיט מיר שפּאַסט מען נישט

אזוי. איהר קאָנט טייער בעצאָהלען פאַר דער הסכמה פון אייערע גאַרישע חברים. איך בין אייך נישט קיין שפיעלצייג!"

איך האָב נישט געשלאָפען די גאַנצע נאַכט. אינדערפרי בין איך געווען געלב, ווי וואַקס.

צומאָרגענס האָב איך בעגעגענט ביים ברונים די פירשטין.

—איהר זענט קראַנק?—האָט זי געזאָגט און האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט.

„איך האָב נישט געשלאָפען די נאַכט."

—און איך אויך... איך האָב אייך בעשולדיגט... מעגליך אומזיסט? נו, מאַכט מיר קלאָר, איך וועל אייך אַלץ פערגעבען.

„אַלץ?.."

—אַלץ... אָבער זאָגט נאָר דעם אמת... אָבער שנעלער... איהר זעהט, איך האָב אַ סך געליטען, איך געסטאַרעט צו דערקלערן און פערענטפערן אייער אויפפיהרונג. אפשר שרעקט איהר זיך, אַז מיינע קרובים וועלען אייך שטערען... דאָס איז גאָרנישט: אַז זיי וועלען זיך דערוויסען... (איהר קול האָט אַ ציטער געטהאָן) וועל איך זיי איינבעטען. אָדער אייער אייגענע לאַגע... אָבער איהר בעדאַרפט וויסען, אַז איך וועל אָפפערן מיט אַל פאַר דעם, וואָס איך האָב ליעב... אָ, ענטפערט שנעלער—האָט מיטלייד... איהר פערהאַסט מיך נישט, נישט וואָהר?

זי האָט מיך אָנגעכאַפט ביי דער האַנד.

די עלטערע פירשטין איז געגאַנגען פאָראויס מיט ווערנער און האָט גאָרנישט געזעהן. אָבער אונז האָבען געקאָנט זעהן די שפּאַצירענדיגע חולאים, די סאַמע נייגיריגסטע רכילות'ניקעס פון אַלע מינים רכילות'ניקעס, און איך האָב שנעל בעפרייט מיין האַנד פון איהר ליידענשאַפטליכען דרוק.

„איך וועל אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת,—האָב איך געענטפערט דער פירשטין,—איך וועל מיך נישט פערענטפערן און אויך נישט אויסטייטשען מיינע מעשים. איך האָב אייך נישט ליעב."

איהרע ליפּען זענען בלאַס געוואָרען

—לאָזט מיך,—האָט זי געזאָגט קוים צום הערען.

איך האָב אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען, זיך אומגעדרעהט און אַוועק.

---

25-טער יוני

טיילמאָל פערדאַכט איך מיך... נישט דערפאַר אפשר פערדאַכטען מיך אויך אַנדערע? צו אַנ'איידעלען געפיהל-אויסדרוק בין איך שוין נישט פעהיג און איך האָב מורא זיך אַליין אויסצוּווייזען לעכערליך. אַנ'אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט פאָרגעלעגט דער פירשין צו פעראייניגען ביידענס גורל, אָבער איבער מיר האָט דאָס וואָרט חתונה-האָבען עפּיס אַ כשוף'דיגע מאַכט. ווי ליידענשאַפטליך איך זאָל נישט ליעבען אַ פרוי—קוים אָבער גיט זי מיר צו פיהלען, אַז איך בעדאַרף חתונה-האָבען, איז אַ גוטען טאָג מיט דער ליעבע! מיין האַרץ ווערט פערוואַנדעלט אין אַ שטיין און קיין זאַך קאָן עס פון דאַנעט נישט דערוואַרימען. איך בין גרייט אויף אַלץ, נאָר נישט דאָס. צוואַנציג מאָל וועל איך איינשטעלען דאָס לעבען, אפילו דעם כבוד אין קאָן... אָבער מיין פרייהייט וועל איך נישט פערקויפען. פאַרוואָס איז זי מיר אַזוי טייער? וואָס האָב איך פון איהר? צו וואָס גרייט איך מיך? וואָס וואַרט איך פון דער צוקונפט?.. כלעבען, לחלוטין גאָרנישט. דאָס איז עפּיס אַנ'אָנגעבוירענע שרעק, אַנ'אונדערקלערליך פאָרגעפיהל... זענען דאָך דאָ מענשען, וואָס האָבען אונפערשטענדליך מורא פאַר שפּינען, פאַר טאַראַקאַנעס, מייז... זאָל איך אויסזאָגען?.. בשעת איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָט אַנ'אַלטע פרוי פאָרגעזאָגט וועגען מיר מיין מוטער. זי האָט פאָרגעזאָגט, אַז איך וועל שטאַרבען פון אַ שלעכט ווייב. דאָס האָט מיך נאָך דעמאָלט שטאַרק איבערראַשט: אין מיין נשמה איז דערוועקט געוואָרען אַנ'אונגעהויערער עקעל צו חתונה-האָבען... און עס זאָגט מיר עפּיס דאָס האַרץ, אַז איהר נביאות וועט מקוים-ווערען; וועל איך מיך, לכל הפחות, סטאַרען, אַז דאָס זאָל פערווירקליכט ווערען וואָס שפּעטער.

---

### 26-טער יוני.

נעכטען איז געקומען אהער דער קונצענמאכער אנפעל-בוים. אויף די טהירען פון רעסטאראן האט זיך בעוויזען א לאנגע אפישע, וואס האט געמאלדען דעם חשוב'ען פובליקום, אז דער אויבענדערמאהנטער זעלטענער קונצענמאכער, אקראבאט, כע-מיקער און אפטיקער האט די עהרע צו געבען היינט אכט א זייגער א גרויסארטיגע פארשטעלונג אין זאל פונ'ם אדעל-קלוב (אנ-דערש—אין רעסטאראן); בילעטען—צוויי רובל מיט א האלבען.

אלע ווילען געהן זעהן דעם וואונדערליכען קונצענמאכער. אפילו פירשטין ליגאווסקא האט אויך גענומען א בילעט, כאטש איהר טאכטער איז קראנק.

היינט נאך מיטאג בין איך פארבייגעגאנגען פארביי וועראס פענסטער. צו מיינע פיס איז געפאלען איהרס א צעטעלע:

„היינט, ניין א זייגער אין אווענד, קומט צו מיר דורך די גרויסע טרעפ. מיין מאן איז אוועקגעפאהרען קיין פיאטיגארסק און אומקעהרען זיך וועט ער ערשט מארגען פריה. מיין דיענער און דאס הויזמיידעל וועלען נישט זיין אין שטוב. איך האב זיי אלעמען צוטיילט בילעטען, זאגאר דער פירשטינס דיענער. ווארט איך, אלזא, אויף דיר. קום דרכאויס."

„אהא!—האב איך א טראכט געטהאן—דאך ארויסגעקומען ווי איך האב געוואלט."

א זייגער אכט בין איך געגאנגען א קוק טהאן אויפ'ן קונ-צענמאכער. דער עולם האט זיך צונויפגעזאמעלט פאר ניין א זייגער. די פארשטעלונג האט זיך אנגעהויבען. אין די הינטער-שטע שורות שטוהלען האב איך דערקאנט די דיענער און הויז-מיידלעך פון וועראס און דער פירשטינס הויז. אלע זענען דא געווען. גרושניצקי איז געזעסען אין דער ערשטער שורה מיט א לארנעט. דער קונצענמאכער האט זיך צו איהם געווענדט יעדעס מאל, ווען ער האט בעדארפט האבען א נאזטיכעל, א זייגער, א פינגערל א. ד. גל.

שוין א געהעריגע צייט, ווי גרושניצקי גריסט זיך מיר נישט.

און היינט האָט ער מיר עטליכע מאָל גאַנץ העזה'דיג אָנגעקוקט. וואָס אַלץ וועט איהם פערדעכענט ווערען, ווען ער וועט זיך דאַרפען פונאַנדערצאָהלען

פאַר ניין דעם זייגער האָב איך מיך אויפגעהויבען און אַרויסגעגאַנגען.

דרויסען איז געווען פינסטער, ווי אין אַנ'אויג. שווערע קאַלטע כמאַרעס זענען געלעגען אויף די שפּיצען פון די אַרומי-מיגע בערג. זעלטען בלויז פלעגט דער גוסס'ער ווינד נעהמען רוישען פון דאָסניי צווישען די שפּיצען פון טאָפּאָל-בוימער. איך האָב מיך אַראָבגעלאָזט פון באַרג און גענומען געהן שנעלער. פּלוצלונג האָט מיר אויסגעוויזען, אַז עמיצער געהט מיר נאָך. איך האָב מיך אָבגעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט. אָבער אין דערפינ-סטער האָט מען גאָרנישט געקאָנט זעהן. פונדעסטוועגען בין איך, פון פאָרזיכטיגקייט-וועגען, אַרומגעגאַנגען אַרום שטוב, מיט אַזוינע טריט, ווי איך וואָלט שפּאַצירען. פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דער פירשטינס פענסטער, האָב איך פון דאָסניי דערהערט טריט הינ-טער זיך. אַ מענש אין אַ שינעל איז דורכגעלאָפען פאַרביי מיר. דאָס האָט מיך בעאונרוהיגט. דאָך האָב איך מיך צוגעקראָכען צום גאַניק און איילינג אַרויפגעלאָפען אויף די פינסטערע טרעפּ. די טהיר האָט זיך געעפענט און אַ קליין הענדטעל האָט אַ כאַפּ-גע-טהאָן מיין האַנד..

—קיינער האָט דיך נישט בעמערקט?—האָט מיר ווערע איינגערוימט אין אויער און זיך צוגעטוליעט צו מיר.

„קיינער".

—איצט גלויבסטו, אַז איך האָב דיך ליעב? איך האָב מיך לאַנג געקווענקעלט, לאַנג זיך געמוטשעט... אָבער דו וועסט מאַ-כען פון מיר אַלץ, וואָס דו ווילסט.

איהר האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, די הענד זענען גע-ווען קאַלט, ווי אייז. דערנאָך האָט זי מיר אָנגעהויבען מאַכען פאָרוואורפען, זיך געוומען קלאָגען פון אויפעריגקייט. זי וויל, איך זאָל זיך איהר אין אַלץ מודה-זיין, און זי וועט, זאָגט זי, בעהאַרכזאַם איבערטראָגען מיין פעררעט, ווייל זי וויל בלויז, איך

זאָל זיין גליקליך.״ איך האָב נישט אינגאַנצען געגלויבט דעריף, אָבער איך האָב זי בערוהיגט מיט שבועות, מיט הבטחות א. ד. גל.

—ווערסטו נישט חתונה־האָבען מיט מערי? האָסט זי נישט ליעב?.. און זי מיינט... דו ווייסט, זי איז אין דיר פערליעבט ביז משוגעת!..

. . . . . . . . . . . . . . . . .

האַלבע נאַכט, אַרום צוויי אַ זייגער, האָב איך געעפענט אַ פענסטער, צונויפגעבונדען צוויי שאַרפען און זיך אַראָבגעלאָזט פון דעם אויבערשטען באַלקאָן אויף דעם אונטערשטען, אָנהאַלטענדיג זיך אָן די קאָלאָנעס. ביי דער פירשטין איז נאָך געווען ליכטיג. עפּיס האָט מיך אַ שטויס געטהאָן צו דעמדאָזיגען פענסטער. דער פאָרהאַנג איז נישט געווען אַראָבגעלאָזט אינגאַנצען און איך האָב געקאָנט אַריינקוקען אין צימער אַריין. מערי איז געזעסען אויף איהר בעט מיט פערלעגטע הענד אויף די קניה; איהרע געדיכטע האָהר זענען געווען אַרונטערגעקאַמט אונטער דער מיט שפּיצען בענייהטער נאַכטהויב. אַ גרויסע טונקעלרויטע טוך האָט בעדעקט איהרע ווייסע אַקסלען און דאָס קליינע פיסעל איז געלעגען פערבאָרגען אין די בונטע פּערסישע שטעקשיך. זי איז געזעסען אונבעוועגט, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט אויף דער ברוסט. נעבען איהר, אויפ׳ן קישען, איז געלעגען אַנ׳אָפען בוך, אָבער איהרע אויגען, אונבעוועגליכע און פול מיט אונדערקלערליכען טרויער, זענען אַזוי ווי צום הונדערטסטען מאָל אַדורכגעלאָפען איין־און־דאָסזעלבע זייטעל, נאָר איהרע געדאַנקען זענען געווען אַזוי וויט...

אין דערדאָזיגער מינוט האָט זיך עמיצער בעוועגט הינטער אַ קוסט. איך בין אַראָבגעשפּרונגען פון באַלקאָן. אַנ׳אונבעמערקטע האַנד האָט מיך אַ כאַפּ געטהאָן פאַר׳ן אַקסעל.—אַהאַ!—האָט עמיץ גראָב אויסגעשריען.—אַריינגעפאַלען!.. ווערסט זיך מיר אומשלעפען צו פירשטינס ביינאַכט!

—האַלט איהם שטאַרקער!—האָט אויסגעשריען אַ צווייטער, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ ווינקעל.

דאָס איז געווען גרושניצקי און דער דראַגונישער קאַפּיטאַן.

דעמדאָזיגען קאַפּיטאַן האָב איך אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פויסט איבער'ן קאָפּ, אַראָבגעשלאָגען איהם פון די פיס און זיך אַ וואָרף געטהאָן אין די קוסטעס אַריין. אַלע גאָרטען-שטעגעלעך, וואָס האָבען בעדעקט דאָס פלאַכע אָרט נעבען אונזער שטוב, זענען מיר געווען גוט בעקאַנט.

—גנבים! כאַפּט זיי!—האָבען זיי געשריען. עמיץ האָט אויסגעשאָסען פון אַ ביקס. דער רויכערדיגער פּראָפּען איז געפאַלען כמעט ביי מיינע פיס.

אין אַ מינוט אַרום בין איך שוין געווען אין מיין צימער, זיך אויסגעטהאָן און געלעגט אין בעט אַריין. באַלד ווי מיין דיענער האָט פערמאַכט די טהיר אויפ'ן שלאָס, האָט אָנגעקלאַפּט גרושניצקי מיט'ן קאַפּיטאַן.

—פּעטשאָרין! איהר שלאָפט? איהר זענט דאָ?..—האָט געשריען דער קאַפּיטאַן.

„איך שלאָף,“—האָב איך בייז געענטפערט.

—שטעה-אויף: גנבים... טשערקעסען...

„איך האָב אַ קאַטאַר,—האָב איך מיך אָנגערופען.—איך האָב מורא, איך זאָל מיך נישט צוקיהלען.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען. אומזיסט האָב איך זיי געענטפערט: זאָלען זיי נאָך ביי אַ שעה זוכען מיך אין גאָרטען. דערווייל איז אָבער געוואָרען אַ שרעקליכע מהומה. פון פעסטונג זענען געקומען צולויפען קאָזאַקען. אַלץ האָט זיך גענומען בעוועגען. אין אַלע קוסטעס האָט מען געזוכט טשערקעסען און, פערשטעהט זיך, גאָרנישט געפונען. אָבער פיעל זענען מסתמא געווען איבערצייגט, אַז ווען דער גאַרניזאָן וואָלט אַרויסגעוויזען מעהר מוט און ענערגיע, וואָלטען, לפּחות, אַ צוויי צעהנדליג באַנדיטען אַוועקגעלעגט געוואָרען אויפ'ן אָרט.

---

27-טער יוני.

ביים ברונים האָט מען הייגט אַ סך געשמועסט וועגען דעם נאַכט-אַנפאַל פון די טשערקעסען. אויסגעטרונקען די בעשטימטע

צאָהל נאַרזאַן און זיך דורכגעשפּאַצירט אַ מאָל צעהן איבער דער לאַנגער אַלעע פון ליפּענבוימער, האָב איך בעגעגענט ווע-ראַס מאַן, וואָס איז נאָר-וואָס געקומען צופאָהרען פון פּיאַטי-גאָרסק. ער האָט מיך גענומען אונטער'ן אָרעם און מיר זענען אַוועק פרישטיגען אין רעסטאָראַן. ער האָט זיך שרעקליך בעאונ-רוהיגט וועגען זיין ווייב.—ווי זי האָט זיך איבערגעשראָקען היינט ביינאַכט!—האָט ער געזאָגט.—בעדאַרף עס אָבער אַקוראַט גע-שעהן דעמאָלט, ווען איך בין נישטאָ אין דערהיים. מיר האָבען זיך געזעצט עסען נעבען טהיר, וואָס פיהרט אין ווינקעל-צימער. וואו עס האָבען זיך געפונען אַ צעהן יונגעלייט, צווישען זיי אויך גרושניצקי. דער מזל האָט מיר אַ צווייט מאָל געגעבען די מע-גליכקייט צו הערען אַ געשפּרעך, וואָס האָט בעדאַרפט בעשטימען גרושניצקי'ס גורל. ער האָט מיך נישט געזעהן, און דעריבער האָב איך נישט געקאָנט חושד-זיין, אַז ער רעדט עס מיט אַ כּיון. אָבער דאָס האָט נאָך פערגרעסערט זיין שולד אין מיינע אויגען.

—זענען דאָס ווירקליך געווען טשערקעסען?—האָט עמיצער געפרעגט.—האָט זיי ווער געזעהן?

—איך וועל אייך דערצעהלען דעם גאַנצען אמת,—האָט גרושניצקי געענטפערט,—אָבער איך בעט אייך, איהר זאָלט מיך נישט אַרויסגעבען. אָט ווי דאָס איז געשעהן. נעכטען קומט צו מיר אַ מענש, וועלכען איך וועל אייך נישט אָנרופען, און דער-צעהלט, אַז ער האָט געזעהן, ווי עמיצער האָט זיך ביין אַ זיי-גער אין אָווענד געגנב'עט צו דער פירשטין ליגאָווסקאַ אין שטוב. איך בעדאַרף אייך בעמערקען, אַז די אַלטע פירשטין איז געווען דאָ און די יונגע אין שטוב. זענען מיר אַוועק צו דער פירשטינס פענסטער—אָבוואַרטען דאָרט דעם גליקליכען.

איך בין מיך מודה, אַז איך האָב מיך געשראָקען, הגם וועראַס מאַן איז געווען שטאַרק בעשעפטיגט מיט'ן פריהשטיג; ער וואָלט געקאָנט הערען זעהר אונאָנגענעהמע זאַכען פאַר זיך ווען גרושניצקי וואָלט זיך, חלילה, אָנגעשטויסען אויפ'ן אמת

אָבער פערבלענדעט פון אויפעריגקייט, האָט ער עס גאָרנישט חושד-געווען.

—אַלזאָ, ווי איהר זעהט,—האָט גרושניצקי ווייטער גע-זאָגט—האָבען מיר גענומען אַ ביקס, אָנגעלאָדען מיט אַ לעדיגער קויל,—יענעם אָנצושרעקען עטוואָס—און זענען אַוועק. ביז אַ זיי-גער צוויי האָבען מיר געוואַרט אין גאָרטען. און אָט האָט ער זיך בעוויזען, גאָט ווייס איהם פון וואַנען, אָבער נישט פון פענ-סטער, ווארום דאָס פענסטער האָט זיך נישט געעפענט; ער איז, אפנים, אַרויס דורך דער גלעזערנער טהיר, הינטער די קאָלאָנעס. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיר זעהען, ווי עמיץ געהט-אַראָב פון באַלקאָן... אָבער וואָס זאָגט איהר צו דער פירשטין, האַ? דאָס זע-בען מיר שוין איין מאָל מאָסקווער פריילייגס! היינט וואָס קאָ-נען מיר שוין גלויבען נאָכדעם? האָבען מיר איהם געוואָלט פאַ-קען, האָט ער זיך אָבער אַרויסגעריסען און, ווי אַ האָז, זיך אַ וואָרף געטהאָן אין די קוסטעס אַריין. דאָ האָב איך אויסגעשאָ-סען אין איהם.

אָבער דער עולם האָט עפּיס נישט שטאַרק געגלויבט גרו-שניצקי'ן.

—איהר גלויבט נישט?—האָט ער געזאָגט.—איך גיב אייך מיין עהרנוואָרט, אַז דאָס איז דער ריינער אמת, און, אַלס בע-ווייז, וועל איך אייך נאָך אפשר אָנרופען דעם נאָמען פון דעמ-דאָזיגען הער.

—זאָג, זאָג! ווער איז ער!—האָט מען געבעטען פון אַלע זייטען.

—פעטשאָרין,—האָט גרושניצקי געזאָגט.

אין דער אייגענער מינוט האָט ער אויפגעהויבען די אויגען—און איך בין געשטאַנען אין טהיר געגען איהם. ער איז שרעקליך רויט געוואָרען. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט קלאָר און לאַנגזאַם.

„עס טהוט מיר זעהר באַנג, וואָס איך בין אַריין נאָכדעם, ווי איהר האָט שוין געגעבען אייער עהרנוואָרט, מיט וועלכען איהר האָט בעשטעטיגט זעהר אַ מאוס'ע רכילות. ווען איך וואָלט

עס בייגעווען, וואָלט איהר בעפּרייט געוואָרען פון אַנ׳איבעריגער געמיינהייט״.

גרושניצקי איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און זיך אָנגעהויבען היצען.

„איך בעט אייך,—האָב איך ווייטער געזאָגט מיט דעמזעלבען טאָן,—איהר זאָלט באַלד נעהמען אייערע ווערטער צוריק. איהר ווייסט אַליין, אַז דאָס איז אַנ׳אויסגעטראַכטע זאַך. איך מיין נישט, אַז די פרוי וואָס איז גלייכגילטיג צו אייערע הויכע מעלות, זאָל דערמיט פערדיענען אַזאַ שרעקליכע נקמה. גיט נאָר גוט אַ טראַכט: ווען איהר האַלט זיך ביי אייער מיינונג, פערלירט איהר דאָס רעכט אָנגערופען צו ווערען איידעלמאַן און איהר ריזיקירט מיט׳ן לעבען.״

גרושניצקי איז געשטאַנען געגען מיר מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען, שטאַרק אויפגערעגט. אָבער דער קאַמף צווישען געוויסען און אייגענליעבע האָט נישט לאַנג געדויערט. דער דראַגונישער קאַפּיטאַן, וואָס איז געזעסען נעבען איהם, האָט איהם אַ שטויס געטהאָן מיט׳ן עלענבויגען: ער האָט אויפגעציטערט און געשווינד מיר געענטפערט, נישט-אויפהויבענדיג די אויגען:

—געעהרטער הער, ווען איך זאָג עפּיס, מיין איך עס אַזוי און איך בין עס גרייט איבערצו׳חזר׳ן... אייערע סטראַשונקעס ריהרען מיך נישט און איך בין גרייט אויף אַלץ.

„דאָס לעצטע האָט איהר שוין דערוויזען,—האָב איך איהם קאַלט געענטפערט און, גענומען אונטער׳ן אָרעם דעם דראַגונישען קאַפּיטאַן, בין איך אַרויס פון צימער.

—וואָס פערלאַנגט איהר?—האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט.

„איהר זענט גרושניצקיס אַ פריינד, וועט איהר זיין מסתמא זיין סעקונדאַנט?״

דער קאַפּיטאַן האָט זיך זעהר שטאָלץ פערנויגט.

—איהר האָט געטראָפען,—האָט ער געזאָגט,—איך בין אפילו פערפליכטעט צו זיין סעקונדאַנט, וואָרום זיין בעליידיגונג בעציהט זיך אויך צו מיר. נעכטען אין אָוונעד בין איך געווען

מיט איהם צוזאַמען,—האָט ער צוגעגעבען און אויסגעגלייכט זיי־נע געבויגענע אַקסלען

„אַזוי! האָב איך דאָס אייך אַזוי נישט געשיקט אַ קלאַפּ געטהאָן איבער'ן קאָפּ..."

ער איז געוואָרען געל און בלוי. זיין פנים האָט אויסגע־דריקט פערבאָרגענעם האַס.

„איך וועל האָבען די עהרע צו שיקען אייך היינט מיין סעקונדאַנט,—האָב איך צוגעגעבען, זיך העפליך פערנויגט און געמאַכט אַ מינע, ווי זיין גרימצאָרן געהט מיר גאָרנישט אָן.

אויפ'ן גאַניק פון רעסטאָראַן האָב איך בעגעגענט ווערנאַס מאַן. ער האָט, דאַכט זיך, געוואַרט אויף מיר.

ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד מיט אַ געפיהל, עהנליך צו עקסטאַז.

—איידעלער יונגערמאַן,—האָט ער געזאָגט מיט טרעהרען אויף די אויגען.—איך האָב אַלץ געהערט. וואָס פאַר אַ מין גע־מיינער מענש? אונדאַנקבאַרער!.. לאָז זיי נאָכדעם אַריין אין אַנ'אָנשטענדיג הויז! אַ דאַנק גאָט, וואָס איך האָב נישט קיין טעכטער! אָבער אייך וועט בעלוינען יענע, פאַר וועלכער איהר ריזיקירט מיט'ן לעבען. זענט זיכער אין מיין בעשיידענקייט ביז אַ געוויסער צייט,—האָט ער געזאָגט.—איך האָב אויך געדיענט אין מיליטער. איך ווייס, אַז אין אַזוינע זאַכען בעדאַרף מען זיך נישט אַריינמישען. אַדיע.

אָרימער!.. ער פרעהט זיך, וואָס ער האָט קיין טעכטער נישט.

איך בין גלייך אַוועק צו ווערנער'ן, געפונען איהם אין דערהיים און איהם אַלץ דערצעהלט: וועגען מיינע בעציהונגען צו ווערא'ן און צו דער פירשטין און וועגען דעם שמועס, וואָס איך האָב אונטערגעהערט און וואָס פון איהם האָב איך מיך דער־וואוסט, אַז דידאָזיגע הערן ווילען מאַכען אַ שפּאַס מיט מיר, און שיסען מיט לעדיגע קוילען. אָבער איצט איז שוין דער ענין אַרויס פון די גרעניצען פון שפּאַס: זיי האָבען זיך, מסתמא, נישט גערעכט אויף אַזאַ מין פינאַל.

דער דאָקטאָר איז מרוצה-געוואָרען צו זיין מיין סעקונ-דאַנט. איך האָב איהם געגעבען עטליכע אינסטרוקציעס וועגען די בעדינגונגען פון דועל. איבערהויפט בעדאַרף ער פערלאַנגען, אַז די זאַך זאָל אַריבער בסוד, וואָרום כאָטש איך בין גרייט צו שטאַרבען ווען עס זאָל נישט אויסקומען, פונדעסטוועגען בין איך גאָרנישט גענויגט קאַליע צו מאַכען מיין קאַריערע דאָ אויף דער וועלט.

נאָכדעם בין איך אַוועק אַהיים, אין אַ שעה אַרום איז דער דאָקטאָר געקומען פון זיין עקספעדיציע.

— געגען אייך איז ווירקליך פאַרהאַן אַ פערשווערונג, — האָט ער געזאָגט. — ביי גרושניצקי'ן האָב איך געטראָפען דעם דראַגונישען אָפיציר און נאָך עפּיס איינעם, וואָס זיין פאַמיליע געדענק איך נישט. אויף אַ מינוט האָב איך מיך צוגעשטעלט אין פאָרצימער, אויסצוטהאָן דאָרט די קאַלאָשען. דער עולם האָט שטאַרק געטומעלט און זיך געשפּאַרט... — איך וועל בשום אופן נישט מסכים זיין! — האָט גרושניצקי גע'טענה'ט. — ער האָט מיך עפענטליך בעליידיגט. דעמאָלט איז געווען עפּיס אַנדערש...

— אָבער וואָס אַרט דיך? — האָט זיך אָנגערופען דער קאַפּי-טאַן — איך נעהם אַלץ אויף זיך. איך בין געווען סעקונדאַנט אויף פינף דועלען, און איך ווייס שוין, ווי אַזוי מען מאַכט עס... איך האָב שוין אַלץ צוגעטראַכט. זאָלסט מיר אָבער, איך בעט דיך, נישט שטערען. אָנשרעקען איז נישט שלעכט. און צו וואָס זיך אונטערוואַרפען אַ געפאַהר, ווען מען קאָן עס אויסמיידען?.. איך דאָרדאָזיגער מינוט בין איך אַריין אין צימער. זיי זענען פּלוצ-לונג שטיל געוואָרען. די אונטערהאַנדלונגען אונזערע האָבען גע-דויערט גאַנץ לאַנג. צולעצט, האָבען מיר די זאַך בעשלאָסען אַזוי: אַ וויאָרסט פון דאַנען איז פאַרהאַן אַ פערוואָרפענע הויל. וועלען זיי אַהין אַוועקפאָהרען אַ זייגער פיער פאַרטאָג און מיר וועלען אַרויספאָהרען אין אַ האַלבער שעה אַרום. שיסען וועט איהר אויף זעקס טריט — אַזוי האָט גרושניצקי אַליין געפאָדערט. דער דער-הרג'עטער געהט אויפ'ן חשבון פון טשערקעסען. אָבער איצט איז מיר איינגעפאַלען אַזאַ מין חשד: זיי, די סעקונדאַנטען, הייסט

עס, האָבען, אפנים, איבערגעביטען זייער פריהערדיגען פלאַן און ווילען אָנלאָדען מיט אַ קויל בלויז גרושניצקי׳ס פּיסטאָלעט. דאָס איז עטוואָס ענהליך צו רציחה, אָבער אין אַ צייט פון קריעג און איבערהויפּט פון אַנ׳אַזיאַטישען קריעג ווערען אַזוינע שפּיצלעך דערלויבט. אָבער גרושניצקי איז, דאַכט זיך, איידעלמוטיגער פון זיינע חברים. ווי מיינט איהר? בעדאַרפען מיר זיי ווייזען, אַז מיר האָבען זיך אַנגעשטויסען?

„פאַר קיין אופן נישט אויף דער וועלט! איהר זענט גאָר רוהיג. איך וועל מיך זיי נישט אונטערגעבען.”

—וואָס-זשע ווילט איהר טהאָן?

„דאָס איז מיין סוד.”

—זעהט, איהר זאָלט נישט אַריינפאַלען... דאָס איז דאָך אויף זעקס טריט!

„דאָקטאָר! איך וואַרט אייך אויף מאָרגען פיער אַ זייגער. די פערד וועלען זיין גרייט... אַדיע.”

ביז׳ן אָווענד בין איך געזעסען אין רעהויים, פערשלאָסען אין צימער. געקומען דער דיענער מיך רופען צו דער פירשטין— איך האָב געהייסען זאָגען, אַז איך בין קראַנק.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צוויי אַ זייגער ביינאַכט... עס שלאָפט זיך נישט... אָבער מען וואָלט בעדאַרפט איינשלאָפען—די האַנד זאָל מאָרגען נישט ציטערן. איבעריגענס, אויף זעקס טריט איז שווער צו מאַכען אַ פעהלער. אָ! הער גרושניצקי! אייער מיסטיפיקאַציע האָט זיך אייך נישט איינגעגעבען... מיר וועלען זיך טוישען מיט די ראָ- ליען. איצט וועט מיר אויסקומען אָבצוזוכען אויף אייער בלאַסען געזיכט סימנים פון פערבאָרגענעם שרעק. פאַרוואָס האָט איהר אַליין בעשטימט זעקס טריט? מיינט איהר אפשר, אַז איך וועל אייך אָהן שום רייד אונטערשטעלען דעם שטערען... אָבער מיר וועלען וואַרפען גורל!.. און דעמאָלט... דעמאָלט... וואָס, אַז זיין מזל וועט אַריבערוועגען? אַז מיין שטערען וועט מיר דאָך אַמאָל פערראַטען?.. און עס איז זיך גאָר נישטאָ וואָס צו וואונדערן: מיין שטערן האָט אַזוי לאַנג און טריי געדיענט מיינע קאַפּריזען,

מילא, שטאַרבען, איז שטאַרבען! נישט קיין גרויסער פער-לוסט פאַר דער וועלט. אגב איז מיר אַליין שוין גענוג לאַנג-ווייליג. איך בין, ווי אַ מענש, וואָס גענעצט אויף אַ באַל, וואָס פאָהרט נישט אַהיים שלאָפען בלויז דערפאַר, ווייל דער עקי-פאַזש איז נאָך נישט דערלאַנגט געוואָרען. אָבער די קאַרעט איז שוין גרייט... זענט געזונד...

איך לויף-דורך אין זכרון מיין גאַנצען עבר און פרעג זיך אונגערן: צו וואָס האָב איך געלעבט? צו וואָס פאַר אַ צוועק בין איך געבוירען געוואָרען?.. אָבער אַ צוועק איז זיכער געווען, ווארום איך פיהל אין מיין נשמה אונענדליכע קרעפטען. אָבער איך האָב נישט פערשטאַנען מיין בעשטימונג און זיך איבערגע-געבען צו נישטיגע און נישט-דאַנקבאַרע ליידענשאַפטען. פון זייער שמעלץ-אויווען בין איך אַרויס האַרט און קאַלט ווי אייזען, אָבער איך האָב אויף אייביג פערלאָרען די היץ פון איידעלע שטרע-בונגען—די בעסטע בלומען פון לעבען. וויפיעל מאָל האָב איך זינט דעמאָלט געשפּיעלט די ראָל פון אַ האַק אין די הענד פון מזל? ווי אַ געוועהר פון טויט-שטראָף בין איך געפאַלען אויף די קעפּ פון די אָנגעג׳חתמ׳עטע קרבנות, טיילמאָל אָהן גרימצאָרן, עפּטער אָהן בעדויערונג... מיין ליעבע האָט קיינעם קיין גליק נישט געבראַכט, ווארום איך האָב קיין זאַך נישט געאָפּפערט פאַר די, וואָס איך האָב ליעב געהאַט: איך האָב ליעב געהאַט פאַר זיך, פאַר׳ן אייגענעם פערגעניגען. איך האָב בלויז דערפילט דאָס אויסטערלישע בעדערפניש פון האַרצען: דורשטיג האָב איך געשלונגען זייערע אינערליכע בעוועגונגען, זייערע צערטליכקיי-טען, זייער פרייד און לייד—און זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אָנ-זעטיגען. אַזוי זעהט אין חלום דער הונגעריגער, וואָס ווערט אַנ׳-אָבגעשוואַכטער איינגעשלאָפען, די בעסטע מאכלים און שוימענדיגען וויין; ער פרעסט מיט עקסטאַז די לופט-מתנות פון דמיון און איהם איז אַזוי ווי לייכטער. אָבער האָט ער זיך אויפגעכאַפּט—איז דער חלום צורונען און דער הונגער און יאוש ווערען נאָך שטאַרקער און שווערער.

און אפשר וועל איך מאָרגען שטאַרבען!.. אָבער אויף דער

ערד וועט נישט זיין קיין איין וועזען, וואָס וועט מיך פאָלקאָם פערשטעהן. מאַנכע האַלטען מיך פאַר ערגער, אַנדערע פאַר בעסער, ווי איך בין אין דער׳אמת׳ען... מאַנכע וועלען זאָגען: ער איז געווען אַ וואוילער יונג, די אַנדערע—אַנ׳אויסוואורף. אי דאָס אי יענץ וועלען זיין נישט ריכטיג. און בעדאַרף מען דען נאָכדעם לעבען? און דו לעבסט דאָך פון נייגיריגקייט! דו וואַרטסט אויף עפּיס נייעס... לעכערליך און פערדראָסיג.

---

שוין אָנדערטהאַלבען חדשים, ווי איך וואוין אין דער פעסטונג נ. מאַקסים מאַקסימיטש איז אַוועק אויף געיעג... איך בין אַליין; איך זיץ ביים פענסטער. גרויע כמאַרעס בעדעקען די בערג ביז׳ן פוס; דורכ׳ן נעבעל זעהט די זון אויס ווי אַ געלער פלעק. קאַלט. דער ווינד פייפט און וויעגט די לאָדען... לאַנגווייליג!.. איך וועל ווייטער שרייבען מיין זשורנאַל, וואָס איז איבערגעריסען געוואָרען דורך אַזויפיעל מגושמ׳דיגע ווילדע געשעהענישען.

איך לייען-איבער דאָס לעצטע זייטעל: קאָמיש! איך האָב געטראַכט פון שטאַרבען; דאָס וואָלט געווען אונמעגליך: איך האָב נאָך נישט אויסגעטרונקען דעם בעכער פון פיין, און איצט פיהל איך, אַז איך וועל נאָך לאַנג לעבען.

ווי דאָס אַלץ, וואָס איז געשעהן, האָט זיך דייטליך און שאַרף אויסגעגאָסען אין מיין זכרון: קיין איין שטריך, קיין איין שאַטירונג האָט די צייט נישט אָבגעריבען.

איך געדענק, אַז פאַר דער גאַנצער צייט פון דער נאַכט ערב דעם דועל, האָב איך קיין איין מינוט נישט געשלאָפען. שרייבען האָב איך לאַנג נישט געקאָנט: עפּיס אַ געהיימע אונרוהיגקייט איי מיך בעפאַלען. ביי אַ שעה בין איך געגאַנגען אויף-און-אָב איבער׳ן צימער; דערנאָך האָב איך מיך אַנידערגעזעצט און גענומען לייענען וואַלטער סקאָטס אַ ראָמאַן, וואָס איז געלעגען אויפ׳ן טיש: דאָס זענען געווען „די שאָטלענדישע פּוריטאַנער״. פון אַנהויב האָב איך געלייענט מיט גרויסער אָנשטרענגונג,

דערנאָך האָב איך מיך פערגעסען, פערכאַפּט פון דער טעמע.

דערנאָך האָט געגומען טאָגען. מיינע נערווען האָבען זיך בערוהיגט. איך האָב אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל: אַ טריבע בלאַס־קייט האָט מיר בעדעקט דאָס געזיכט, אויף וועלכען מען האָט געקאָנט דערקאָנען סימנים פון פּיינליכער שלאָפלאָזיגקייט. אָבער די אויגען, אפילו אַרומגערינגעלט מיט אַ ברוינליכען שאָטען, האָבען שטאָלץ און פער'עקשנ'ט געגלאַנצט. איך בין געבליבען צו־פרידען מיט זיך.

געהייסען אָנזאָטלען די פערד, האָב איך מיך אָנגעטהאָן און אַוועקגעלאָפען זיך אויסבאָדען. אַרונטערגעטונקען זיך אונטער דעם קאַלטען קאָכיגען וואַסער פון נאַרזאַן, האָב איך געפיהלט, ווי די קערפּערליכע און גייסטיגע כחות קעהרען זיך מיר ווידער אום. איך בין אַרויס פון דער וואַנע פריש און מונטער, פּונקט ווי איך וואָלט מיך געקליבען אויף אַ באַל.

אַז איך בין געקומען צוריק, האָב איך געטראָפען ביי זיך דעם דאָקטאָר. ער האָט געטראָגען גרויע רייטהויזען, אַנ'אַזיאַטיש קורץ בגד'ל און אַ טשערקעסען־קוטשמע. איך האָב מיך פונאַנ־דערגעלאַכט, ווען איך האָב דערזעהן זיין קליין פיגורל אונטער דער גרויסער האָהריגער קוטשמע. ער האָט קיינמאָל נישט גע־האַט קיין קריעגעריש געזיכט, אָבער דאָסמאָל איז עס נאָך גע־ווען לענגער, ווי שטענדיג.

„פאַרוואָס זענט איהר אַזוי אומעטיג, דאָקטאָר?—האָב איך מיך אָנגערופען.—האָט איהר דען נישט הונדערט מאָל בעגלייט אויף יענער וועלט מענשען מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט? זאָל זיך אייך דאַכטען, אַז איך האָב גאַל־ענטצינדונג; איך קאָן אויסגעהיילט ווערען און קאָן אַוועקשטאַרבען. ביידע זאַכען קאָ־נען געשעהן. סטאַרעט זיך צו קוקען אויף מיר, ווי אויף אַ פּאַ־ציענט, וואָס זיין קראַנקהייט איז אייך נישט בעקאַנט. דעמאָלט וועט אייער נייגיריגקייט דערגעהן ביז דער העכסטער מדרגה. איהר קאָנט איבער מיר איצט מאַכען וויכטיגע פיזיאָלאָגישע בעאָבאַכטונגען... דאָס וואַרטען אויף אַ געוואַלט־טויט איז דען נישט צומאָל אַנ'עכטע קראַנקהייט?

דערדאָזיגער געדאַנק האָט דעם דאָקטאָר איבערראַשט און ער איז פֿרעהליכֿער געוואָרען.

מיר האָבֿען זיך געזעצט אויף די פֿערד. ווערנער האָט זיך מיט בֿיידע הענד גענומען פֿאַר די לייצען און מיר האָבֿען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אין אַ רגע זענען מיר דורכֿגעפֿאָהרען פֿאַרבֿיי דער פֿעסטונג צו דער פֿאָרשטאָדט און אַריינגעפֿאָהרען אין הייל, וואו עס האָט זיך געשלענגעלט אַ וועג, האַלבבֿעוואַקסען מיט הויכֿען גראָז, וואָס איז ווײַלעווייז איבערגעהאַקט געוואָרען דורך אַ רוישיגען טײַכֿעל; דידאָזיגע טײַכלעך האָט מען בעדאַרפֿט איבערפֿאָהרען אין פֿלאַכֿע ערטער צו דער גרעסטער פֿערצווייפֿלונג פֿון דאָקטאָר, ווײַל זיין פֿערד פֿלעגט יעדען מאָל בֿלייבען שטעהן אין וואַסער.

איך געדענק נישט אַ מעהר-בֿלויערן און אַ מעהר-פֿרישען פֿריהמאָרגען! די זון האָט זיך קוים בעוויזען הינטער די גרינע בֿערג-שפּיצען און די בֿעהעפֿטונג פֿון איהרע ערשטע וואַרימע שטראַהלען מיט דער גוסס׳ער קיהלקייט פֿון דער נאַכֿט האָט עפּיס זיס געווירקט אויף דער נשמה. דער פֿרעהליכֿער שיין פֿון יונגען טאָג האָט נאָך נישט אַרייַנגעדרונגען אין הייל. ער האָט נאָר בֿעגילדט די שפּיצען פֿון די פֿעלזען, וואָס זענען פֿון בֿיידע זייטען געהאָנגען איבער אונז. די געדיכֿט-בֿלעטערדיגע קוסטעס, וואָס זענען געוואַקסען אין די טיעפֿע פֿעלז-שפּאַלטען, האָבען ביים קלענסטען אָטעם פֿון ווינד אונז בֿעגאָסען מיט אַ זילבֿערנעם רעגען. איך געדענק, אַז דאָסמאָל האָבֿ איך מעהר ווי אַנ׳אַנדערש מאָל ליעבֿ געהאַט די נאַטור. ווי ניײַגיריג האָבֿ איך מיך איינגעקוקט אין יעדען טויעלע, וואָס האָט געציטערט אויף דעם בֿרייטען בֿלאַט פֿון ווייַנטרויבֿען און וואָס האָט זיך אָבגעשפּיגעלט מיט מיליאָנען רעגענבויגענס! ווי דורשטיג האָט מיין אויג אַרייַנגעדרונגען אין דער נעבֿעלדיגער ווייטקייט! דאָרט איז דער וועג אַלץ איינגער געוואָרען, די פֿעלזען בֿלויער און שרעקליכֿער און, צולעצט, האָבֿען זיי זיך אַזוי ווי צונויפֿגעגאָסען אין אַ געדיכֿטער וואַנד. מיר זענען געפֿאַהרען שווייגענדיג.

—האָט איהר אָנגעשריבען אַ צוואה?—האָט ווערנער פּלוצ-לונג געפרעגט.

„ניין."

—און אויב אייך וועט טרעפען די קויל?

„די יורשים וועלען זיך שוין אַליין אָבגעפינען."

—האָט איהר דען נישט קיין פריינד, וועמען איהר וואָלט וועלען שיקען אייער לעצט זייט-געזונד?..

איך האָב אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

—איז אויף דער וועלט גאָר נישטאָ אַזאַ פרוי, וואָס איהר וואָלט איהר געוואָלט איבערלאָזען עפּיס לזכרון?..

„ווילט איהר, דאָקטאָר,—האָב איך געענטפערט—אַז איך זאָל אייך פונאַנדערעפענען מיין נשמה?.. זעהט איהר, איך בין שוין אַרויס פון יענע יאָהרען, בשעת מען רופט-אָן ביים שטאַרבען דעם נאָמען פון דער געליעבטער און מען לאָזט-איבער דעם פריינד אַ לאָק האָהר, פּאָמאַדיזירט אָדער נישט פּאָמאַדיזירט. טראַכטענדיג וועגען אַ נאָהנטען און מעגליכען טויט, טראַכט איך בלויז וועגען זיך אַליין. אַנדערע טהוען דאָס אויך נישט. די פריינד, וואָס וועלען מיך מאָרגען פערגעסען אָדער נאָך ערגער, וואָס וועלען אויף מיין חשבון אויסטראַכטען גאָט ווייס וואָס פאַר אַ זאַכען; די פרויען, וואָס וועלען אַרומנעהמען אַ צווייטען און דערביי אומישנע אָבלאַכען פון מיר, כדי נישט צו דערוועקען אינ'ם אַרומגענומענעם די אויפעריגקייט צום מת—זאָל זיי גאָט מוחל-זיין! פון לעבענס-שטורם האָב איך אַרויסגעטראָגען בלויז עטליכע אידעען און קיין איין געפיהל נישט. איך לעב שוין לאַנג נישט מיט'ן האַרץ, נאָר מיט'ן קאָפּ. איך אַנאַליזיר, איך וועג-אָב מיינע אייגענע ליידענשאַפטען און מעשים מיט שטרענ-גער נייגיריגקייט, אָבער ווי אַ זייטיגער. אין מיר זיצען צוויי מענשען: איינער לעבט אין פולען זין פון דעמדאָזיגען וואָרט, דער צווייטער דענקט און משפט איהם. דער ערשטער וועט אפשר אין אַ שעה אַרום זיך זעגענען מיט אייך און דער וועלט אויף אייביג, אָבער דער צווייטער... דער צווייטער?.. גיט נאָר אַ קוק, דאָקטאָר: זעהט איהר נישט, ווי אויפ'ן פעלז, רעכטס, פינטלען

אַ דריי פיגורען? דאָס זענען, דאַכט זיך, אונזערע געגנער?..״

מיר זענען ווייטער געפאָהרען.

ביים פוס פון אַ פעלז, אין קוסטעס, זענען צוגעבונדען געוועז דריי פערד; האָבּען מיר אונזערע פערד אויך צוגעבונדען און אַליין דורך אַ שמאָל שטעגעלע אַרויפגעקלעטערט אויף יענעם פּלאַץ, וואו אויף אונז האָט געוואַרט גרושניצקי, דער דראַגונישער קאַפּיטאַן און דער דריטער סעקונדאַנט, וואָס האָט געהייסען איוואַן איגנאַטיעוויטש; זיין פאַמיליע האָב איך קיינמאָל נישט געהערט.

—מיר וואַרטען שוין לאַנג אויף אייך,—האָט געזאָגט דער דראַגונישער קאַפּיטאַן מיט אַנ׳איראָנישען שמייכעל.

איך האָב אַרויסגענומען דעם זייגער און געוויזען.

ער האָט זיך ענטשולדיגט און געזאָגט, אַז זיין זייגער לויפט-איין.

ביי עטליכע מינוט האָט זיך געצויגען אַ שווער שטילשווייגען צולעצט, האָט דער דאָקטאָר איבּערגעריסען דאָס שטילשווייגען און זיך געווענדט צו גרישניצקי׳ן:

—מיר דאַכט זיך,—האָט ער געזאָגט—אַז נאָכדעם ווי איהר ביידע האָט בּעוויזען, אַז איהר זענט גרייט צו דועלירען, און דערמיט דערפילט די פאָדערונג פון עהרע—וואָלט אפשר גלייכער געווען, מיינע הערן, איהר זאָלט זיך פערשטענדיגען און פערענדיגען דעמדאָזיגען ענין בשלום?

„איך בין מסכים,״—האָב איך געזאָגט.

דער קאַפּיטאַן האָט אַ וואונק געטהאָן גרושניצקי׳ן און יענער האָט באַלד, מיינענדיג, אַז איך שרעק מיך, געמאַכט אַ שטאָלצע מינע, הגם ביז דערדאָזיגער מינוט האָט ער אויסגעוויזען גאַנץ בלאַס. זינט מיר זענען געקומען, האָט ער צום ערשטען מאָל אויפגעהויבען אויף מיר די אויגען. אָבער אין זיין בליק איז געלעגען עפּיס אונרוהיגעס, וואָס האָט עדות-געזאָגט, אַז ער לעבט-איבער אַנ׳אינערליכען קאַמף.

—זאָגט אייערע בעדינגונגען,—האָט ער זיך אָנגערופען,—

און אַלץ, וואָס איך וועל קאָנען פאַר אייך טהאָן, טאָ זענט זיכער...

„אָט זענען מיינע בעדינגונגען: נאָך היינט בעדאַרפט איהר זיך עפּענטליך אָבזאָגען פון אייער רכילות און בעטען ביי מיר ענטשולדיגונג..."

—געעהרטער הער, איך וואונדער מיך, ווי אַזוי איהר דערוועגט זיך מיר פאָרצולעגען אַזוינע זאַכען?..

„וואָס קאָן איך אייך פאָרלעגען, אויסער דאָס?"

—וועלען מיר זיך שיסען.

איך האָב אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען. „מילא. אָבער גיט נאָר אַ טראַכט, אַז איינער פון אונז מוז דורכאויס דער־הרג'עט ווערען."

—איך וויל, איהר זאָלט עס זיין...

„אָבער איך בין אַזוי זיכער, אַז עס וועט געשעהן פערקעהרט...

ער האָט זיך פערלאָרען, רויט געוואָרען, דערנאָך געצוואונגענערהייד זיך פונאַנדערגעלאַכט.

דער קאַפּיטאַן האָט איהם גענומען אונטער'ן האַנד און אָבגעפיהרט אין אַ זייט. זיי האָבען זיך לאַנג גע'סוד'עט. געקומען בין איך אין אַ גאַנץ פרידליכער שטימונג, אָבער דאָס אַלץ האָט מיך אָנגעהויבען אויפצורעגען.

צוגעגאַנגען צו מיר דער דאָקטאָר.

—הערט-נאָר,—האָט ער געזאָגט מיט קענטיגער אונרוהיגקייט,—איהר האָט, אפנים, פערגעסען זייער כונה?.. איך קאָן נישט אָנלאָדען קיין רעוואָלווער, אָבער אין דעם פאַל... איהר זענט אַ מאָדנער מענש! זאָגט זיי, אַז איהר ווייסט זייערע כונות, וועלען זיי זיך נישט דערוועגען... וואָס איז דאָס פאַר אַ מין געיעג! מען וועט אייך דערשיסען, ווי אַ פויגעל...

„דאָקטאָר, איך בעט אייך, בעאונרוהיגט זיך נישט און האָט נאָר עטוואָס געדולד... איך וועל אַלץ אַזוי מאַכען, אַז אויף זייער צד וועלען זיי נישט האָבען קיין שום בעקוועמליכקייטען. לאָזט זיי זיך נאָר אָנ'סוד'ען..."

„גאָט אין הימעל, דאָס ווערט דאָך לאַנגווייליג!—האָב איך זיי הויך געזאָגט.—אויב שלאָגען זיך, איז שלאָגען זיך. איהר האָט נאָך נעכטען געהאַט גענוג צייט זיך אָנצורייידען.״

—מיר זענען פאַרטיג,—האָט געענטפערט דער קאַפּיטאַן.—צושטעלט זיך מ׳יינע הערן. דאָקטאָר, זענט אַזוי גוט און מעסטאָב זעקס טריט...

—שטעלט זיך!—האָט איוואַן איגנאַטיעוויטש איבערגע׳חזר׳ט מיט זיין קוויטשיגען קול.

„זענט אַזוי גוט!—האָב איך געזאָגט.—נאָך איין תנאי. אַזוי ווי מיר וועלען זיך שלאָגען אויף טויט, זענען מיר מחויב צו טהאָן, וואָס איז נאָר מעגליך, אַז דאָס זאָל בלייבען אַ סוד און אַז אונזערע סעקונדאַנטען זאָלען נישט זיין פעראַנטוואָרטליך. זענט איהר איינשטימיג?״

—אינגאַנצען איינשטימיג.

„אָט וואָס איך האָב, אַלזאָ, צוגעטראַכט. זעהט איהר דאָס שמאָלע שטיקעלע אָרט אויפ׳ן פעלז מיט די אַראָבגעהאָנגענע זייטען? פון אויבען ביז אונטען וועט ער האָבען אַ קלאַפטער דרייסיג, אויב נישט מעהר. אונטען ליעגען שאַרפע שטיינער. יע-דער פון אונז וועט זיך שטעלען אויפ׳ן סאַמע בּרעג פון דעזיגען שטיין. אויף אַזאַ אופן וועט די סאַמע לייכטעסטע וואונד זיין אַ שטערבּליכע. דאָס בעדאַרף אודאי שטימען מיט אייער וואונש, ווייל איהר האָט דאָך אַליין בעשטימט זעקס טריט. דער פערוואונדעטער וועט זיכער אַראָבפאַלען אונטען און זיך צושלאָגען אויף פיצלעך. די קויל וועט דער דאָקטאָר אַרויסנעהמען און דעמאָלט וועט מען קאָנען זעהר לייכט דערקלערן דעם פלעצליכען טויט דורך אַ נישט-געלונגענעם שפּרונג. מיר וועלען וואַרפען גורל, ווער עס זאָל שיסען דער ערשטער. צולעצט, מוז איך אייך נאָך בעמערקען, אַז אַנדערש וועל איך מיך נישט שלאָגען.

—מען קאָן אַזוי!—האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט און אויסדריקליך אַ קוק געטהאָן אויף גרושניצקי׳ן, וואָס האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אַז ער איז מסכים. זיין פנים האָט זיך ווייעלעוויז געעדערט. איך האָב איהם אַוועקגעשטעלט אין אַ שווע-

רער לאַגע. ווען מען וואָלט זיך שיסען ביי געוועהנליכע בעדינ-גונגען, וואָלט ער זיך געקאָנט ציעלען מיר אין פוס אַריין, מאַ-כען מיר אַ לייכטע וואונד און אויף אַזאַ אופן צופרידענשטעלען זיין נקמה-געפיהל, האָבענדיג דערביי אַ ריין געוויסען. אָבער איצט האָט ער בעדאַרפט אויסשיסען אין לופטען אָדער ווערען אַ גזלן אָדער אָבזאָגען זיך פון זיין געמיינעם פלאַן און אונטער-וואַרפען זיך דערזעלבער געפאַהר, וואָס איך. אין דערדאָזיגער מינוט וואָלט איך נישט געוואָלט זיין אויף זיין אָרט. ער האָט אָבגעפיהרט דעם קאַפּיטאַן אין דער זייט און גענומען טענה׳ן צו איהם מיט גרויס היץ. איך האָב געזעהן ווי זיינע בלוי-גע-וואָרענע ליפּען האָבען געציטערט. אָבער דער קאַפּיטאַן האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהם מיט פעראַכטונג.—דו ביזט אַ נאַר!—האָט ער געזאָגט צו גרושניצקי׳ן גאַנץ הויך.—פערשטעהסט גאָרנישט!.. געהען מיר, מיינע הערן.

אַ שמאָל שטעגעלע האָט געפיהרט צווישען קוסטעס אויף די משופּע׳דיג בערגלעך. די נאַטור אַליין האָט פון שטיקלעך שטיינער געמאַכט וואַקלענדיגע טרעפּלעך. אָנהאַלטענדיג זיך אָן די קוסטעס, האָבען מיר גענומען קלעטערן. גרושניצקי איז גע-גאַנגען פאָראויס, פון הינטער זיינע סעקונדאַנטען און דערנאָך איך מיט׳ן דאָקטאָר.

—איך בעוואונדער אייך,—האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און שטאַרק געדריקט מיר די האַנד.—לאָזט-נאָר אַ טאַפּ טהאָן אייער פּולס!.. אָהאָ! אַ פיבערליכער!.. אָבער אויפ׳ן פּנים איז נישט צו מערקען... בלויז די אויגען גלאַנצען מעהר, ווי אַלעמאָל.

קליינע שטיינדלעך האָבען מיט גערויש זיך גענומען פלו-צלונג קויקלען אונטער די פיס. וואָס איז דאָס? גרושניצקי האָט זיך אַ גליטש געטהאָן, דאָס צווייגעל, אָן וועלכען ער האָט זיך געהאַלטען, איז אָבגעבראָכען געוואָרען. ווען די סעקונדאַנטען וואָלטען איהם נישט דערכאַפּט, וואָלט ער אַראָבגעפאַלען מיט׳ן רוקען אין טהאָל.

—האָב איך איהם אַ געשריי בעטהאָן.—זענט פאָרזיכטיג!

פאַלט נישט צוערשט: דאָס איז אַ שלעכטער סימן. דערמאָנט זיך אָן יוליוס צעזאַר!״

אָט האָבען מיר אַרויפגעקלעטערט אויף דעם אַרויסגערוקטען שטיין. דאָס שטיקעל פלאַץ איז געווען בעדעקט מיט דראָבנעם זאַמד, פונקט ווי עס וואָלט לכתחילה צוגעגרייט געווען פאַר אַ דועל. איינגעהילט אין גאָלדענעם נעבעל פון פריהמאָרגען, האָבען זיך אַרום און אַרום געדרענגט די שפּיצען בערג, ווי אַנ׳ אונצעהליגע טשערעדע, און אין דרום האָט זיך געהויבען דער עלבאָרוס, ווי אַ ווייסע מאַסע, וואָס האָט מיט זיך געשלאָסען די שניי-שפּיצען. אַרום דידאָזיגע שפּיצען האָבען זיך בעוועגט האָהריגע וואָלקענס, וואָס זענען געקומען פון מזרח. איך בין צוגעגאַנגען צום ברעג און אַ קוק געטהאָן אַראָב: דער קאָפּ האָט מיר גענומען שווינדלען. דאָרט, אונטען איז געווען טונקעל און קאַלט, ווי אין אַ קבר. שוואַרצע שטיקער שטיין, אַראָבגעוואָרפען דורך געוויטערס און צייט, האָבען געוואַרט אויף זייער קרבן.

דער פלאַץ, אויף וועלכען מיר האָבען בעדאַרפט דועלירען, איז כמעט געווען אַ פיער-עק. דערדאָזיגער פלאַץ האָט געהאַט אַנ׳אַרויסגערוקטען ווינקעל און פון דעם ווינקעל האָט מען אויסגעמאָסטען זעקס טריט און בעשלאָסען, אַז דער, וואָס וועט דער ערשטער בעדאַרפען בעגעגנען דאָס פיינדליכע פייער, וועט זיך שטעלען דאָ, אויף דעם אַרויסגערוקטען ווינקעל, מיט׳ן רוקען צום אָבגרונד. אויב ער וועט נישט דער׳הרג׳עט ווערען, וועלען זיך די געגנער בייטען מיט די ערטער.

איך האָב בעשלאָסען צו געבען גרושניצקי׳ן די סאַמע בעקוועמסטע בעדינגונגען. איך האָב איהם געוואָלט אויספּרובען. אין זיין נשמה האָט זיך געקאָנט דערוועקען אַ פונק פון גרויסמוטיגקייט און דעמאָלט וואָלט אַלץ זיך געענדיגט צום גוטען. אָבער אויגענליעבע און כאַראַקטערלאָזיגקייט האָבען בעדאַרפט פייערן זייער נצחון... איך האָב מיר געוואָלט געבען פולע רעכט נישט צו שאַנעווען איהם, אויב דער מזל וועט מיך פערהיטען. ווער האָט נישט געשלאָסען אַזאַ אָבמאַך מיט זיין געוויסען?

—וואַרפט אַ גורל, דאָקטאָר! — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן.

דער דאָקטאָר האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ זילבערנע מטבע און זי אויפגעהויבען אין דערהויך.

—ציפער!—האָט גרושניצקי איילי̇ג אויסגעשריען, ווי אַ מענש, וואָס איז פּלוצלונג אויפגעוועקט געוואָרען דורך אַ פיינד-ליכען שטויס.

„אָדלער".—האָב איך געזאָגט.

די געוואָרפענע מטבע איז קלינגענדיג אַראָבגעפאַלען. אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהר.

„איהר זענט גליקליך."—האָב איך גרושניצקי'ן געזאָגט.— איהר בעדאַרפט שיסען דער ערשטער. אָבער געדענקט, אויב איהר וועט מיך נישט דער'הרג'ענען, וועל איך קיין פעהלער נישט מאַכען—איך גיב אייך מיין עהרענוואָרט.

ער איז רויט געוואָרען. ער האָט זיך געשעמט צו דער'-הרג'ענען אַנ'אונבעוואָפענטען מענשען. איך האָב איהם שאַרף אָנגעקוקט. אַ ווייל̇ע האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז ער וועט זיך מיר וואַרפען צו די פיס און בעטען, איך זאָל איהם מוחל-זיין. אָבער ווי אַזוי איז מען זיך מודה אין אַזאַ מין געמיינעם פּלאַן?.. איהם איז פערבליבען בלויז איין מיטעל: אויסשיסען אין דער-לופטען! איין זאַך האָט איהם אָבער געקאָנט דעריין שטערען: דער געדאַנק, אַז איך וועל פאָדערן אַ צווייטען דועל.

—צייט,—האָט מיר דער דאָקטאָר געצויגען פאַר'ן אַרבעל און איינגערוימט אויפ'ן אויער,—אויב איהר וועט איצט נישט זאָ-גען, אַז מיר ווייסען זייער כּונה, וועט אַלץ זיין פערפאַלען. גיט נאָר אַ קוק ווי ער לאָדט-אָן... אויב איהר וועט נישט זאָגען, וועל̇ איך אַליין...

„פאַר קיין פאַל̇ נישט, דאָקטאָר!—האָב איך געענטפערט און צוגעהאַלטען איהם ביי דער האַנד.—איהר וועט אַלץ קאַליע מאַכען. איהר האָט מיר געגעבען אַ וואָרט, אַז איהר וועט נישט שטערען... וואָס אַרט עס אייך? אפשר וויל איך, מען זאָל מיך טויטען..."

אַ פערוואונדערטער, האָט ער אויף מיר אַ קוק געטהאָן

—אָ, דאָס איז אַן׳אַנדער זאַך!.. אָבער אויף יענער וועלט זאָלט איהר זיך אויף מיר נישט קלאָגען.

דער קאַפּיטאַן האָט דערווייל אָנגעלאָדען די רעוואָלווערן, דערלאַנגט איינעם גרושניצקי׳ן, אָנשעפּטשענדיג איהם עפּיס מיט אַ שמייכעל, דעם צווייטען מיר.

איך האָב מיך געשטעלט אין אַרויסגערוקטען ווינקעל, זיך שטאַרק אָנגעקלאַמערט מיט׳ן לינקען פוס אָן אַ שטיין און זיך עטוואָס אָנגעבויגט פאָראויס,—איך זאָל נישט אומפאַלען אַהינטער אין פאַל פון אַ לייכטער וואונד.

גרושניצקי איז געשטאַנען געגען מיר און באַלד ווי עס איז געגעבען געוואָרען אַ צייכען, האָט ער גענומען אויפהויבען דעם פּיסטאָלעט. זיינע קניה האָבען געציטערט. ער האָט זיך געציעלט גלייך מיר אין שטערען אַריין...

עפּיס אַ ווילדער גרימצאָרן איז בעפאַלען מיין האַרץ.

פּלוצלונג האָט ער אַראָבגעלאָזען דעם פּיסטאָלעט, און, בלאַס ווי לייוונד, האָט ער זיך געווענדט צו זיין סעקונדאַנט:

—איך קאָן נישט!—האָט ער געזאָגט מיט אַ דומפּען קול.

—פּחדן!—האָט געענטפערט דער קאַפּיטאַן.

ער האָט אויסגעשאָסען. די קויל האָט מיר אַ קראַץ געטהאָן די קניה. נישט-ווילענדיג האָב איך געמאַכט עטליכע טריט פאָר-אויס—איך זאָל מיך דערוויייטערן גיכער פון ברעג.

—נו, ברודער, גרושניצקי, אַ שאָד וואָס דו האָסט געמאַכט אַ פעהלער!—האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן,—איצט בעדאַרפסטו זיך שטעלען. נעהם מיך אָבער פריהער אַרום: מיר וועלען זיך שוין מעהר נישט זעהן! זיי האָבען זיך אַרומגענומען. דער קאַפּיטאַן האָט זיך קוים געקאָנט איינהאַלטען פון געלעכטער.—שרעק זיך נישט,—האָט ער צוגעגעבען און איהם אָנגעקוקט מיט כיטרע אוי-גען,—אויף דער וועלט איז אַלץ הבל-הבלים. די נאַטור איז אַ נאַר, דער מזל אַן׳אינדיק און דאָס לעבען איז נישט ווערט קיין דרייער...

נאָך דערדאָזיגער טראַגישער פראַזע, וואָס איז געזאָגט גע-וואָרען מיט אַנשטענדיגען ערנסט, איז ער אַבגעטראַטען אויף זיין

אָרט. איוואַן איגנאַטיעוויטש האָט איהם אויך אַרומגענומען מיט טרעהרען, און אָט איז ער געבליבען שטעהן אַליין געגען מיר. נאָך איצט סטאַרע איך מיך אַלץ קלאָר צו מאַכען, וואָס פאַר אַ געפיהלען האָבען דעמאָלט געשטורמט ביי מיר אין האַרץ: דאָ איז געווען אי פערדרוס פון בעליידיגטער אייגענליעבע, אי פער-אַכטונג, אי פערביטערונג, וואָס איז דערוועקט געוואָרען ביים געדאַנק, אַז דערדאָזיגער מענש, וואָס קוקט מיט אַזאַ רוהיגער העזה אויף מיר, האָט געוואָלט מיט אַ צוויי מינוטען צוריק מיך דער׳הרג׳ענען, ווי אַ הונד, ווארום ווען איך וואָלט עטוואָס שטאַר-קער פערוואונדעט געוואָרען אין פוס, וואָלט איך זיכער אַראָב-געפאַלען פון פעלז, און ער איז זיך בשעת-מעשה געווען אויסער יעדער געפאַהר.

ביי עטליכע מינוט האָב איך איהם שאַרף אַריינגעקוקט אין פנים אַריין און זיך געסטאַרעט צו בעמערקען כאָטש אַ לייכטען שפור פון חרטה. אָבער, פערקעהרט, מיר האָט אויסגעוויזען, אַז ער האַלט-איין דעם שמייכעל.

„איך ראָט אייך, איהר זאָלט בעטען גאָט פאַר׳ן טויט,"— האָב איך איהם דעמאָלט געזאָגט.

—זאָרגט זיך נישט פאַר מיין טויט מעהר, ווי פאַר אייער אייגענעם. איך בעט אייך איין זאַך: שיסט שנעלער.

„און איהר זאָגט זיך נישט אָב פון אייער רכילות? איהר בעט גאָרנישט, איך זאָל אייך מוחל-זיין?.. גיט נאָר גוט אַ טראַכט: זאָגט אייך עפּיס נישט דאָס געוויסען?

—הער פעטשאָרין!—האָט אויסגעשריען דער דראַגונישער אָפיציר.—דערלויבט מיר אייך צו בעמערקען, אַז איהר זענט אַהער נישט געקומען דערויף, ער זאָל זיך פאַר אייך מתודה-זיין... לאָמיר דאָס ענדיגען גיכער. עס קאָן נאָך עמיצער פאַר-בייפאָהרען פאַרביי דער הייל און וועט אונז דערזעהן.

„גוט. דאָקטאָר, קומט אַהער!"

צוגעגאַנגען דער דאָקטאָר. אָרימער דאָקטאָר! ער איז גע-ווען בלאַסער, איידער גרושניצקי מיט צעהן מינוט צוריק.

די פאָלגענדיגע ווערטער האָב איך אַרויסגעזאָגט בכיון לאַנג-

וואָס, הויך און דייטליך, ווי מען זאָגט-אַרויס אַ פסק-דין פון טויט-שטראָף.

„דאָקטאָר, דידאָזיגע הערן האָבען, אפנים, פערגעסען אין איילעניש אַריינצולעגען די קויל אין מיין פּיסטאָלעט. איך בעט אייך, איהר זאָלט איהם פון דאָסנייע אָנלאָדען—און גוט!

—עס קאָן נישט זיין!—האָט אויסגעשריען דער קאַפּיטאַן.—איך האָב אָנגעלאָדעןביידע פּיסטאָלעטען. אפשר איז פון אייערן אַרויסגעפאַלען די קויל... אָבער דאָס איז נישט מיין שולד. אָבער איהר האָט קיין רעכט נישט איבערצולאָדען... קיין שום רעכט נישט... דאָס איז אַבסאָלוט געגען די כּללים. איך דערלויב נישט...

„רעכט!—האָב איך געזאָגט דעם קאַפּיטאַן—אויב אַזוי, וועלען מיר זיך שיסען מיט אייך אויף דיזעלבע בעדינגונגען...“

ער איז געבליבען אין פערלעגענהייט.

גרושניצקי איז געשטאַנען אַ פערשעמטער און אַ טריבער, מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ אויף דער ברוסט.

—לאָז זיי!—האָט ער צולעצט געזאָגט דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט געוואָלט אַרויסרייסען דעם פּיסטאָלעט פון דעם דאָקטאָרס האַנד.—דו ווייסט דאָך אַליין, אַז זיי זענען גערעכט.

אומזיסט האָט איהם דער קאַפּ׳טאַן געגעבען פערשידענע רמזים. גרושניצקי האָט אפילו נישט געוואָלט קוקען אויף זיי.

דערווייל האָט דער דאָקטאָר אָנגעלאָדען דעם פּיסטאָלעט און מיר איהם דערלאַנגט. דער קאַפּיטאַן, וואָס האָט עס דערזעהן, האָט אויסגעשפּיגט און אַ קלאַפּ געטהאָן מיט׳ן פוס.

—אָבער אַ נאַר ביזטו, ברודערל!—האָט ער געזאָגט,—אַ גראָבער נאַר!.. האָסטו מיר געפאָלגט, האָסטו מיר שוין בעדאַרפט פאָלגען אין אַלץ... אַ מצוה אויף דיר... פּגר-אַוועק ווי אַ פליג...—ער האָט זיך אָבגעקעהרט און, אָבגעהענדיג אין דער זייט, אַרויסגעמורמעלט:—און דאָך איז עס געגען די כּללים.

„גרושניצקי!—האָב איך געזאָגט.—נאָך פאַרהאַן צייט. זאָג זיך אָב פון דיין רכילות, און איך וועל דיר אַלץ מוחל-זיין. דיר האָט זיך נישט איינגעגעבען מיך אויסצונאַרען, און מיין אויגע-

ליעבע איז בעפרידיגט. דערמאָן זיך, מיר זענען אַמאָל געווען פריינד..."

זיין פנים האָט אויפגעפלאַמט, די אויגען האָבען גענומען גלאַנצען.

— שיסט! — האָט ער געענטפערט. — אייך פערהאַס איך און זיך האָב איך פיינט. אויב איהר וועט מיך נישט דער'הרג'ענען, וועל איך אייך ביינאַכט פון אַ ווינקעל דערשטעכען. פאַר אונזביידען איז קיין אָרט נישטאָ אויף דער ערד...

איך האָב אויסגעשאָסען...

אַז דער רויך איז צוזייהט געוואָרען, איז שוין גרושניצקי נישט געווען אויפ'ן פלאַץ. נאָר זיין גוף האָט זיך נאָך געזעהן אַ רגע אויפ'ן ברעג פון תהום.

אַלע האָבען אין איין קול אויסגעשריען.

„די קאָמעדיע איז געענדיגט!" — האָב איך געזאָגט דעם דאָקטאָר.

ער האָט נישט געענטפערט און זיך אָבגעקעהרט מיט שרעק.

איך האָב אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און זיך פערנויגט פאַר גרושניצקיס סעקונדאַנטען.

אַראָבלאָזענדיג זיך מיט'ן שטעגעלע אַראָב, האָב איך בעמערקט צווישען די שפּאַלטען פון די שטיינער גרושניצקיס פערבלוטיגטען קערפּער. נישט־ווילענדיג האָב איך צוגעמאַכט די אויגען.

אָבגעבונדען דאָס פערד, האָב איך מיך לאַנגזאַם געלאָזט אַהיים. אויפ'ן האַרצען איז מיר געלעגען אַ שטיין. די זון האָט מיר אויסגעוויזען שטאַר, איהרע שטראַהלען האָבען מיך נישט געוואַרימט.

נישט־דערפאָהרענדיג ביז דער פאָרשטאָדט, האָב איך מיך אָבגעקעהרט רעכטס צום הייל. דעם מענשענס אויסזעהן וואָלט מיך בעלעסטיגט. איינגעלאָזט די לייצען, האָב איך אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און געפאָהרען לאַנג, ביז איך האָב מיך דערזעהן גאָר אין אַנ'אונבעקאַנטען אָרט. איך האָב מיך אומגעקעהרט און גענומען זוכען דעם וועג. די זון האָט זיך שוין געזעצט, בשעת איך בין צוגעפאָהרען צו קיסלאָוואָדסק, אַנ'אויס-

געמאַטערטער, אויף אַנ׳אויסגעמאַטערטען פערד.

מיין דיענער האָט מיר געזאָגט, אַז ווערנער איז געקומען און האָט מיר איבערגעלאָזט צוויי בריוועלעך. איינס פון איהם, דאָס צווייטע... פון ווערא׳ן. איך האָב אויפגעעפענט דאָס ערשטע בריוועלע. דער אינהאַלט איז געווען אַזאַ:

„אַלץ איז איינגעאָרדענט, ווי מען בעדאַרף נישט בעסער. דער צוקאַלעטשעטער קערפּער איז אַוועקגעפיהרט געוואָרען, די קויל איז אַרויסגענומען געוואָרען. אַלע זענען זיכער, אַז די סבה פון זיין טויט איז אַנ׳אומגליקליכער צופאַל. בלויז דער קאָמענדאַנט, וועמען עס איז בעוואוסט, מסתּמא, אייער קריעג, האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, אָבער גאָרנישט געזאָגט. קיין שום בעווייזען געגען אייך זענען נישטאָ, און איהר קאָנט רוהיג שלאָפען... אויב איהר קאָנט... זייט געזונד..."

איך האָב מיך לאַנג נישט בעשלאָסען אויפצועפענען דאָס צווייטע בריוועלע... וואָס האָט זי מיר געקאָנט שרייבען?.. אַ שווער פאָרגעפיהל האָט בעאונרוהיגט מיין נשמה.

אָט איז ער, איהר בריעף, וואָס יעדעס וואָרט זיינס האָט זיך מיר שטאַרק איינגעשניטען אין דער נשמה.

„איך שרייב דיר אין דער פולער זיכערקייט, אַז מיר וועלען זיך קיינמאָל מעהר נישט זעהן. מיט עטליכע יאָהר צוריק, בשעת איך האָב מיך צושיידט מיט דיר, האָב איך דאָס אייגענע געטראַכט. אָבער דעם הימעל איז בעוויליגט געווען אויסצופּרובען מיך אַ צווייט מאָל. איך האָב נישט איבערגעטראָגען דעמדאָזיגען נסיון, מיין שוואַך האַרץ האָט זיך פון דאָסניי אונטערגעגעבען דער בעקאַנטער שטים... דו וועסט מיך נישט פעראַכטען דערפאַר, נישט וואָהר? דערדאָזיגער בריף וועט דיר זיין אי אַ געזעגען-בריף, אי אַנ׳אָפּענהערציגער ווידוי. איך בין פערפליכטעט דיר אַלץ צו זאָגען, וואָס עס האָט זיך מיר אָנגעקליבען אויפ׳ן האַרצען, זינט עס האָט דיך ליעב בעקומען. איך וועל דיך נישט נעהמען בעשולדיגען—דו ביזט זיך בעגאַנגען מיט מיר, ווי אַ יעדער אַנדער מאַנספערשוין. דו האָסט מיך ליעב געהאַט, ווי אַנ׳אייגענטום, ווי אַ קוואַל פון פרייד, אונרוהיגקייט און טרויער,

וואָס האָבען זיך געביטען צווישען איינאַנדער, וואָס אָהן זיי וואָלט דאָס לעבען געווען לאַנגווייליג און איינטעניג... איך האָב עס באַלד פערשטאַנען. אָבער דו ביזט געווען אומגליקליך, און איך האָב געאָפּפערט מיט זיך, האָפּענדיג, אַז ווען-עס-איז וועסטו אָבשאַצען מיין אָפּפער, ווען-עס-איז וועסטו פערשטעהן מיין טיעפע צערטליכקייט, וואָס איז נישט אָבהענגיג פון בעדינגונגען. פון דעמאָלט-אָן איז אַוועק אַ סך צייט: איך האָב אַריינגעדרונגען אין אַלע סודות פון דיין נשמה... און זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז געווען אַן'אומזיסטע האָפנונג. מיר איז געווען ביטער. אָבער מיין ליעבע איז זיך צונויפגעוואַקסען מיט מיין נשמה: זי איז טונקעלער געוואָרען, אָבער נישט איינגעלאָשען.

„מיר שיידען זיך אויף אייביג. אָבער דאָך מעגסטו זיין זיכער, אַז איך וועל אַ צווייטען קיינמאָל נישט ליעבען. מיין נשמה האָט אויסגעבראַכט אויף דיר אַלע איהרע אוצרות, אַלע איהרע טרעהרען און האָפנונגען. די, וואָס האָט דיך אַמאָל ליעב געהאַט, קאָן נישט קוקען אויף אַנדערע מענער אָהן אַ געוויסער פעראַכטונג, און נישט דערפאַר, ווייל דו ביזט בעסער פאַר זיי, אָ, ניין! נאָר אין דיין נאַטור איז פאַרהאַן עפּיס בעזונדערעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר דיר איינעם—עפּיס שטאָלצעס און געהיימעס. אין דיין קול, וואָס דו זאָלסט נישט זאָגען, איז פאַרהאַן אַ געוואַלטיגע מאַכט. קיין איינער קאָן אַזוי נישט וועלען זיין געליעבט בעשטענדיג. אין קיינעם האָט נישט דאָס שלעכטע אַזאַ רייץ, ווי אין דיר; קיינעמס בליק פערשפּרעכט נישט אַזויפיעל פערגעניגען; קיינער קאָן זיך אַזוי נישט בענוצען מיט זיינע מעלות און קיינער קאָן נישט זיין אַזוי ניכט גליקליך, ווי דו, וואָרום קיינער סטאַרעט זיך נישט אַזויפיעל זיך בערצוצייגען אינ'ם אומגעקעהרטען, ווי דו.

„איצט בעדאַרף איך דיר דערקלערן די סבה פון מיין אייליגען אָבפאָהר. די סבה וועט דיר אויסווייזען נישט וויכטיג, ווייל זי בעציהט זיך בלויז צו מיר.

„היינט אינדערפריה איז מיין מאַן געקומען צו מיר און האָט מיר דערצעהלט פון דיין קריעג מיט גרושניצקי'ן. איך האָב

מיך, מסתמא, זעהר פערענדערט אין געזיכט, וואָרום ער האָט מיר לאַנג אַריינגעקוקט אין די אויגען אַריין. איך בין שיער נישט געפאַלען אין חלשות ביים געדאַנק, אַז דו בעדאַרפסט זיך היינט שלאָגען און אַז איך בין דאָ די סבה. מיר האָט אויסגעוויזען, אַז איך ווער משוגע... אָבער איצט, בשעת איך קאָן אַרומקלערן די זאַך, בין איך זיכער, אַז דו וועסט בלייבען לעבען: עס איז נישט מעגליך, אַז דו זאָלסט שטאַרבען אָהן מיר, עס איז נישט מעגליך! מיין מאַן איז לאַנג אַרומגעגאַנגען איבער׳ן צימער. איך ווייס נישט, וואָס האָט ער מיר געזאָגט און וואָס האָב איך איהם געענטפערט... איך האָב איהם, וואַרשיינליך, געמוזט זאָגען, אַז איך האָב דיך ליעב... איך געדענק נאָר, אַז צולעצט פון אונזער שמועס האָט ער מיך בעליידיגט מיט אַ שרעקליכען וואָרט און איז אַרויסגעגאַנגען. איך האָב געהערט, ווי ער האָט געהייסען צוגרייטען דעם עקיפּאַזש... שוין דריי שעה, ווי איך זיץ ביים פענסטער און וואַרט, דו זאָלסט דיך אומקעהרן צוריק... אָבער דו לעבסט... דו קאָנסט נישט שטאַרבען... דער עקיפּאַזש שטעהט שוין כמעט גרייט... זיי געזונד, זיי געזונד... מיין סוף איז געקומען—אָבער דאָס איז נישט אַזוי שרעקליך. ווען איך וואָלט געקאָנט זיין זיכער, אַז דו וועסט מיך געדענקען—איך רייד שוין נישט פון ליעבען—ניין, בלויז געדענקען... אַדיע. מען געהט... איך בעדאַרף בעהאַלטען דעם בריעף...

„נישט וואָהר? דו האָסט נישט ליעב מערי? דו וועסט נישט חתונה-האָבען? הער, דו מוזט מיר ברענגען דעמדאָזיגען קרבן, וואָרום פאַר דיר האָב איך אַלץ פערלאָרען אויף דער וועלט...״

ווי משוגע, בין איך אַרויסגעלאָפען אויפ׳ן גאַניק, פון דאַנען—אַרויפגעשפרונגען אויפ׳ן טשערקעס, וואָס מען האָט אומגעפיהרט איבער׳ן הויף און זיך הענדום-פענדום געלאָזט מיט׳ן וועג קיין פּיאַטיגאָרסק. איך האָב אָהן רחמנות געטריבען מיין אויסגעמוטשעט פערד, וואָס האָט, שווער-סאָפּענדיג, בעדעקט איינגאַנצען אין שוים, מיך געטראָגען איבער דעם פעלזיגען וועג.

די זון האָט זיך שוין בעהאַלטען הינטער אַ שוואַרצער כמאַ-

רע, וואָס האָט גערוהט אויפ׳ן רוקען פון די בערג; אין באַרג-הייל איז געווען טונקעל און פייכט. דער פּאָדקומאָק, פליסענדיג איבער שטיינער, האָט שטאַר און איינטעניג געברומט. איך בין געלאָפען מיט אַ פערהאַקטען אָטעם פון אונגעדולד, דער געדאַנק, אַז איך וועל זי נישט געפינען אין פּיאַטיגאָרסק האָט מיר גע-קלאַפּט, ווי מיט אַ האַמערל איבער׳ן האַרץ. איין מינוט, נאָך איין מינוט זי אָנקוקען, זיך געזעגענען, דריקען איהר די האַנד... איך האָב גאָט געבעטען, פערשאָלטען דאָס לעבען, געוויינט, גע-לאַכט... ניין, קיין זאַך וועט נישט אויסדריקען מיין אונרוהיג-קייט, מיין פערצווייפלונג!.. ביי דער מעגליכקייט צו פערלירען זי אויף אייביג, איז זי מיר טייערער געוואָרען פון אַלץ אין דער וועלט—טייערער פון לעבען, פון עהרע, פון גליק! גאָט ווייס, וואָס פאַר אַ מאָדנע ווילדע געדאַנקען עס האָבען זיך מיר אומגעדרעהט אין קאָפּ. און דערווייל בין איך אַלץ געפלויגען און געיאָגט דאָס פערד אָהן רחמנות. און אָט האָב איך גענומען בעמערקען, אַז מיין פערד אָטעמט שווערער. אַ פּאָר מאָל האָט עס זיך אויסגעגליטשט אויף אַ גלאַטען אָרט... ביז יעסענטוקי—אַ קאָזאַקען-ישוב—זענען נאָך געבליבען ביי אַ וויאָרסט פינף; דאָרט וואָלט איך מיך געקאָנט איבערזעצען אויף אַנ׳אַנדער פערד.

אַלץ וואָלט געראַטעוועט געוואָרען, ווען מיין פערד וואָלט געקלעקט כחות נאָך אויף אַ צעהן מינוט. אָבער אַז עס האָט זיך בעדאַרפט אויפהויבען פון אַ קליין טהאָלכעל, ביים אַרויספאָהרען פון די בערג, איז עס אויף אַ משופּע׳דיגען אָרט אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד. איך בין געשיקט אַראָבגעשפּרונגען און געוואָלט עס אויפהויבען, ציהענדיג פאַר׳ן צוים—אָבער אומזיסט. אַ מין אָב-זיפצען, קוים צו הערען, האָט זיך דורכגעריסען דורך זיינע פער-דריקטע צייהן. אין עטליכע מינוט אַרום איז עס אַוועקגע׳פּגר׳ט. איך בין געבליבען אַליין אין דער סטעפּ, פערלירענדיג די לעצטע האָפנונג. איך האָב מיך געוואָלט לאָזען צופוס, אָבער מיר זענען אונטערגעהאַקט געוואָרען די פיס. אויסגעמוטשעט דורך די שווע-רע איבערלעבונגען פון טאָג און דורך נישט שלאָפען די נאַכט,

בין איך געפאַלען אויפ'ן נאַסען גראָז און זיך צעוויינט, ווי אַ קינד.

און לאַנג בין איך אונבעוועגליך געלעגען און ביטער געוויינט. איך האָב מיך גאָרנישט געסטאַרעט איינצוהאַלטען די טרעהרען און געוויינט. איך האָב געמיינט, אַז דאָס האַרץ ווערט מיר צוריסען; די גאַנצע שטאַרקייט מיינע, די גאַנצע קאַלטבלוטיגקייט זענען צושוואומען, ווי רויך. די נשמה איז מיר שוואַך געוואָרען, דער שכל איז שטיל געבליבען, און ווען עמיצער וואָלט מיך אין דערדאָזיגער מינוט דערזעהן, וואָלט ער זיך אָבגעקעהרט מיט פעראַכטונג.

און אַז דער נאַכט-טוי און דער ווינד פון די בערג האָבען מיר דערפרישט דעם קאָפּ און די געדאַנקען זענען אַוועק מיט זייער געוועהנליכען סדר, האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָס יאָגען זיך נאָך אַ פערפאַלענעם גליק האָט נישט קיין שום זין און עס איז אויך נישט נויטיג. וואָס בעדאַרף איך נאָך — זי זעהן? — צו וואָס? איז דען נישט אַלץ געענדיגט צווישען אונז? איין בעסערער געזעגען-קוש וועט נאָך נישט בערייכערן מיינע ערינערונגען און נאָך דעם קוש וועט נאָך שווערער זיין צו שיידען זיך.

מיר איז אָבער דאָך געווען אָנגענעהם, וואָס איך קאָן וויינען. איבעריגענס, זענען אפשר דערין שולדיג געווען מיינע צורודערטע נערוועז, די שלאָפלאָזע נאַכט, די צוויי מינוטען קעגען פיסטאָלעט און דער לעדיגער מאָגען.

אַלץ צו בעסער! אָט דער נייער וועה, אויסדריקענדיג זיך אויפ'ן מיליטערישען לשון, האָט געמאַכט אין מיר אַ גליקליכע דיווערסיע. וויינען איז געזונד, און אגב, קאָן זיין, אַז ווען איך וואָלט מיך נישט דורכגעפאָהרען רייטענדיג און וואָלט נישט געווען געצוואונגען געהן צוריק פופצעהן וויאָרסט צופוס, וואָלט איך, מסתמא, אויך די נאַכט נישט געשלאָפען.

איך האָב מיך אומגעקעהרט אין קיסלאָוואָדסק פינף אַ זייגער פאַרטאָג, אַ וואָרף געטהאָן זיך אויפ'ן געלעגער און אַנטשלאָפען געוואָרען, ווי נאַפּאָלעאָן נאָך וואַטערלאָאָ.

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען טונקעל אין דרויסען. איך האָב מיך געזעצט ביים אָפענעם פענסטער, פונאַנדערגעשפּיליעט דעם אַרכאַלוק, און דער באַרג-ווינד האָט מיר אָבגעפרישט דאָס האַרץ, וואָס איז נאָך נישט בערוהיגט געוואָרען דורכ'ן שווערען מידען שלאָף.

ווייט, הינטער'ן טייך, צווישען די געדיכטע ליפּעס-צווייגען, וואָס האָבען בעשאָטענט דעמדאָזיגען טייך, האָבען זיך אַרויסגעזעהן פייערלעך פון די פעסטונגס-בנינים און פון פאָרשטעדטעל. ביי אונז אויפ'ן הויף איז געווען שטיל, ביי דער פירשטין — טונקעל.

אַריין דער דאָקטאָר. ער איז עפּיס געווען מרה-שחורה'דיג. געגען זיין טבע האָט ער מיר נישט דערלאַנגט די האַנד.

„פון וואַנען קומט איהר, דאָקטאָר?"

— פון פירשטין ליגאָווסקאַ. איהר טאָכטער איז קראַנק — נערוועו-אָבשוואַכונג... אָבער נישט דאָס בין איך אויסען. אָט וואָס: נאַטשאַלסטוואָ שטויסט זיך אָן. זי האָט אפילו נישט קיין בעווייזען, פונדעסטוועגען וואָלט איך אייך געראַטען, איהר זאָלט זיין פאָרזיכטיגער. די פירשטין האָט מיר היינט געזאָגט, אַז זי ווייס, אַז איהר האָט זיך דועלירט פאַר איהר טאָכטער. דאָס האָט איהר אַלץ דער אַלטעטשקער דערצעהלט... ווי הייסט ער דאָרטען? ער איז בייגעווען, בשעת איהר האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט גרושניצקי'ן אין רעסטאָראַן. בין איך, אַלזאָ, אייך געקומען אָנזאָגען. אַדיע. מעגליך, אַז מיר וועלען זיך שוין מעהר נישט זעהן: מען וועט אייך ערגעץ אַרויסשיקען.

אויף דער שוועל איז ער געבליבען שטעהן: ער האָט מיר געוואָלט דריקען די האַנד, און ווען איך וואָלט אַרויסגעוויזען דעם קלענסטען פערלאַנג דערצו, וואָלט ער זיך מיר געוואָרפען אויפ'ן האַלז. אָבער איך בין געבליבען קאַלט ווי אַ שטיין, און ער איז אַרויסגעגאַנגען.

אָט זענען מענשען! אַלע זענען זיי אַזוי: וויסען פריהער אַלע שלעכטע זייטען פון דעם, וואָס מען געהט טהאָן, העלפען אַליין צו, גיבען עצות, לעגען אפילו זייער הסכמה דערויף, אָבער

דערנאָך וואַשען זיי זיך אָב די הענד און קעהרן זיך אָב מיט פעראַכטונג פון יענעם, ווער עס האָט געהאַט דעם מוט צו געהען אויף זיך די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט. אַלע זענען זיי אַזוי, אפילו די סאַמע בעסטע, די סאַמע קליגסטע.

צומאָרגענס פריה האָב איך בעקומען פון גאַטשאַלסטוואָ אַ בעפעהל אַרויסצופאָהרען אין דער פעסטונג נ. איך בין אַריין צו דער עלטערער פירשטין, זיך געזעגענען.

זי איז זעהר פערוואונדערט געוואָרען, ווען אויף איהר פראַגע: צי האָב איך איהר אפשר נישט צו זאָגען עפּיס בעזונדערס וויכטיגעס, האָב איך געענטפערט, אַז איך ווינש איהר גליק א. ד. גל.

—אָבער איך בעדאַרף מיט אייך זעהר ערנסט ריידען!

איך האָב מיך שווייגענדיג אַנידערגעזעצט.

געווען קלאָר, אַז זי האָט נישט געוואוסט, פון וואַנען אָנצוהייבען. דאָס געזיכט איז איהר רויט געוואָרען, די דיקע פינגער האָבען געקלאַפּט איבער'ן טיש. צולעצט האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט אַ פערהאַקטען קול:

—הערט-נאָר, מאָסיע פעטשאָרין, איך מיין, אַז איהר זענט אַנ'איידעלער מאַן.

איך האָב מיך פערנויגט.

—איך בין אפילו זיכער דערין,—האָט זי ווייטער געזאָגט,—כאָטש אייער אויפפיהרונג רופט-אַרויס ספקות. אָבער איהר קאָנט זיך האָבען אייערע אורזאַכען, וואָס איך קאָן זיי נישט, און וועגען זיי האָט איהר טאַקי איצט בעדאַרפט מיט מיר ריידען. איהר האָט פערטיידיגט מיין טאָכטער פון רכילות, איהר זענט געגאַנגען אויף אַ דועל פאַר איהר, הייסט עס, אַז איהר האָט ריזיקירט מיט'ן לעבען... איהר וועט נישט זיין פעראַנטוואָרטליך, איך ווייס, ווייל איהר וועט נישט מודה-זיין, אַז גרושניצקי איז דערשאָסען געוואָרען (זי האָט זיך איבערגע'צלמ'ט). גאָט וועט איהם מוחל-זיין און איך פערהאָף—אייך אויך!.. דאָס געהערט נישט צו מיר... און איך דערוועג מיך נישט צו פער'משפט'ען אייך, ווייל מיין טאָכטער, וואָס איז אפילו נישט שולדיג, איז דאָך געווען

די סבה דערצו, זי האט מיר אלץ דערצעהלט... איך מיין אלץ אז איהר האט זיך איהר דערקלערט אין ליעבע... זי אייך אויך (דא האט די פירשטין שווער אבגעזיפצט). אבער זי איז קראנק, און איך בין זיכער, אז דאס איז נישט קיין געוועהנליכע קראנקהייט! עפיס א פערבארגענער אומעט דערשלאגט זי, זי איז זיך אפילו נישט מודה, אבער איך בין זיכער, אז איהר זענט די סבה דערפון... טא הערט מיך אויס: איהר קאנט אודאי מיינען, אז איך זוך הויכע ראנגען, גרויסע עשירות, טא גלויבט נישט דערין: איך וויל נאר, מיין טאכטער זאל זיין גליקליך. אייער איצטיגער מעמד איז נישטא וואס מקנא-צו-זיין, אבער ער קאן זיך פערבעסערן: איהר האט א פערמעגען. אייך האט ליעב מיין טאכטער און זי איז דערצויגען אזוי, אז זי קאן געבען גליק א מאן. איך בין רייך, זי איז ביי מיר א בת-יחידה... זאגט, וואס האלט אייך אב? איהר זעהט דאך, אז נישט איך האב אייך בע-דארפט דאס אלץ זאגען, אבער איך פערלאז מיך אויף אייער הארץ, אויף אייער עהרע... דערמאהנט זיך, אז זי איז ביי מיר א בת-יחידה... איינע...

זי האט זיך צעוויינט...

„פירשטין,—האב איך געזאגט,—עס איז מיר נישט מעגליך אייך צו ענטפערן, דערלויבט מיר צו ריידען מיט אייער טאכ-טער אונטער פיער אויגען...“

—קיינמאל נישט!—האט זי אויסגעשריען און זיך אויפגע-הויבען פון שטוהל שטארק אויפגערעגט.

„ווי איהר ווילט.“—האב איך געענטפערט און זיך מכין-געווען אוועקצוגעהן.

זי האט זיך פערטראכט, געגעבען מיט דער האנד מיר א צייכען, איך זאל צו-ווארטען, און איז ארויסגעגאנגען

אוועק א מינוט פינף. דאס הארץ האט מיר שטארק גע-קלאפט, אבער די געדאנקען זענען געווען רוהיג. ווי איך האב נישט געזוכט אין מיין הארץ עפיס א שפור פון ליעבע צו דער פירשטין מערי, אבער אומזיסט.

... האט זיך געעפענט די טהיר און זי איז אריין. גאט!

ווי זי האָט זיך פערענדערט פון יענער צייט אָן, וואָס איך האָב זי געזעהן—און ווי לאַנג איז דאָס?

דערגאַנגען ביז׳ן מיטען צימער, האָט זי זיך אַ וואַקעל געטהאָן. איך בין אויפגעשפרונגען, דערלאַנגט איהר די האַנד און דערפיהרט זי צום שטוהל.

איך בין געשטאַנען געגען איהר. מיר האָבען לאַנג געשוויגען. איהרע גרויסע אויגען, אָנגעפילט מיט אונדערקלערליכען טרויער, האָבען אַזוי ווי געזוכט אין מיינע עפּיס אַזוינס, וואָס איז עהנליך צו האָפנונג. איהרע בלאַסע ליפען האָבען אומזיסט געפּרובט שמייכלען. איהרע צאַרטע הענד, צוזאַמענגעלעגט אויף די קניה, זענען געווען אַזוי אויסגעמאָגערט און דורכזיכטיג, אַז זי האָט מיר באַנג געטהאָן.

„פּירשטין,—האָב איך געזאָגט,—איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב געשפּאַסט מיט אייך... איהר בעדאַרפט מיך פעראַכטען...”

אויף איהרע באַקען האָט זיך בעוויזען אַ קרענקליכע רויטקייט

איך האָב ווייטער געזאָגט: „הייסט עס, אַז איהר קאָנט מיך נישט ליעבען...”

זי האָט זיך אָבגעקעהרט, זיך אָנגעלעהנט אָן שטוהל, פערדעקט מיט׳ן האַנד די אויגען, און מיר האָט אויסגעוויזען, אַז אין זיי האָבען זיך בעוויזען טרעהרען.

—גאָט מיינער!—האָט זי אַרויסגעזאָגט קוים צום הערען.

עס איז געוואָרען אונדערטרעגליך: נאָך איין מינוט—און איך וואָלט געפאַלען צו איהרע פיס.

„זעהט איהר, אַלזאָ, אַליין,—האָב איך געזאָגט, אויף וויפיעל איך האָב געקאָנט, מיט אַ פעסטען קול און מיט אַ געצוואונגענעם שמייכעלע,—איהר אַליין זעהט-איין, אַז איך קאָן מיט אייך נישט חתונה-האָבען. ווען איהר וואָלט עס אפילו געוואָלט, וואָלט איהר אויך באַלד חרטה-געהאַט. דער געשפּרעך מיט אייער מוטער צווינגט מיך, איך זאָל ריידען מיט אייך אַזוי אָפען און אַזוי גראָב. זי איז ווארשיינליך גענאַרט: איהר וועט זי לייכט אַרויספיהרען פון טעות. איהר זעהט דאָך, אַז איך שפּיעל אין

אייערע אויגען אַ נישטיגע און אַ מאוס'ע ראָל און בין מיך אַליין מודה דערין. דאָס איז גאָר, וואָס איך קאָן טהאָן פאַר אייך. וואָס פאַר אַ שלעכטע מיינונג איהר זאָלט וועגען מיר נישט האָבען, נעהם איך זי אָן פאַר גוט... זעהט איהר, ווי געמיין איך בין געגען אייך?.. נישט וואָהר, ווען איהר וואָלט מיך אפילו יאָ ליעב געהאַט, וואָלט איהר מיך אויך פון דעמדאָזיגען מאָמענט אָן פערהאַסט..."

זי האָט זיך אָבגעקעהרט צו מיר בלאַס, ווי מאַרמאָר, אָבער די אויגען האָבען איהר וואונדערליך-שען געגלאַנצט.

—איך פערהאַס אייך...—האָט זי געזאָגט.

איך האָב בעדאַנקט, זיך בכבוד'יג פערנויגט און אַרויסגעגאַנגען. אין אַ שעה אַרום האָט מיך אַ קוריערן-טראָיקע אַוועקגעטראָגען פון קיסלאָוואָדסק. ביי עטליכע וויאָרסט פון יעסענטוקי האָב איך דערקאָנט נעבען וועג דעם גוף פון מיין וואויל פערדעל. דער זאָטעל איז נישט געווען—אַ פאַרבייפאָהרענדיגער קאָזאַק האָט איהם מסתמא אַראָבגעג'לקחנ'ט. אָבער אָנשטאָט דעם זאָטעל זענען אויפ'ן רוקען געזעסען צוויי קראָהען. איך האָב אָבגעזיפצט און זיך אָבגעקעהרט...

אין אפילו איצט, דאָ, אין דערדאָזיגער לאַנגווייליגער פעסטונג, לויף איך עפטער דורך מיט'ן געדאַנק דעם עבר און פרעג זיך: פאַרוואָס האָב איך נישט געוואָלט אַרויפטרעטען אויף יענעם וועג, וואָס דער מזל האָט מיר געעפענט און וואו עס האָבען געוואַרט אויף מיר שטילע פריידען און גייסטיגע רוה?.. ניין, איך וואָלט מיך נישט צוזאַמענגעלעבט מיט אַזאַ לעבען! איך בין, ווי אַ מאַטראָז, וואָס איז געבוירען און אויסגעוואַקסען אויפ'ן דעק פון אַ באַנדיטען-שיפעל: זיין נשמה איז צוזאַמענגעלעבט געוואָרען מיט שטורם-ווינדטען און געפעכטען און, אַרויסגעשליידערט אויפ'ן ברעג, פייניגט ער זיך אין לאַנגווייליגקייט, כאָטש עס מעג איהם ווי ציהען אַ שאָטענדיג וועלדעל, ווי לייכטען אַ רוהיגע זון. און אַ גאַנצען טאָג געהט ער אַרום איבער'ן זאַמד פון ברעג, הערט זיך צו צו דעם איינטעניגען גערויש פון די אַנטלויפענדיגע וואַלען און קוקט-אַריין אין דער נעבעלדיגער ווייטקייט אַריין:

אפשר ווייזט זיך דאָרט אויף דעם בלאַסען שטריך, וואָס טיילט-
אָב דעם בלויען ים פון די גרויע וואָלקענס, דער געווינשטער
זעגעל, וואָס איז פון אָנהויב ענליך צו אַ פליגעל פון אַ ים-
פויגעל, אָבער ביסלעכווייז ווערט ער אָבגעטיילט פון דעם וואַ-
לען-שוים און מעסיג דערנעהנט ער זיך צו דעם וויסטען האַפען...

III.

## דער פאַטאַליסט.

איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו וואוינען אַ צוויי וואָכען אין אַ קאָזאַקען-ישוב אויפ'ן לינקען פלאַנג. דאָ איז אויך גע-שטאַנען אַ באַטאַליאָן פוסמיליטער. די אָפיצירען פלעגען זיך לויט אַ סדר פערזאַמלען איינער ביים צווייטען און אין אָווענד פלעגט מען שפּיעלען אין קאָרטען.

איינמאָל, בשעת דאָס שפּיעל אין באָסטאָן איז נמאס-גע-וואָרען און מען האָט אַ וואָרף געטהאָן די קאָרטען אונטער'ן טיש, האָט מען זעהר לאַנג פערבראַכט ביים מאַיאָר ס. דער שמועס איז דוקא, נישט ווי אַלעמאָל, געווען זעהר טשיקאַווע. מען האָט געשמועסט וועגען דעם, אַז די מאַהמעדאַנישע אמונה: דעם מענ-שענס מזל איז אָנגעשריבען אויפ'ן הימעל—געפינט אויך צווישען אונז אַ סך אָנהענגער און יעדער האָט דערצעהלט פערשידענע אונגעוועהנליכע צופאַלען פאַר אָדער געגען.

—אָבער דאָס אַלץ, מיינע הערן, דערקלערט גאָרנישט,— האָט געזאָגט דער אַלטער מאַיאָר.—קיין איינער פון אונז איז

דאָך נישט געווען קיין עדות פון דידאָזיגע אויסטערלישע צופאַלען, וואָס אויף זיי שטיצט איהר אייערע מיינונגען?

—געוויס, קיינער נישט,—האָבען פיעל געזאָגט—אָבער מיר האָבען געהערט פון זיכערע מענשען...

—וואָס פאַר אַ מין נאַרישקייט!—האָט עמיץ געזאָגט.—וואו זיינען דאָס פאַרהאַן די זיכערע מענשען, וואָס האָבען אַליין געזעהן די רשימה, אויף וועלכען עס געפינט זיך די שעה פון אונזער טויט?.. און אויב די שעה איז באמת בעשטימט, טאָ צו וואָס איז אונז געגעבען געוואָרען ווילען און שכל? צו וואָס בעדאַרפען מיר זיך אָבגעבען אַ רעכנונג אין אונזערע מעשים?

אין דער אייגענער צייט איז צוגעגאַנגען צום טיש אַן אָפיציר, וואָס איז פריהער געזעסען אין ווינקעל; ער האָט אַלעמען רוהיג און פייערליך בעטראַכט. לויט דער אָבשטאַמונג איז ער געווען אַ סערב, ווי דאָס האָט זיך אויך געלאָזט פערשטעהן פון זיין נאָמען.

אויסערליך האָט דער פּאָרוטשיק וואוליטש אַקוראַט האַרמאָנירט מיט זיין כאַראַקטער. אַ הויכע וואוקס און אַ טונקעל געזיכט, שוואַרצע האָהר, שוואַרצע דורכדרינגליכע אויגען, אַ גרויסע, אָבער אַ מעסיגע נאָז,—דאָס אַלץ איז אַזוי ווי בעשטימט געווען דערויף, ער זאָל האָבען דאָס אויסזעהן פון אַ בעזונדערן מין וועזען, וואָס איז נישט פעהיג צו פערטרויען זיינע געדאַנקען און ליידען פאַר יענע, וואָס דער מזל האָט זיי איהם געגעבען פאַר חברים.

ער איז געווען דרייסט, גערעדט וועניג, אָבער שאַרף, ער האָט קיינעם נישט פערטרויט זיינע סודות און די סודות פון זיין פאַמיליע. קיין בראָנפען האָט ער נישט געטרונקען, אַרום די יונגע קאָזאַקען-מיידלעך, וואָס זייער רייץ איז שווער צו בעגרייפען, נישט-זעהענדיג זיי,—האָט ער זיך קיינמאָל נישט געדרעהט, דאָך האָט מען אונטערגעמורמעלט, אַז דעם פּאָלקאָווניקס ווייב איז נישט גלייכגילטיג צו זיינע אויסדרוקספולע אויגען. אָבער ער פלעגט זיך בייזערן נישט אויף געלעכטער, ווען מען פלעגט איהם מרמז-זיין וועגען דעם.

געהאַט האָט ער אָבער איין תאוה, וואָס ער האָט נישט

פערבאָרגען—די תאוה צו קאָרטענשפּיעל. ביים גרינעם טישעל האָט ער פערגעסען אָן אַלץ, און פלעגט געוועהנליך פערשפּיעלען. אָבער דאָס, וואָס איז איהם קיינמאָל נישט געגאַנגען, פלעגט איהם נאָכמעהר צורייצען. מען האָט דערצעהלט, אַז איינמאָל ביינאַכט, בשעת אַן׳עקספּעדיציע, האָט ער אויפ׳ן קישען געהאַלטען באַנק. איהם איז שרעקליך געגאַנגען. פּלוצלונג האָט מען גענומען שיסען, אַלאַרמירען, אַלע האָבען אָנגעהויבען שרייען און זיך אַ וואָרף געטהאָן צום געוועהר. „שטעל די באַנק!״—האָט וואוליטש געשריען צו איינעם פון זיינע סאַמע פייערדיגסטע פּאַרטנערן און זיך נישט אויפגעהויבען פון אָרט. — עס געהט דאָס זיבעטעל,—האָט יענער געענטפערט, אַנטלויפענדיג. אָבער נישט-געקוקט אויף דער גרויסער מהומה, האָט וואוליטש אויסגעלעגט די טאַליע. די קאָרט איז אַרויס.

אַז ער איז געקומען אין דער קאַמפּס-ליניע, איז שוין דאָרטען געגאַנגען אַ שטאַרקע שיסעריי. וואוליטש האָט גאָרנישט געטראַכט פון די קוילען און פון די טשעטשענישע שווערדען. ער האָט באַלד אָבגעזוכט זיין גליקליכען פּאַרטנער.

—דאָס זיבעטעל איז אַרויס!—האָט ער אויסגעשריען, אַז ער האָט איהם דערזעהן אין דער קאַמפּס-ליניע פון שיסער, וואָס האָבען אָנגעהויבען אַרויסצושטופּען דעם שונא פון וואַלד. און אַז ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער, האָט ער אַרויסגענומען זיין ביי-טעלע פון בוזעמטאַש און אויסגעצאָהלט דעם גליקליכען שפּיעלער, כאָטש יענער האָט איהם אָנגעוויזען, אַז דאָס איז נישט קיין פּאַסענד אָרט צו צאָהלען. דערפילט דעמדאָזיגען אונאָנגענעהמען חוב, האָט ער זיך געוואָרפען פּאַראויס, אַוועקגעשלעפּט נאָך זיך די סאָלדאַטען און ביז׳ן סאַמע סוף זעהר קאַלט זיך דורכגעשאָסען מיט די טשעטשענצעס.

אַז דער פּאָלקאָווניק וואוליטש איז צוגעגאַנגען צום טיש, זענען אַלע אַנטשוויגען געוואָרען: מען האָט געוואַרט, ער זאָל אַרויסוואַרפען עפּיס אַן׳אָריגינעלען שפּיצעל.

—מיינע הערן!—האָט ער געזאָגט (זיין קול איז געווען אַ רוהיגער, הגם מיט אַ טאָן נידעריגער, ווי געוועהנליך)—צו וואָס

זיך שפּאַרען אומזיסט? איהר ווילט ראיות? איך לעג אייך פאָר אויסצופּרובען אויף זיך, צי קאָן אַ מענש זיין אַ פרייער בעל-הבית איבער זיין לעבען אָדער יעדען פון אונז איז שוין פון פריהער בעשטימט די שרעקליכע מינוט... ווער וויל?

—איך וויל נישט! איך וויל נישט!—האָט מען גענומען שרייען פון אַלע זייטען.—אָט איז אַ מאָדנער מענש! וואָס עס קאָן איהם קומען אין קאָפּ אַריין!..

„איך לעג-פאָר אַ געוועט",—האָב איך געזאָגט אין שפּאַס.

—וואָס פאַר אַ געוועט?

„איך זאָג, אַז עס איז פאָראויס נישט בעשטימט,—האָב איך מיך אָנגערופען און אויסגעשאָטען אויפ'ן טיש אַ פּאָר צעהנדליג דוקאַטען.—דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב אין קעשענע.

—געהען מיר אין געוועט,—האָט וואוליטש געענטפערט מיט אַ מאַטען קול.—מאַיאָר, איהר וועט זיין דער אויסגלייכער. אָט זענען פופצעהן דוקאַטען. די איבעריגע פינף זענט איהר מיר שולדיג און איהר וועט מיר טהאָן אַ געפעליגקייט, ווען איהר וועט זיי דערלעגען צו די.

—רעכט!—האָט געזאָגט דער מאַיאָר.—אָבער, כלעבען, איך ווייס נישט, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך און ווי אַזוי איהר וועט בעשליסען די זאַך...

וואוליטש איז שווייגענדיג אַריינגעגאַנגען אין דעם מאַיאָרס שלאָפצימער; מיר זענען אַוועק נאָך איהם. ער איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנד, וואו עס איז געהאַנגען געוועהר און האָט פון טשוואָק אַראָבגענומען, ווי עס האָט זיך געמאַכט, איינעם פון די פערשידענע פּיסטאָלעטען. מיר האָבען איהם נאָך אַלץ נישט פערשטאַנען. אָבער אַז ער האָט אָבגעדריקט דאָס אייזענדעל און אָנגעשאָטען פּולווער, האָבען מיר נישט-ווילענדיג אויסגעשריען און אָנגעכאַפּט איהם ביי די הענד.

—וואָס ווילסטו טהאָן? הער-נאָר, דאָס איז משוגעת!—האָט מען געשריען צו איהם.

—מיינע הערן!—האָט ער לאַנגזאַם געזאָגט און בעפרייט זיין האַנד.—ווער וויל פאַר מיר צאָהלען צוואַנציג דוקאַטען?

אַלע האָבען געשוויגען און זיך אָבגערוקט.

וואוליטש איז אַרויס אין צווייטען צימער און זיך אַנידער־געזעצט ביים טיש. אַלע זענען אַוועק נאָך איהם. מיט אַ צייכען האָט ער אונז געבעטען, מיר זאָלען זיך זעצען. שווייגענדיג האָבען מיר איהם געפאָלגט. אין דערדאָזיגער מינוט האָט ער עפּיס געקראָגען איבער אונז אַ געהיימע מאַכט. איך האָב איהם שאַרף אַריינגעקוקט אין די אויגען אַריין, אָבער מיט אַ רוהיגען און אונבעוועגליכען בליק האָט ער בעגעגענט מיין פאָרשענדיגען בליק און זיינע בלאַסע ליפּען האָבען געשמייכעלט. אָבער נישט־געקוקט אויף זיין קאַלטבלוטיגקייט, האָט מיר אויסגעוויזען, אַז איך זעה דעם שטעמפּעל פון טויט אויף זיין בלאַסען פּנים. איך האָב בעמערקט, און אַ סך אַלטע מיליטערלייט האָבען בעשטעטיגט מיין בעמערקונג, אַז אויף דעם פּנים פון אַ מענשען, וואָס בעדאַרף שטאַרבען אין עטליכע שעה אַרום, איז עפּטער פאַרהאַן עפּיס אַ מאָדנער צייכען פון דעם, וואָס מוז געשעהן, און דאָס געניטע אויג קאָן זיך שוין דערין נישט טועה־זיין.

„איהר וועט היינט שטאַרבען!“—האָב איך איהם געזאָגט.

ער האָט זיך שנעל אָבגעקעהרט צו מיר, אָבער געענטפערט האָט ער לאַנגזאַם און רוהיג:

—אפשר—יאָ און אפשר—ניין... דערנאָך האָט ער זיך אָבקעהרט צום מאַיאָר און געפרעגט, צי דער פּיסטאָלעט איז אָנגעלאָדען. אָבער, אַ צומישטער, האָט דער מאַיאָר רעכט נישט געדענקט.

—אָבער גענוג, וואוליטש!—האָט עמיץ אויסגעשריען.—ער איז זיכער אָנגעלאָדען, אויב ער איז געהאָנגען צום קאָפּ. וואָס איז דאָס פאַר אַ טבע צו שפּאַסען!..

—אַ נאַרישער שפּאַס!—האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט.

—איך שטעל פופציג רובל געגען פינף, אַז דער פּיסטאָלעט איז נישט קיין אָנגעלאָדענער!—האָט געשריען אַ דריטער.

האָט מען זיך פון דאָסניי געגומען וועטען.

מיר איז נמאס־געוואָרען דידאָזיגע לאַנגע צערעמאָניע.

„הערט,—האָב איך געזאָגט,—אָדער דערשיסט זיך, אָדער

הענגט-אויף דעם פיסטאָלעט אויף דעם פריהערדיגען אָרט און מיר וועלען געהן שלאָפען.״

—נאַטירליך,—האָבען אַנדערע אויך אונטערגעהאַלטען—קומט שלאָפען.

—מיינע הערן, איך בעט אייך נישט צו ריהרען זיך פון אָרט!—האָט וואוליטש געזאָגט און צוגעשטעלט צום שטערען דאָס לאָך פון פיסטאָלעט.

אַלע זענען אַזוי ווי פערשטיינערט געוואָרען.—הער פע-טשאָרין!—האָט ער צוגעגעבען.—נעהמט אַ קאָרט און גיט אַ וואָרף אין דער הויך.

איך געדענק, ווי איצט, אַז איך האָב גענומען פון טיש אַ רויטע טויז און אַ וואָרף געטהאָן אין דער-הויך. ביי אַלעמען איז געבליבען שטעהן דער אָטעם. אַלע אויגען האָבען אויסגע-דריקט אימה און אַ מין אונבעשטימטע נייגיריגקייט; זיי זענען גע-לאָפען פון פיסטאָלעט צו דער שרעקליכער טויז, וואָס האָט גע-ציטערט אין לופטען און זיך לאַנגזאַם אַראָבגעלאָזט; און אין דער רגע, ווען די קאָרט האָט בעריהרט דעם טיש, האָט וואו-ליטש אָנגעדריקט דאָס שיס-צינגעלע... זיך פערהאַקט!

—גאָט צו דאַנקען! האָט מען אויסגעשריען.—נישט אָנגע-לאָדען...

—מיר וועלען אָבער אַ קוק טהאָן,—האָט וואוליטש געזאָגט. ער האָט פון דאָסניי אָנגעשטעלט דאָס שיס-צינגעלע און זיך גע-נומען ציעלען אין אַ היטעל, וואָס איז געהאָנגען איבער'ן פענ-סטער. עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס, דאָס צימער איז אָנגע-פילט געוואָרען מיט רויך. אַז דער רויך איז צוגאַנגען, האָט מען אַראָבגענומען דאָס היטעל: סאַמע אימיטען איז דאָס געווען דורכגעשאָסען, און די קויל איז אַריין טיעף אין וואַנד.

אַ מינוט דריי האָט קיינער קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויס-ריידען. וואוליטש האָט גאַנץ רוהיג אַריינגעשאָטען צו זיך אין בייטעלע אַריין מיינע דוקאַטען.

מען האָט גענומען שמועסען וועגען דעם, פאַרוואָס האָט דער פיסטאָלעט צום ערשטען מאָל נישט אויסגעשאָסען. מאַנכע

האָבען אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז ער איז געווען פערשטויבט; אַנדערע האָבען אונטערגעמורטעלט, אַז פריהער איז דער פולווער געווען אַ פייכטער, נאָר דערנאָך האָט וואוליטש צוגע-שאָטען פרישען פולווער. אָבער איך האָב אויפגעוויזען, אַז די-דאָזיגע מיינונג איז נישט קיין ריכטיגע, ווייל איך האָב די גאַנ-צע צייט נישט אַראָבגענומען די אויגען פון פיסטאָלעט.

„איהר זענט גליקליך אין שפּעלען!"—האָב איך געזאָגט וואוליטש'ן...

—דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען,—האָט ער געענטפערט און צופרידען געשמייכעלט.—דאָס איז בעסער פון אַ באַנק אין שטאָס.

„אָבער עטוואָס געפעהרליכער."

—נו, וואָס? גלויבט איהר שוין אין דער בעשטימטער שעה?

„איך גלויב. אָבער איך פערשטעה נישט, פאַרוואָס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איהר מוזט דורכאויס היינט שטאַרבען..."

אָבער דערדאָזיגער מאַן, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַזוי רוהיג זיך געציעלט אין שטערען אַריין, איז פּלוצלונג רויט גע-וואָרען און זיך פערשעמט.

—דאָך איז גענוג!—האָט ער געזאָגט און זיך אויפגעהוי-בען—דער געוועט איז געענדיגט און אייערע איצטיגע בעמער-קונגען זענען, דאַכט מיר, גאָרנישט פּאַסיג...—ער האָט גענומען דאָס היטעל און איז אַוועקגעגאַנגען. דאָס האָט מיר אויסגעוויזען מאָדנע—און נישט אומזיסט.

איינגיכען זענען אַלע אַוועק אַהיים, שמועסענדיג אויף פער-שידענע אופנים פון וואוליטשעס משונה'דיגע שפּיצלעך, און דער-ביי מסתמא אָנגערופען מיך עגאָאיסט, ווייל איך האָב געמאַכט אַ געוועט געגען אַ מענשען, וואָס האָט זיך געוואָלט דערשיסען. פונקט ווי אָהן מיר וואָלט ער נישט געפונען קיין בעקוועמע געלעגענהייט...

איך האָב מיך צוריקגעקעהרט אַהיים דורך די טויטע היג-טערגעסלעך פון'ם ישוב. אַ פולע רויטע לבנה, ווי דער פלאַם פון אַ שרפה, האָט זיך בעוויזען הינטער די שפּיציגע הייזער. רוהיג

האָבען געלויכטען די שטערען אויף דעם טונקעל-בלויען הימעל,
און קאָמיש איז מיר געווען, בשעת איך האָב מיך דערמאָהנט,
אַז אַמאָל זענען געווען קלוגע מענשען, וואָס האָבען געמיינט, אַז
שטערען אין הימעל בעטייליגען זיך אין אונזערע נישטיגע קריע-
גערייען איבער אַ שטיקעל ערד אָדער איבער אויסגעטראַכטע
רעכט. און וואָס? דידאָזיגע ליכטער, וואָס זענען אָנגעצונדען גע-
וואָרען, לויט זייער מיינונג, צו בעלייכטען זייער קאַמף אָדער
נצחון, ברענען מיט דעם אַמאָליגען ליכט, אָבער די ליידענשאַ-
פטען און האָפנונגען פון יענע מענשען זענען לאַנג פערלאָ-
שען געוואָרען צוזאַמען מיט זיי, ווי דאָס פייערל, וואָס אַ זאָרג-
לאָזער וואַנדערער האָט אָנגעצונדען ביים ברעג פון וואַלד. אָבער
וואָס פאַר אַ ווילענסקראַפט האָט דערפאַר אין זיי אויסגעאַרבייט
די איבערצייגונג, אַז דער גאַנצער הימעל מיט אַלע זיינע אונ-
צעהליגע איינוואוינער קוקט אפילו אויף זיי מיט שטומען אָנטייל,
דערפאַר אָבער שטענדיג און אייביג!.. און מיר, די עלענדע קינ-
דער זייערע, וואָס וואַנדערן-אַרום איבער דער ערד אָהן איבער-
צייגונג און אָהן שטאָלץ, אָהן פערגעניגענס און אָהן שרעק, אוי-
סער יענער אונגערעכדיגער מורא, וואָס דריקט-צוזאַמען דאָס
האַרץ ביים געדאַנק וועגען דעם אונפערמיידליכען סוף—מיר זע-
נען מעהר נישט פעהיג צו גרויסע קרבנות נישט פאַר'ן וואויל-
שטאַנד פון דער מענשהייט און נישט פאַר'ן אייגענעם גליק,
ווייל מיר ווייסען, אַז עס איז אונמעגליך, און גלייכגילטיג געהען
מיר איבער פון צווייפעל צו צווייפעל, ווי אונזערע אורעלטערן
פלעגען זיך וואַרפען פון טעות צו טעות; אָבער מיר האָבען נישט,
ווי זיי, נישט די האָפנונג, נישט אפילו יענע אונבעשטימטע, נאָר
שטאַרקע תענוגים, וואָס די נשמה געפינט אין יעדען קאַמף מיט
מענשען אָדער מיט'ן מזל...

און נאָך אַזוינע רעיונות זענען מיר געקומען אין קאָפּ
אַריין. איך האָב זיי נישט פערהאַלטען, ווייל איך האָב מיך נישט
ליעב אָבצושטעלען אויף עפּיס אַנ'אַבסטראַקטען געדאַנק. און וואָס
גיט עס? אין מיין ערשטער יוגענד בין איך געווען אַ טרוימער.
איך האָב ליעב געהאַט נאָכאַנאַנד צו צערטלען אַמאָל טריבע

און אַמאָל ליכטיגע געשטאַלטען, וואָס מיר האָט געמאָלט מיין אונרוהיגער און דורשטיגער דמיון. אָבער וואָס האָב איך דערפון געהאַט? בלויז מיעדקייט, ווי נאָך אַ נאַכט-קאַמף מיט אַ טרוים-געשטאַלט, און אַ נעבעלהאַפטע ערינערונג, וואָס איז פול בעדויערונג. אין דעמדאָזיגען אומזיסטען קאַמף האָב איך גע׳פטר׳ט דאָס פייער פון דער נשמה און די בעשטענדיגקייט פון ווילען, וואָס זענען נויטיג פאַר׳ןווירקליכען לעבען. אין דעמדאָזיגען לעבען בין איך אַריינגעטראָטען נאָכדעם, ווי איך האָב עס שוין איבערגעלעבט אין געדאַנק און נמאס און לאַנגווייליג איז עס מיר געוואָרען, ווי יענעם איינעם, וואָס לייענט אַ שלעכטע נאָכאַמונג פון אַ לאַנג-בעקאַנטען בוך.

דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין היינטיגען אָוונד, האָט אויף מיר געמאַכט אַ גאַנץ שטאַרקען רושם און צורודערט די נערוועז. איך ווייס נישט זיכער, צי איך גלויב איצט, אַז אַלץ איז פאַר אונז פאָראויס בעשטימט אָדער נישט, אָבער בשעת-מעשה האָב איך דערין פעסט געגלויבט. דער בעוויז איז געווען אַ געוואַלטיגער, און איך, כאָטש איך האָב גע׳חוזק׳ט איבער אונזערע אורעלטערן און זייער אַסטראָלאָגיע, בין דאָך נישט-ווילענדיג אַריינגעפאַלען אין זייער ליניע. אָבער אויף דעמדאָזיגען געפעהרליכען וועג בין איך געבליבען שטעהן נישט צו-שפעט, און געדענקענדיג דעם כלל, אַז מען בעדאַרף אַלץ נישט אָבוואַרפען קאַטעגאָריש און אויך נישט גלויבען בלינדערהייד אין אַלץ, האָב איך אַוועקגעלעגט די מעטאַפיזיק אין דער זייט און גענומען קוקען אונטער די פיס. אַזאַ מין פאָרזיכטיגקייט איז אפילו נויטיג געווען, וואָרום איך בין שיער-שיער נישט אומגעפאַלען, אָנשטויסענדיג זיך אויף עפיס אַ דיקער און ווייכער בריאה, וואָס האָט, אפנים, נישט געלעבט. האָב איך מיך איינגעבויגען—די לבנה האָט שוין בעלויכטען דעם וועג—און וואָס איז עס געווען? אַ חזיר, צושניטען אויף דער העלפט דורך אַ שווערד... באַלד ווי איך האָב נאָר בעוויזען אַ קוק צו טהאָן דערויף, האָב איך דערהערט טריט הינטער זיך: צוויי קאָזאַקען זענען אַרויסגעלאָפען פון אַ הינטערגעסעל. איינער איז צוגעגאַנגען צו מיר און גע-

פרעגט: צי האָב איך נישט געזעהן אַ שכּור'ן קאָזאַק, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך אַ חזיר. איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך האָב דעם קאָזאַק נישט געזעהן און אָנגעוויזען זיי אויף דעם קרבּן פון געוואַלטיגער העלדישקייט.—דאָס איז אַ גזלן!—האָט געזאָגט דער צווייטער קאָזאַק.—טרינקט ער זיך נאָר אָן, געהט ער שוין שניידען אַלץ, וואָס עס זאָל זיך איהם נישט אונטערדרעהען אונטער דער האַנד. לאָמיר איהם נאָכיאָגען, יערעמעאיטש. מען בּעדאַרף איהם בּינדען, וואָרום אַנישט...

זיי זענען אַוועק און איך בּין מיר געגאַנגען מיין וועג זעהר פאָרזיכטיג און זיך, צולעצט, גליקליך דערשלאָגען צו מיין וואוינונג.

געוואוינט האָב איך בּיי אַנ'אַלטען אוריאַדניק, וועלכען איך האָב ליעב געהאַט פאַר'ן גוטען כאַראַקטער און איבּערהויפּט פאַר זיין שען טעכטערל, נאַסטיע.

ווי געוועהנליך, האָט זי מיך אָבּגעוואַרט בּיים טויער, איינגעהילט אין אַ פּעלצעל. די לבנה האָט בּעלויכטען איהרע ליעבּע ליפּלעך, וואָס זענען בּלוי געוואָרען פון דער נאַכט-קעלט. דערזעהן מיך, האָט זי געגומען שמייכלען, אָבּער זי איז מיר איצט אין זינען נישט געלעגען. „זיי געזונד, נאַסטיע!" האָב איך געזאָגט און אַדורכגעגאַנגען פאַרבּיי. זי האָט עפּיס געוואָלט זאָגען, אָבּער זי האָט בּלויז אָבּגעזיפצט.

איך האָב פערמאַכט הינטער זיך די טהיר פון מיין צימער, אָנגעצונדען אַ ליכט און אַ וואָרף געטהאָן זיך אין בּעט אַריין: דאָסמאָל האָט אָבּער דער שלאָף געלאָזט לאַנג וואַרטען אויף זיך, לענגער ווי אַלעמאָל. דער מזרח איז שוין בּלאַסער געוואָרען, בּשעת איך בּין איינגעשלאָפען. אָבּער אויפ'ן הימעל איז שוין, אַפּנים, אָנגע'חתמ'עט געוואָרען, איך זאָל מיך די נאַכט נישט אויסשלאָפען. אַ זייגער פיער פאַרטאָג האָבּען צוויי פויסטען אָנגעקלאַפּט בּיי מיר אין פענסטער. איך בּין אויפגעשפּרונגען: וואָס איז געשעהן?—שטעה-אויף! טהו זיך אָן!—האָב איך דערהערט עטליכע קולות. איך האָב מיך שנעל אָנגעטהאָן און אַרויסגעגאַנגען.

—ווייסט, וואָס איז געשעהן ?—האָבען מיר דריי אָפיצירען, וואָס זענען געקומען נאָך מיר, אַ זאָג געטהאָן אין איין קול. זיי זענען געוועזען בלאַס, ווי דער טויט.

„וואָס ?"

—וואוליטש איז טויט.

איך בין צומישט געוואָרען.

—יאָ, טויט !—האָבען זיי ווייטער געזאָגט.—קום גיכער.

„אָבער וואוהין ?"

—אין וועג וועלען מיר דיר זאָגען.

מיר זענען אַוועקגעגאַנגען. זיי האָבען מיר דערצעהלט אַלץ, וואָס איז געשעהן, נאָך מיט אַ צומיש פון פערשידענע בעמער-קונגען וועגען דער אויסטערלישער פאָראויס-בעשטימונג, וואָס האָט איהם מציל-געוועזען פון אונפערמיידליכען טויט מיט אַ האַלבער שעה פאַר'ן טויט. וואוליטש איז געגאַנגען אַליין איבער אַ טונ-קעלען געסעל און זיך אָנגעטראָפען מיט'ן שכור'ן קאָזאַק, וואָס האָט צושניטען דעם חזיר. עס קאָן גרייליך זיין, אַז דער קאָ-זאַק וואָלט פאַרבייגעגאַנגען און וואָלט איהם גאָרנישט בעמערקט, ווען וואוליטש וואָלט איהם פּלוצלונג נישט אָבגעשטעלט און נישט געזאָגט: „וועמען זוכסטו, ברודער?"—דיך !—האָט געענטפערט דער קאָזאַק, אַ קלאַפּ געטהאָן איהם מיט'ן שווערד און צושניטען איהם פון אַקסעל כמעט ביז'ן סאַמע הארץ... די צוויי קאָזאַקען, וואָס האָבען מיך בעגעגענט און האָבען נאָכגעיאָגט דעם מערדער, זענען באַלד אונטערגעקומען און אויפגעהויבען דעם פערוואונדע-טען, אָבער ער האָט שוין אַרויסגעלאָזט זיין לעצטען אָטעם. ער האָט נאָר געזאָגט: „ער איז גערעכט !"

איך איינער האָב נאָר פערשטאַנען די טונקעלע בעדייטונג פון דידאָזיגע ווערטער: זיי האָבען זיך בעצויגען צו מיר. איך האָב איהם, דעם אָרימען, גישט ווילענדיג פאָרגעזאָגט זיין מזל. מיין אינסטיקט האָט מיך נישט געגאַרט. איך האָב באמת געזעהן אויף זיין פערענדערטען פנים דעם שטעמפעל פון נאָהנטען טויט.

דער מערדער האָט זיך פערשלאָסען אין אַ לעדיגען הייזעל אין עק ישוב: מיר זענען אַהין אַוועק. צו יענער זייט זענען

פיעל פרויען געלאָפען מיט געוויין. צייטענווייז איז אַרויסגעלאָפען אַ פערשפעטיגטער קאָזאַק, אין איילעניש צוגעשפילעט דעם שווערד און פייל פון בויגען אונז איבערגעיאָגט. געווען אַ שרעקליכע מהומה.

און אָט זענען מיר ענדליך געקומען. מיר זעהען: אַרום הייזעל, וואו טהיר און פענסטער זענען פערהאַקט פון אינווענינ, שטעהט אַנ׳עולם מענשען. אָפיצירען און קאָזאַקען פיהרען צווישען זיך אַ הייסען שמועס. ווייבער יאָמערן און ריידען דערביי. צווישען די ווייבער האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען אַ היבש פנים פון אַ זקנה, וואָס האָט אויסגעדריקט גרויס פערצווייפלונג. זי איז געזעסען אויף אַ גראָבען קלאָץ, אָנגעלעהנט אויף די קניה און דעם קאָפּ אָנגעשפאַרט אויף די הענד. דאָס איז געווען דעם רוצח׳ס מוטער. טיילמאָל האָבען זיך איהר בעוועגט די ליפען... האָבען זיי גאָט געבעטען אָדער געשאָלטען?

מען האָט זיך אָבער בעדאַרפט אויף עפּיס בעשליסען און כאַפּען דעם פערברעכער. קיין איינער האָט זיך אָבער נישט דערוועגט צו לאָזען זיך דער ערשטער.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַ קוק געטהאָן דורכ׳ן שפאַלט פון די לאָדען. ער איז געלעגען אַ בלאַסער אויף דער פּאָדלאָגע, האַלטענדיג אין דער רעכטער האַנד דעם פּיסטאָלעט. אַ פערבלוטיגטער שווערד איז געלעגען נעבען איהם. די אויגען האָבען זיך איהם שרעקליך בעוועגט. צייטענווייז האָט ער אויפגעציטערט און זיך געכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ, פונקט ווי ער וואָלט זיך נישט קלאָר דערמאָהנט אָן דעם נעכטיגען. איך האָב נישט געזעהן קיין געוואַלטיגע גבורה אין דעמדאָזיגען אונרוהיגען בליק און האָב געזאָגט דעם מאַיאָר, אַז אומזיסט הייסט ער נישט אויפברעכען די טהיר פאר די קאָזאַקען, ווארום בעסער בעדאַרף מען עס טהאָן איצט, איידער שפּעטער, ווען ער וועט אינגאַנצען קומען צו די געדאַנקען.

אין דער אייגענער צייט איז אַנ׳אַלטער יעסאַאול צוגעגאַנגען צו דער טהיר און אָנגערופען דעם רוצח ביים נאָמען. יענער האָט זיך אָבגערופען.

—ביזטו בעגאַנגען אַ גרויסען חטא, ברודער יעפימיטש,— האָט געזאָגט דער יעסאַאול—איז פערפאַלען, מוזטו זיך אונטער-געבען.

—איך וויל מיך נישט אונטערגעבען!—האָט געענטפערט דער קאָזאַק.

—אָבער האָב גאָט אין האַרצען! דו ביזט דאָך עפיס נישט קיין פערשאָלטענער טשעטשענעץ, נאָר אַנ׳עהרליכער קריסט. האָסטו געטהאָן אַנ׳עבירה, איז פערפאַלען: דעם מזל וועסטו נישט אויסמיידען.

—איך וועל מיך נישט אונטערגעבען!—האָט אויסגעשריען דער קאָזאַק מעשה-גזלן, און עס האָט זיך געהערט, ווי עס האָט אַ קנאַק געטהאָן דאָס איבערגעדרעהטע שיס-צינגעלע.

—עי, מוהמע!—האָט דער יעסאַאול געזאָגט צו דער אַל-טער.—רייד דו מיט׳ן זוהן: אפשר וועט ער דיך הערען... דאָס איז דאָך אַנ׳עבירה פאַר גאָט. זעהסט דאָך, אָט וואַרטען שוין די הערן צוויי שעה.

די אַלטע האָט איהם שאַרף אָנגעקוקט און אַ שאָקעל גע-טהאָן מיט׳ן קאָפּ.

—וואַסילי פעטראָוויטש,—האָט דער יעסאַאול געזאָגט, צוגע-הענדיג צום מאַיאָר.—ער וועט זיך נישט אונטערגעבען: איך קען איהם. און אַז מען זאָל איופברעכען די טהיר, וועט ער צולע-גען פון אונזערע אַ היבש ביסעל. אפשר וועט איהר הייסען שי-סען אין איהם? אין די לאָדען איז פאַרהאַן אַ ברייטער שפאַלט.

אין דערדאָזיגער מינוט איז מיר דורכגעלאָפען אַ מאָדנער געדאַנק אין קאָפּ: מיר האָט זיך געוואָלט אויספּרובען דעם מזל, פונקט ווי וואוליטש.

„וואַרט-נאָר,—האָב איך געזאָגט צום מאַיאָר,—איך וועל איהם געהמען אַ לעבעדיגען.״ איך האָב געהייסען דעם יעסאַאול פערפיהרען מיט איהם אַ שמועס און אַוועקשטעלען ביים טהיר דריי קאָזאַקען, וואָס זאָלען זיין גרייט זי אויפצוברעכען און אַ וואָרף טהאָן זיך מיר צו-הילף, ווען איך וועל זיי געבען אַ ציי-כען און אַליין בין איך אַדורכגעגאַנגען אַרום הייזעל און זיך

דערנעהנט צום שרעקליכען פענסטער: דאָס הארץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט.

—אָ, דו טריפה׳נער ביין איינער!—האָט געשריען דער יעסאַאול.—דו מאַכסט פון אונז חוזק, צי וואָס? אָדער מיינסטו, אַז איר וועלען דיך נישט נעהמען?—ער האָט אָנגעהויבען קלאַפּען מיט טהיר מיט אַלע כחות. איך האָב דערווייל צוגעלעגט דאָס אויג צום שפּאַלט און נאָכגעקוקט נאָך די אַלע בעוועגונגען פון קאָזאַק, וואָס האָט זיך פון מיין זייט נישט געריכט אויף אַן׳אָנפאַל. איך האָב מיט אַמאָל אַראָבגעריסען דעם לאָדען און זיך אַ וואָרף געטהאָן אין פענסטער אַריין מיט׳ן קאָפּ אַראָב. עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס סאַמע מיר איבער׳ן אויער, די קויל האָט אַראָבגעריסען אַן׳עפּאָלעט. אָבער דער רויך, וואָס האָט אָנגעפילט דעם צימער, האָט געשטערט דעם געגנער מיינעם צו געפינען דעם שווערד, וואָס איז געלעגען נעבען איהם. איך האָב איהם אָנגעכאַפּט פאַר די הענד. דערווייל האָבען זיך אַריינגעריסען די קאָזאַקען, און עס האָט נישט געדויערט קיין דריי מינוט, ווי דער שענער בחור איז שוין געווען געבונדען און איז אָבגעפיהרט געוואָרען אונטער אַ וואַך. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, די אָפיצירען האָבען מיך בעגריסט—און עס איז באמת געווען פאַרוואָס.

און נאָך דעם אַלעמען, ווי ווערט מען טאַקי נישט קיין פאַטאַליסט? אָבער ווער ווייס אויף זיכער, צי מען איז איבערצייגט דערין אָדער נישט?.. און ווי עפטער נעהמען מיר אָן פאַר איבערצייגונג גענאַרטע געפיהלען אָדער געגאַרטע געדאַנקען?.. איך האָב ליעב אין אַלץ צו צווייפלען: דידאָזיגע נייגונג שטערט צו ניין ענטשלאָסען אין כאַראַקטער. אָבער איך געה שטענדיג זיכערער פאָראויס, ווען איך ווייס נישט, וואָס עס וואַרט אויף מיר*). וואָרום ערגער פון טויט וועט גאָרנישט געשעהן—און דעם טויט וועסטו נישט אויסמיידען.

---

*) עס איז פרעהליך אויסצופיהרען דעם מזל, בשעת דו ווייסט, אַז ער קאָן נישט געבען עפּיס ערגערס פון טויט, אַז דער טויט איז אונבאַרמהערציג און אַז דאָס

אַז איך האָב מיך אומגעקעהרט אין פעסטונג, האָב איך מאַקסים מאַקסימיטש'ן דערצעהלט אַלץ, וואָס מיט מיר איז געשעהן און וואָס איך האָב אַליין געזעהן. מיר האָט זיך געוואָלט וויסען זיין מיינונג, צי די שעה פון מענשען איז פאָראויס בעשטימט. פון אָנהויב האָט ער נישט פערשטאַנען דעמדאָזיגען אויסדרוק, אָבער איך האָב איהם ווי-עס-איז פערטייטשט, און דעמאָלט האָט ער שטאַרק אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און אַרויסגעזאָגט:

—דאַ-ס, געוויס! דאָס איז זעהר אַ חכמה'דיגער ענין!.. איבעריגענס, דידאָזיגע אַזיאַטישע שיס-צינגעלעך פערהאַקען זיך זעהר אָפט, אויב זיי זענען שלעכט אָנגעשמירט אָדער נישט גענוג אָנגעדריקט מיט'ן פינגער. איך בין מיך מודה, אַז איך האָב אויך נישט ליעב די טשערקעסישע ביקסען. פאַר אַ נאַש-בראַט זענען זיי עפּיס נישט אָנשטענדיג. די קאָלבע איז אַ קורצע. קוים ביזטו נישט אַזוי פאָרזיכטיג, ווּעסטו זיך די נאָז אָבברענען... דערפאַר אָבער האָבען זיי שווערדלעך—אַ מחיה אין האַנד צו האַלטען.

דערנאָך איז ער אַנטשוויגען געוואָרען און זיך עטוואָס פערטראַכט.

—יאָ, אַ שאָד דעם יונג... דער שוואַרציאָהר האָט איהם געשלעפּט צו פערפיהרען אַ שמועס מיט אַ שכור! איבעריגענס, איז עס איהם מסתמא בעשערט געווען!..

מעהר האָב איך מיך פון איהם נישט געקאָנט דערשלאָגען: ער האָט בכלל נישט ליעב קיין מעטאַפיזישע וכוחים.



לעבען ביי יעדען פון אונז, וואָס איז אָנגעפילט מיט צער אָדער שמחה, ווערט נישט בעמערקט אין דעמדאָזיגען אונענדליכען קעסעל, וואָס ווערט אָנגערופען נאַטור, וואו עס קאָכען, יערען פערשוואונדען און לעבען־אויף פון דאָסניי אַזוי־פיעל לעבענס... וואָרום ערגער פון טויט" א. אַ. וו.